# דֶער

# רֶעדַאקְטָאר

ראָמאן

פון

קנוט האמסון.





דרוק „הצפירה", פאנסקא 40.

ווארשא

תרע"א.

# ДЕРЪ РЕДАКТОРЪ

Романъ.

ВАРШАВА 1911.

Типографія „Гацефира", Панская 40.

פערשידענעם, פערשידענעם פאסירט זיך איף דער וועלט...

אין א הויז אין שטאדט-טייל הענדרעהויגען געהען ארוים צוויי הערען. איינער פון זיי איז דער זוהן פון דער ווירטין פון הויז, דער קאנדידאט אילען, געקליידט אין א העל-גרויען אנצוג, מיט א זיידענעם הוט און א שטעקעל, דער צווייטער איז זיין פריינד און חבר פון גימנאזיע, דער ראדיקאל ענדרע באנדעסען; זיי בלייבען א ווייל שטעהן און קוקען אין דער הויך, אין פענס־טער פון צווייטען שטאק, וואו עס שטעהט א יונג מעדעל מיט געלבליכע האר און שאקעלט זיי צו מיט'ן קאפ; זיי בעגריסען זי אויך מיט א שאקעל מיט'ן קאפ, פערנייגען זיך און געהען אייעק. אילען שרייט צו זיין שוועסטער:

— איף ווידערזעהן, שארלאטע!

באנדעסען איז געקליידט אין א שווארצען, שטייף-צוגעפאס־טען שעוויאט-אנצוג, אין א זיידענעם הוט און א וואלענע העמדער מיט שנירלעך איף דער ברוסט. מען דערקענט גלייך, אז ער איז א ספארטסמען. קיין שטעקעל טראגט ער נישט.

— דעם ארטיקעל האסטו מיט זיך? — זאגט ער.

אילען ענטפערט, אז ער האט דעם ארטיקעל.

— אח, אין אזא שענעם וועטער, מיט אזא הויכען הימעל... גוט איז איצט אויפ'ן בארג פון ה ליגען האנס, אין פעלד — מיט א הויכען הימעל און א גערויש צווישען די בלעטער. ווען איך וועל אלט ווער'ען, וועל איך זיך אין א דארף בעזעצען.

ענדרע באנדעסען האט שטודירט יורי. ער איז אלט געוועזן א יאהר פינף — זעקס און צוואנציג; געהאט שענע וואנסען און

שיטערע, זייערע נאַרטיגע האָר אונטער'ן הוט.

דאָס געזיכט זיינס איז געווען בלאַס, כּמעט דורכזיכטיג, נאָר זיין שאָקלענדיגער אַרט גערן און דאָס מאַכען מיט די הענד האָבען בעוויזען, ווי דרייסט ער איז. ער איז נישט געווען שטאַרק, דערפאַר אָבער פלינק, געשיקט און אויסהאַלטענד, איבריגענס האָט ער שוין מעהר נישט שטודירט, ער איז געפאָהרען וועלאָסיפּעד און געווען אַ ראַדיקאַל. ער האָט זיך דאָס געמעגט ערלויבען: יעדען מאָנאַט האָט ער בעקומען געלד פון דער היים, פון זיין פאָטער, דעם גוטס־בעזיצער אין בערגען, וואָס איז כּלל קיין קאַרגער נישט געווען. ענדרע האָט אַפילו נישט אויסגעגעבען שוין צו פיעל, נאָר דאָך האָט איהם צייטענווייז געלד אויסגעפעהלט, און ער האָט אָפט אַליין דערצעהלט, מיט וואָס פאַר אַ שפּיצלעך איהם איז געלונגען אַרויסצוקריגען פון זיין פאָטער קלענערע סומען אויסער דעם בעשטימטען מאָנאַטליכען געהאַלט. איין מאָל האָט ער, צו'ם ביישפּיעל, אַוועקגעשריבען אַהיים, אַז ער מוז שטודירען די רוימישע געזעצען, און די רוימישע געזעצען קאָן מען שטודירען נאָר אין רוים, דעריבער האָט ער צו בעקומען די קליינע סומע, וואָס איז נויטיג אויף הוצאות צו דער רייזע. און דער פאָטער האָט געשיקט, וויפיעל ער האָט געבעטען.

אילען איז געווען פון איינע יאָהרען מיט באַנדערסען'ען, נאָר ער איז געווען נאָך מאָגערער, עטוואָס קלייניוויקסיגער, קיין וואָנסען האָט ער נישט געטראָגען, געהאַט לאַנגע ווייסע הענד און דינע פיס. די הויט אויף'ן שטערן איבער די נאָז פלעגט טיילמאָל אַ ציטער טהון.

אויף דער גאַס בעגריסען זיי איינעם אַ בעקאַנטען. באַנדערסען זאָגט:

— ווען ער וואָלט נאָר געוואוסט, וואוהין מיר געהען דאָס איצט!

באַנדערסען איז געוועזן אין אַ פּרעכטיגער לוינע. סוף כּל סוף איז איהם דאָך געלונגען איבערצורעדען זיין חבר דעם אַריסטאָקראַט און מאַכען פון איהם אַ ראַדיקאַל. גאַנצע דריי יאָהר אַרבייט האָט דאָס איהם געקאָסט!

דאָס איז פֿאַר איהם אַ טײַערער טאָג געװעזען, און צוליעב אַזאַ געשעהעניש האָט ער זיך זאָגאַר אָפּגעזאָגט פֿון צו מאַכען אַ רײַזע אין אײַדסװאָל. שאַרלאָטטע איז געזעסען און איהם גלײַך אין די אױגען געקוקט, װען ער האָט צו'ם צװאַנציגסטען מאָל אײַנגערעדט איהר ברודער מיט די װיכטיגסטע ראיות. װער װײס, מעגליך, אַז אױף איהר האָט ער אױך אַביסעל געװירקט.

— הער, דעם אַרטיקעל האָסטו מיט זיך? — װידערהאָלט ער. — דו האָסט איהם נישט פֿערגעסען אױפ'ן טיש?

אילען גיעט זיך אַ קלאַפּ אױף אַ זײַטען־קעשענע און ענטפֿערט נאָך אַ מאָל, אַז ער האָט דעם אַרטיקעל.

— איבעריגענס װאָלט נישט געװעזען אַזאַ אומגליק אַפילו װען ער װאָלט אױפ'ן טיש געבליבען, — גיעט ער צו: — דערצו נאָך גלױבט זיך מיר נישט, ער זאָל איהם אָננעהמען.

— ער װעט אָננעהמען, אָננעהמען — ענטפֿערט באַנדעסען: — לונגע װעט איהם גרײַך אָננעהמען. דו קענסט נישט דעם רעדאַקטאָר לונגע. אין אונזער לאַנד זענען װעניג דאָ מענשען, װעלכע איך אַכט אַזױ שטאַרק, װי איהם; איך האָב זיך פֿיעל פֿון איהם אױסגעלערנט, װען איך בין נאָך אַ קינד געװעזען און אין דערהײם געלעבט, און יעדעס מאָל, װען איך דערזעה איהם אױף דער גאַס, האַפּט מיך אָן אַ געפֿיהל פֿון װאַרעמער דאַנקבאַרקײַט. אַ כאָדנער געפֿיהל דאָס איז, זאָלסט װיסען! צי דען האָסטו שױן אַ מאָל געזעהן נאָך אַזאַ מין טאַלענט? דרײַ פֿיער שורות אין זײַן צײַטונג דריקען אױס אַזױ פֿיעל, װיפֿיעל אַ גאַנצע זײַט אין אַנדערע צײַטונגען. ער שלאָגט שטאַרק, יאָ, נאָר רעכט אױף זײ, זײ האָבען דאָס פֿערדיענט. דו האָסט געלײענט אין לעצטען נומער די קלײנע נאָטיץ װעגען מיניסטעריום? די ערשטע זעקס שורות קורץ, געלאַסען, אָהן אַ שום בעהאַלטענער בײזקײַט, נאָר דערפֿאַר די זיעבענטע, אײן און אײנציגע שורה — אַ געװאַלדיגער קלאַפּ, און די נאָטיץ װערט געענדיגט, איבערלאָזענדיג נאָך זיך געװאַלדיגע בלוטיגע שפּורען. יאָ, יאָ, ער איז פֿעהיג אױף אַזעלכע זאַכען!... אַז דו װעסט קומען צו איהם, זאָג איהם, בלומרשט, אַזױ און אַזױ, האָסט שױן אַביסעל פֿון לאַנג געשריבען,

עפעס שוין אין אויכלאנד געשיקט , און נאך מעהר האסטו אין קאפ . מיט די ווערטער וועסטו פאר איהם דעם ארטיקעל אניע-דערלעגען . ווען מיר וואלט נאר אויך אויסגעקומען צוליעב עפעס צו געהן צו איהם ! נאר ווען איך וועל אליין עפעס אנשרייבען , איך מיין שפעטער , אין קינפטיגען יאהר פיליישט , אזוי וועסטו מיר טהון א טובה טהון און דאס אבטראגען צו איהם . יא , דו וועסט עס מיר שוין מוזען טהון , ווייל מיר אליין וועט אויספעהלען מוט , איך ווייס , — דען ער האט דאך אזא שטארקען איינפלוס אויף מיר .

— דו רעדסט , פונקט ווי איך וואלט שוין ווירקליך געווען א גאנצער בן-בית אין דער „צייטונג“ .

— פערשטעהסטו מיך , צווישען מיר און דיר איז א גרויסער אונטערשייד . דו וועסט קומען צו איהם מיט אנ'אלט'ן אריסטאקראטישען נאמען , נישט יעדער האט דאך די זכיה צו הייסען אילען ; אויסער דעם , שרייבסטו דאך וויסענשאפטליכע ארטיקלען .

— אבער לויף נישט אזוי ! — האט אילען אויסגעשריען .

— איך קאן דאך נישט אריינקומען צו איהם אינגאנצען מיט שווייס בעגאסען .

— יא , דו האסט רעכט ! דו מוזט אריינקומען צו איהם גאר רוהיג . און איך וועל אונטערוואַרטען אונטען , ביז דו וועסט ארויסקומען . . . דער דאזיגער בער גאיברא האט געזאגט , אז ער לייענט שוין נישט מעהר די „צייטונג“ . וואס אנ'אמת , עס פאסט פאר איהם מיט זיין בילדונג , ער , פערשטעהט זיך , לייענט גארנישט .

— ניין , ער לייענט זעהר פיעל . — זאגט אילען .

— גאיברא ? גאיברא לייענט פיעל ! נאר אייב מען וויל אכטונג געבען אויפ'ן פראגרעס און אליין זיין א פראגרעסיווער מענש , אזוי מוז מען דאך , דוכט זיך , לייענען די „צייטונג“ . גאיברא האט זיך צעלאכט , אז איך האב געזאגט , דאס די „צייטונג“ איז א ראדיקאלער ארגאן . ער בלאזט שוין צופיעל פון זיך , דער דאזיגער גאיברא . איך בין א ראדיקאל און איך זאג , אז די „צייטונג“ איז אויך ראדיקאל . יא , אמת , זי רעקלאמירט זיך און לויבט זיך שטארק , — נאר צוריק רעדענדיג , פארוואס טאקי

ניִשט? ציִ דען טאָר זיִ ניִשט פיִהלען, אז זיִ איִז די בעסטע פון אלע? אלע ציַיטונגען טהוען איהר נ׳יך, אפילו מאַכען קעפּלעך און טיִטלען צו די אַרטיִקלען מוזען זיי זיך ביי דער „ציַיטונג" לערנען. ציִ דען איז דאָס ניִשט אמת? איבריגענס, זאָל מען רעדען, וואָס מען וויל, נאָר די „ציַיטונג" איִז אַ ראַדיקאַלער אָרגאַן, וואָס האָט אַ געוויִסען איַינפלוס. ווארום איִן אמת׳ן גערעדט קאָן מען דאָך פשוט זאָגען, אַז לונגע און ניִשט קיינער בעשטיִמט די מיִניסטאָרען אויף זייערע שטעלעס, און איִצט וועט ער זיִך פאַר קיין זאַך ניִשט אָבשטעלען, כּדי זיי וויִדער אַראָבצוּוואַרפען. געוועהנליִך, צעשטערט ער אַזוי אַרום די רעזולטאַטען פון זיין אייגענער אַרבייט, נאָר ציִ דען איִז דעריִן לונגע שולדיִג? ציִ דען האָט דאָס מיִניִסטעריוּם ניִשט בוגד געווען איִן זיין אַלטען פּאָהן? צו אַזאַ שאַנדע מוז מען אַ סוף מאַכען! און לונגע וועט דאָס שוין זעהן בעזאָרגען.

— פון זיִנט דו האָסט דערמאָהנט וועגען די קעפּלעך, קלער איִך די גאַנצע צייַט, ציִ זאָל איִך ניִשט אויסקלערען עפּעס אַנ׳אַנדער טיִטעל פאַר מיין אַרטיִקעל?

— און וויִ הייסט ער איִצט?

— איִצט הייסט ער פשוט: „אַ פּאָר ווערטער וועגען אונזערע סאָרטען יאַגאָדעס".

— ווייסטו וואָס, לאָמיר אַרייַנגעהן איִן „גראַנד" ווְעלען מיִר אויסקלערען אַנ׳אַנדער טיִטעל. — נאָר ווען זיי זענען געקומען און גענומען יעדער אַ קופּעל ביִער, האָט באָנדעסען חרטה געהאַט פון זיין בעשלוס. אמת, — „אַ פּאָר ווערטער וועגען אונזערע סאָרטען יאַגאָדעס" — איִז גאָר ניִשט קיין פּאַסענדער טיִטעל פאַר אַ אַרטיִקעל פון דער „ציַיטונג", ער איִז ניִשט שען און זעהט אויס עפּעס ווי געמאַכט, געקינסטעלט, און דערצו נאָך וועט ער זיִך ניִשט קאָנען אויסשטעלען איִן איין שורה. נאָר דאָך איִז דער דאָזיִגער טיִטעל פונקט צוגעפּאַסט צו דער בעשיידענער אַרבייט פון אַ אָנפאַנגער, וואָס דאַרף אַרויפגעלעגט ווערען אויפ׳ן טיִש פון אַ געניִאַלען רעדאַקטאָר. זאָל לונגע אַליין אויסקלערען אַ טיִטעל. דען ער האָט דאָך צו זיך קיין גלייבען ניִשט איִן אויסטראַכטען

אינטערעסאנטע און צוציהענדע קעפלעך. „א פאר ווערטער ווע־
גען אונזערע סארטען יאגאדעס" — לאז דערוויל זיין אזוי, קיין
איין ווארט דארף מען מעהר נישט צוגעבען.

די יונגע לייט זענען ווידער אויפ'ן גאס ארויס. צוקומענ־
דיג נעהנטער צו'ם הויז, וואו די רעדאקציע פון דער „צייטונג"
איז געווען, האבען זיי ביידע נישט ווילענדיג אנגעהויבען פא־
מעלכער צו געהן. באנדערסען האט אויסגעזעהן שטארק פערלע־
גען. דער נאמען „צייטונג" מיט גרויסע בוכשטאבען האט געגלאנצט
איבער'ן טויער, אויפ'ן פאסאד פון הויז, אויף די לאדען פון די
פענסטער, אויף די טהירען — אומעטום, וואו נאר עס איז מעג־
ליך געווען איהם אויסצושטעלען. פון דער דרוקערייע האט זיך גע־
הערט א גערויש פון ריעמענס און רעדער.

— זעהסט, — האט באנדערסען געזאגט: — דאס געשעפט
ווערט געפיהרט גרויס!

ער האט גערעדט מיט א פערשטיקטער שטימע טראץ דעם
רויסען גערויש.

— יא, איין גאט ווייס, וואס דא וועט זיין! — האט
אילען געזאגט שמייכלענדיג, — נאר ערגער ווי „ניין" קאן דאך
נישט זיין.

— געה אריין צו איהם און טהו, ווי איך האב דיר גע־
זאגט, — האט איהם זיין פריינד מיט צוגעגעבען. — עפעס
האסטו שוין געשיקט אין א אויסלענדישען זשורנאל, און נאך מעהר
האסטו אין קאפ. „זעהט, איך בעט אייך, א פאר ווערטער וועגען
אונזערע יאגאדעס, וועגען אונזערע סארטען יאגאדעס..." איך
וועל אויף דיר ווארטען אט דא.

אילען איז אריינגעגאנגען אין פאדערצימער פון רעדאקטאר.
דא זענען געזעסען צוויי העררען, האבען געשריבען און געשני־
טען מיט שערלעך, און איהם האט זיך געדוכט, אז עס ארביי־
טען וועניגסטענס פינף שערען; דאס געשעפט איז, קענטיג,
געפיהרט געווארען גרויס. ער האט געפרעגט אויפ'ן רעדאקטאר,
און איינער פון די דאזיגע הערען האט איהם מיט דער האנד

אָנגעוויזען אויף די טהיר פון רעדאַקטאָרס קאַבינעט, און ער האָט זי געעפענט.

דאָרט איז געווען אַ גרויסער עולם, זאָגאַר צוויי דאַמען; אין מיטען צימער, ביי אַ טיש צו דער וואַנד צוגעשטעלט, איז געזעסען דער רעדאַקטאָר אליין, אלעקסאַנדער לונגע, אַ בעריהמטער זשורנאַליסט, וואָס די גאַנצע שטאָדט האָט איהם געקענט. ער איז אַ מאַן פון אַ יאָהר פיערציג, מיט אַ אויסדרוקס-פולען, לעבהאַפטען געזיכט און לעבענס=פריידיגע, יונגע אויגען. זיינע העלע האָר זענען קורץ געשוירען, די באָרד זאָרגפעלטיג געקעמט און אַרומגעשוירען, אַנצוג און שיך — ניי. אין אַלגעמיינעם מאַכט ער אַ איינדרוק פון אַ ליעבען און סימפּאַטישען הערר. ביידע דאַמען שמייכלען צו אויף דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, און ער אַליין זיצט און עפענט אויף טעלעגראַמען, דאַן בעזאָרגט ער זיי מיט אויפשריפטען, וועלכע ער שטרייכט אונטער מיט עטליכע פּאַסען; ווען ער ביגט זיך אָן איבער'ן טיש, זעהט זיך אַרויס זיין דאָפּעלט קין, און די וועסט פערקנייטשט זיך אויפ'ן בויך אין ברייטע פאַלדען.

ער גיעט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ צו איליען'ען, רייסט זיך נישט אָב פון דער אַרבייט און גלייכצייטיג הערט ער נישט אויף צו רעדען אויף רעכטס און אויף לינקס.

איליען קוקט זיך אַרום. אויף די וועגד הענגען בילדער און פון זשורנאַלען אויסגעשניטענע אילוסטראַציעס, צייטונגען און זשורנאַלען ליגען איבעראַל, אויף די שטוהלען, אויף די פענסטער, אויף דער ערד; הילפס=ביכער און לעקסיקאָנען זענען אין אונאָרדנונג אָנגעלעגט אויף אַ פּאָליצע איבער'ן רעדאַקטאָרס קאָפּ, און זיין שרייבטיש איז אַזוי פערלעגט מיט פּאַפּיערען און כתבי-יד'ן, אַז דער רעדאַקטאָר איז כמעט נישט אימשטאַנד פריי מיט דער האַנד אַ ריהר צו טהון. אין יעדען ווינקעל פון צימער האָט זיך געפיהלט די טעטיגקייט פון דעם דאָזיגען מענשען. גאַנצע בערג פון געדרוקטע זאַכען, איבעראַל אונאָרדנונג, אונדורכגענגליכע קופּעס פון צייטונגען און ביכער האָבען געגעבען אַ בעגריף, וואָס פאַר אַ טעכטיגע, אונערמידליכע אַרבייט דאָ ווירד שטענדיג. אין

קיין ווינקעל איז דאָ קיין רוה נישט געווען, דער טעלעפאָן האָט אָהן אויפהער געקלונגען, מענשען זענען אריין און אַרויס, פון דער דרוקערײַ האָט זיך געהערט דאָס רוישען פון די מאַשינען, און דער בריעף־טרעגער האָט אַלץ געבראַכט נײַע און נײַע קופּעס בריעף און צײַטונגען. עס'האָט זיך געדוכט, אַז דער פיהרער פון דער צײַטונג שטעהט אין אַ סכנה, יעדע מינוט פערטרונקען צו ווערען אין אַ גאַנצען ים פון אַרבײַט און שוועריגקײַטען, אַז די גאַנצע וועלט אין מיניאַטור האָט זיך אַלאָז געטהון צו איהם און וואַרט אויף זײַנע בעפעהלען אין אַלעם.

און ער אַליין זיצט צווישען דעם דאָזיגען גאַנצען טומעל אין מאַיעסטעטישער רוהיגקײַט און האַלט אין זײַנע הענד פערזאַמעלט אַלע פעדעם פון דער הערשאַפט, מאַכט אויפשריפטען אויף די טעלעגראַמען, הערט אויס וויכטיגע מיטטײַלונגען, שרײַבט נאָטיצען אויף אײַנצעלנע בלעטער, שמועסט מיט די מענשען, וואָס געפינען זיך אין צימער, עפענט אויף פון צײַט צו צײַט די טהיר, כדי זיך עפּעס צו פרעגען אָדער אַרויסגעבען אַ בעפעהל צו זײַנע אונטערטהאַנען אין קאַנטאָר. און דאָס אַלץ איז פאַר איהם אַזוי ווי נישט מעהר ווי אַ שפּיעלעכעל, צײַטענווײַז טהוט ער זיך זאָגאַר אַ וויצעל, פון וואָס די דאַמען לאַכען. אַ אָרעמע פרוי קומט אַרײַן, לונגע קען זי און ווייס, צו וואָס זי איז געקומען! וואַהרשײַנליך קומט זי אַהער שטענדיג אין בעשטימטע טעג; ער דערלאַנגט איהר איבער'ן טיש אַ קראָנע, גיעט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און שרײַבט ווײַטער. זײַן נעץ איז פערשפּרײַט איבעראַל, און איבער יעדענס קאָפּ בלאַנקט די שווערד פון דער „צײַטונג"; אַ רעדאַקטאָר בעזיצט אַ גרויסע מאַכט אין דער מלוכה, און לונגע האָט נאָך מעהר מאַכט ווי יעדער אַנדערער. ער טהוט אַ קוק אויף'ן זייגער, שטעהט אויף און שרײַט צום סעקרעטאַר אין צווייטען צימער:

— נו, דאָס מיניסטעריום האָט אונז נאָך קיין ערקלערונג נישט צוגעשיקט?

— ניין.

און לונגע זעצט זיך ווידער רוהיג אויף זײַן אָרט. ער ווייס.

צי דאס מיניסטעריום וועט ווילענדיג נישט ווילענדיג איהם מוזען געבען די ערקלערונגען, וואס ער האט געפאָדערט, אז נישט וועט ער איהם געבען נאָך א קלאפּ, און ווער ווייס, צי נישט דעם לעצטען.

— גאָט מיינער, ווי אונרחמנות'דיג איהר זעגט צו די אָרעמע מיניסטאָרען! — זאָגט איינע פון די דאמען. — איהר הרג'עט זיי דאָך פּשוט אוועק.

לינגע ענטפערט ערנסט און הייס:

— אזוי מוז מען אין נאָרוועגען זיך בענעהן מיט יעדען פערדעטער!

לינקס פון איהם, ביים פענסטער, זיצט א פערזענליכקייט, וואס איז פאר'ן רעדאקטאָר פון דער „ציטונג" זעהר וויכטיג, — א מאָגערער, גרויער מאן, אין ברילען און מיט א פערוק, — דאס איז הערר אָלע ברעדע. דער דאָזיגער מענש — א זשורנאליסט אָהן א שטעלע, וואס שרייבט קיינמאל גאָרנישט — איז לונגע'ס פריינד און זיין נויטיגסטער מיטארבייטער; בייזע צינגער האבען איהם א נאָמען געגעבען לעפּאָרעלאָ, ווייל ער געפינט זיך שטענדיג נעבען לונגע'ן און שיידט זיך פון איהם קיינמאל נישט. אין דער ציטונג ארבייט ער נישט, זיין איינציגע בעשעפטיגונג איז — צו זיצען אויפ'ן שטוהל און פערנעהמען א פלאץ. ער רעדט גאָרנישט, אויב נאָר מען פרעגט איהם נישט עפּעס, און אפילו דאן זאגט ער מיט מיה אויס די איינפאכסטע ווערטער. דער דאָזיגער מענש איז א ערשטיינענדע צוזאמישונג פון נארישקייט און גוטמיטיגקייט, ער איז קאלטבלוטיג אויס פוילקייט און העפליך, ווייל ער מוז.

דער רעדאקטאָר מאכט א ביסעל חיזק פון איהם, רופט איהם פּאָעט, און לעפּאָרעלאָ שמייכעלט, פונקט ווי גאָר נישט איהם מיינט מען. ווען די דאמען שטעהען אויף און געהען ארויס, שטעהט דער רעדאקטאָר אויך אויף, נאָר לעפּאָרעלאָ זיצט ווייטער.

— אויף וויעדערזעהן, — זאָגט דער רעדאקטאָר און פערנייגט זיך מיט א שמייכעל. — פערגעסט נישט אייער פּאקעט, פריילין. אויף וויעדערזעהן.

ענדליך ווענדט ער זיך צו אילענ'ען.

— וואס ווינשט איהר?

אילען געהט צו צו איהם.

— איך האָב אַ אַרטיקעל וועגען אונזערע סאָרטען יאַגאָדעס; איך וואָלט וועלען וויסען, צי קאָן ער טויגען פאַר אייך.

— וועגען אונזערע?...

— יאַגאָדעס.

דער רעדאַקטאָר נעהמט אין האַנד דעם אַרטיקעל, און בלעטערענדיג זאָגט ער:

— איהר האָט שוין עפּעס אַ מאָל געשריבען?

— אַ קליינעם אַרטיקעל האָב איך געשיקט אין די „לעטערסטעדסקאַ טידסקריפט", און פיעל פערשידענע אַרבייטען קלער איך נאָך צו שרייבען. נאָר...

אילען ווערט פערשוויגען.

— גרושיבעס און יאַגאָדעס זענען גאָר נישט קיין מאָדערנע טעמען! — זאָגט דער רעדאַקטאָר.

— יאָ — ענטפערט אילען.

— ווי הייסט איהר?

— אילען, קאַנד דאַט אילען.

דער רעדאַקטאָר ווערט אַביסעל ערשטוינט, דערהערענדיג דעם דאָזיגען אַלטען, קאָנסערוואַטיווען נאָמען. אַפילו איינער פון די אילענס קומט שוין איצט צו דער „צייטונג"! איהם איז אָנגענעהם געווען איינצוזעהן, אַז זיין כּאַבֿטהאָט אָנגעהויבען געוואַלדיג גרויס צו ווערען. ער האָט אַ בליק געוואָרפען אויפ'ן יונגען מאַן: שען געקליידט און, דוכט זיך, נישט שטאַרק בעדירפטיג, נאָר, ווער ווייס, אפשר פעהלט אי'ן שטוב אוים אויף צו לעבען, אפשר האָט ער עס אָנגעשריבען נאָר כּדי צו פערדינען אַביסעל געלד. נאָר פאַרוואָס האָט ער זיך נישט געווענדעט צו די רעכטע צייטונגען? צי דען איז עס שוין אַמאָל געהערט געוואָרען, אַז איינער פון די אילענס זאָל קומען אין די רעדאַקציע פון דער „צייטונג"? נאָר ווי די מעשה איז, יאַגאָדעס — דאָס איז אַ גאַנץ נייטראַלע זאַך, און אַלענפאַלס קאָן דאָ נישט שטעקען קיין רעכטע פּאָליטיק.

— לאָזט איבער אייער אַרטיקעל ביי אונז, וועלען מיר איהם לייענען, — זאָגט ער און נעהמט זיך צו אַנדערע פּאַפּיערען.

אילען פערשטעהט, אז די אוידיענץ איז געענדיגט און ער געזעגענט זיך.

ווען ער איז אויפ'ן גאס ארויס און דערצעהלט באנדרעסענ'ען, ווי אלץ איז געשעהן, האט יענער פערלאנגט, ער זאל איבערגעבען דעם געשפרעך ווארט ביי ווארט; ער האט זיך געוואלט דערוויסען, ווי איז עס אלץ צוגעגאנגען, צי זענען געווען פיעל בעזוכער, און וואס האט לונגע גערעדט מיט יעדען פון זיי.

— פערדעטער, האט ער געזאגט? פיין! צי דען איז עס נישט דער ריכטיגסטער אויסדרוק? — האט באנדרעסען געפרעגט ענטציקט. — פערדעטער, אויסגעצייכענט, דאס וועל איך מיר פערשרייבען, איך זאל עס נישט פערגעסען. נו, איצט איז שוין קלאר, אז ער וועט דעם ארטיקעל אנגעהמען, דאס איז אלץ איינס, ווי ער וואלט איהם שוין אנגענומען. ווארום אז נישט, צו וואס, מיינסטו, וואלט ער איהם געלאזט ביי זיך?

און ביידע פריינד זענען אוועק אהיים אין א וואוילער שטימונג. נאר אויפ'ן וועג האבען זיי זיך געטראפען מיט איינינע בעקאנטע, און לכבוד דער וויכטיגער געשעהעניש האט באנדרעסען בעשלאסען צו בעשטעלען עפעס אין „גראנד".

II.

די אלמנה אילען האט געהאט א נישט גרויס הויז אין שטאדט־טייל הענדרעהויגען. זי האט געלעבט צוזאמען מיט איהר זוהן און צוויי טעכטער פונ'ם געלד, וואס זי האט פערדיענט דורך פערשיעדענע אופנים, דערהויפט דורך איהר קונציגער האנד־ארבייט; אויסער דעם האט זי נאך געהאט א קליינע פענסיע. די אלמנה אילען איז געווען א קלוגע פרוי און א איינשפארערקע, זי האט געוואוסט, ווי צו לעבען פון איהרע פערדיענסטען, ווי קליין זיי זאלען נישט זיין. און פון פריה ביז נאכט איז זי שטענדיג געווען פרעהליך און צופריעדען. צו דעם האט איהר דא נישט לאנג אבגעשפיעלט די הצלחה, צו געפינען א לאקאטאר פאר דעם זייטען־צימער אין איהר וואהנונג, איינעם א העררן, וואס האט גע־

צאהלט זעהר פינקטליך און דערצו נאך האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז א העכסט סימפאטישער מענש! א דאנק גאט, די שווערסטע צייט איז שוין פערביי! צו'ם אנהויב, ווען די קינדער זענען נאך קליין געווען, און דער זוהן האט שטודירט, פלעגט טיילמאל שווער זיין אויסצוקומען. נאר איצט איז שוין יענע צייט פערביי, פרעדריק האט די אוניווערזיטעט געענדיגט, און ביידע טעכטער זענען שוין קאנפירמירט.

די אלמנה אילען איז שנעל אומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער, אלץ אין ארדנונג געבראכט, דעם שטויב אבגעווישט, מיטאג געקאכט און יעדע פרייע מינוט האט זי אויסגענוצט אויף צו מאכען נאך איניגע נאהטען אין דער אויסנעהעכץ... היינט האט איהר אנגעהאפט עפעס א אונגעוועהנליכע אונרוהיגקייט: זי האט געוואוסט, אז פרעדריק מאכט די ערשטע פראבע צו פערדיענען א ביסעל געלד נאך זיין עקזאמען; און פון דעם, ווי עס וועט איהם געלינגען, האט זיך פיעל געווענדט.

אויב פרעדריק וועט נאר קאנען פערדיענען פאר זיך אויף צו'ם לעבען, וועט אין שטוב אלץ גוט זיין; זי האט נישט געקאנט אבלייקענען, אז טראץ דער אויסערליכער פיינקייט און בעקוועמליכקייט פון איהר וואהנונג, האבען אין איהרע צימערען זיך איבעראל אנגעהויבען צו בעווייזען סימנים פון פעראָרעמטקייט, — נייע אויסנעהעכצען האבען פרעדעקט דאס אלטע מעבעל, די אויוועגנס און די בעטען זענען שוין צעשפאלטען און פערדארבען געווארען. נאר מיט דער צייט וועט דאס אויך פערבעסערט ווערען.

נאר פארוואס עפעס קומט נאך פרעדריק נישט צוריק שוין אזוי לאנג? ער איז אוועק א זייגער עלף צוזאמען מיט באנדעסען'ען און איז נאך ביז איצט נישט צוריקגעקומען, און דער מיטאג איז שוין לאנג איבערגעקאכט געווארען. עס איז שוין געוועזען זעקס דער זייגער, דער לאקאטאר איז שוין א היים געקומען און, ווי געוועהנליך, איז ער געזעסען און געשמועסט מיט די מעדלעך. יא, א סימפאטישער לאקאטאר, דער דאזיגער הער גאיבראָ. א גאנצען טאג איז ער געווען פערנומען מיט זיינע

אייגענע געשעפטען, און דער פריה איז ער צו דער ארבייט אין באנק געגאנגען, ביבלאטעקען בעזוכט, געטהון, וואס ער האט געוואלט, און ווען ער פלעגט אין אוועגד א היים קומען, פלעגט ער זיך אפט זעצען ביי זיי מיט א בוך אדער מיט עפעס פאפירען, וואס ער האט געלייענט. פרוי אילען האט איהם אליין געבעטען, ער זאל זיי עפטער בעזוכען, און וואס אנ'אמת זי האט געהאט א בעזונדערן טעם דערצו: וויל ווען הערר גאיברא זיצט ביי זיי, שפארט זי דערוויל איין די הוצאות פון בעלייכטונג און הייצונג אין זיין צימער. אויסער דעם איז די טעכטער אויך געווען אנגענעהם צו זיצען מיט איהם, — ער האט זיי עפעס געלערענט, און א צולעג צו דעם אלעם אט די געשיכטע מיט'ן וועלאסיפעד, וואס ער האט שארלאטען געשענקט. יא, ווירקליך, קיין בעסערען לאקאטאר קאן מען נישט געפינען, און זי וועט זיך בעמיהען ווי ווייט זי וועט נאר קאנען, אז ער זאל נישט אוועק פון זיי.

די טעכטער זענען ביי זייער ארבייט געזעסען און פלייסיג געארבייט. שארלאטע איז געווען א הויבוויקסיגע, א פולע, מיט געלבליכע האר און א פראכטפולען ביוסט, די הויט פון איהר געזיכט איז געווען וואונדערבאר דורכזיכטיג, מיט קליינע רויטליכע פלעקען, צארט און ווייך ווי סאמעט. איהר נאמען איז שוין בעקאנט געווארען אינ'ם קרייז פון די ספארט-ליעבהאבער און דאס האט זי צו פערדאנקען געהאט איהר בעקאנטשאפט מיט ענדרע באנדעסענ'ען און איהר אויסגעצייכענטען פאהרען אויפ'ן וועלאסיפעד. איהר שוועסטער איז געווען יונגער פאר איהר מיט צוויי יאהר, איהרע פארמען זענען וועניגער געוויזען ענטוויקעלט, און איין אויג האט עטוואס קרום געקוקט. איבריגענס האט די גאנצע שטאדט געוואוסט איין געשיכטע, וואס האט זיך פאסירט מיט דער דאזיגער יונגער דאמע.

איין מאל אין א פינסטערן אווענד איז עפעס א הערר ארומגעגאנגען הין און צוריק פאר דאס געביידע פון סקולפטור-מוזעאום מיט א פעסטען בעשלוס צו בעגלייטען א היים וועלכע נישט איז יונגע דאמע; דער דאזיגער הערר איז געווען אלע

ברעדע, לעפּאַרעלאַ. נאָר ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָלנער פון זיין פּאַלטאָ אַזוי, אז קיינער האָט איהם נישט געקאָנט דער־קענען. בעגעגענט ער זיך מיט אַ דאַמע, פערנייגט ער זיך פאַר איהר, ענטפערט זי איהם.

צי קאָן ער זי אַ היים בעגלייטען?

יאָ, ער קאָן.

און די דאַמע פיהרט דעם קאַוואַלער דורך גאַסען און געסלעך צו איינער איהרער אַ פריינדין, וואו אין דער צייט זענען געסט געוועזען.

— אָט דאָ וואָהן איך, — זאָגט די דאַמע: — מען מוז אָבער ארויפגעהן פאָרזיכטיג.

דער קאַוואַלער טהוט אויס זיינע שיך און געהט אויף די טרעפּ אויף די שפּיצען פינגער.

אויפ'ן דריטען שטאָק בלייבען זיי שטעהן — די טהיר אין וואָהנונג איז אָפען, געהען זיי אריין.

פּלוצלונג גיעט די דאַמע אַ עפען אויף די טהיר אין צימער אריין, פראַהלט זי אויף גאַנץ ברייט און שטופּט דעם קאַוואַלער פאָרוועּרטס. דער צימער שטראַהלט פון ליכטיגקייט און איז פול מיט געסט.

די דאַמע ווייזט אָן אויפ'ן אָרעמען קאַוואַלער, וועלכער שטעהט מיט די שיך אין די הענד און קוקט ווי פערשטיינערט אויף די פערזאַמעלטע. זי זאָגט:

— דער דאָזיגער מענש האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר אויף דער גאַס!

דאָס איז געווען געוועזען, איהרע חבר'טעס האָבען אָנגעהויבען שרייען:

— גאָט מיינער, צי דען איז ער ווירקליך צוגעשטאַנען צו דיר!

און אַז זיי זענען אַ ביסעל צו זיך געקומען און דערקענט, ווער עס שטעהט פאַר זיי, האָבען זיי איינע נאָך דער אנדערער מיט אַ געשריי פון פערוואונדערונג אויסגערופען דעם נאָמען לעפּאַרעלאָ.

ערשט איצט האט זיך דער קאוואלער געכאפט, אז ס'איז גלייכער זיך אבצוטראגען, און ער האט זיך אבגעטראגען.

די דאמע, וואס ער האט בעגלייט, איז געווען סאפיע אילען!

נאך דער דאזיגער געשיכטע האבען אלע איינגעזעהן, מיט וואס פאר א פארשוינען עס פיהרט בעקאנטשאפט דער רעדאקטאר לונגע, דער דאזיגער ראדיקאלער רעדאקטאר! ווי וועט ער זיך דאס בעציהען צו דער דאזיגער געשעהעניש? פערשטעהט זיך, ער וועט עס פערשווייגען!

אויף צו מארגענס איז אין דער „צייטונג" געדרוקט געווען א בעשיידענע מיטטיילונג וועגען פארפאל אונטער דעם טיטעל: „א מוטיגע יונגע דאמע". זי האט זעהר גוט געטהון, האט די „צייטונג" געזאגט, און פון איהר מעג מען זיך א ביישפיעל נעהמען, זאל זי ציהען אונזערע יונגע דאמען צו העכערע ציעלען.

יא, צו העכערע ציעלען.

די דאזיגע קליינע נאטיץ האט מיט אמאל געהאט א פיעל גרעסערע ווירקונג אויף די פאמיליע אילען, ווי אלע ראדיקאלע ראיות פון ענדרע באנדערסען; פון דעמאלט אן איז באנדערסען'ען ערלויבט געווארען צו ברענגען צו זיי די „צייטונג". וואס איז דאס פאר א רעדאקטאר, דער דאזיגער לונגע! די פערזענליכע בעציהונגען שפיעלען קיין ראלע נישט ביי דעם דאזיגען כאראקטער־שטארקען מענשען, ער איז שטרענג ארויסגעטרעטען אפילו געגען זיין אייגענעם לעפארעלא, ווען דאס איז נויטיג געווען...

ביידע שוועסטער געהען מיט זייערע פלינקע פינגער, וועהרענד זייער מוטער געהט אלע מאל אריין און ארויס פון צי־מער, און העדר גאיברא זיצט און בעטראכט זיי. ער איז א מא־ פון א יאהר דרייסיג, זיינע האר און בארד זענען שווארץ ווי קויהל, נאר די אויגען זענען בליע, און די דאזיגע בלויע אויגען קוקען זעהר מאדנע און פערטראכט. טייל מאל, פון צעשטריי־קייט, טהוט ער א ציה א מאל איינעם, א מאל דעם צווייטען פון זיינע שטארקע אקסלען. זיין אויסערליך אויסזעהן איז צי־

ציהענר, און זיין שווארץ-ברוינליך געזיכט מאכט איהם ענליך צו א אויסלענדער.

לעא גאיבראַ איז געוועהנליך געווען גאנץ שטיל און בעשיידען; על פי רוב האט ער גערעדט נאר דאס נויטיגסטע, און דאן פלעגט ער זיך פערטיעפען אין לייענען אדער אנגעהויבען וועגען עפעס צו טראכטען. נאר, אויב ער איז א מאל לעבהאפטער געווארען, האבען זיינע רעד און זיין בליק מיט פייער געבליצט, און ער האט ארויסגעוויזען אונגעוועהנליכע בעהאלטענע קרעפטען. איבריגענס איז דער דאזיגער מענש שוין צוועלף יאהר סטודענט געווען און ביי א געלעגענהייט פלעגט ער לייהען פון זיינע פריינד און קאלעגען א קראנע אדער צוויי. אזא איז ער שוין געווען. מיט פינף מאנאטען צוריק האט ער זיך ביי די אילענס בעזעצט.

— די דאמען הערען די גאנצע צייט נישט אויף צו ארבייטען, — האט ער געזאגט.

— א, יא, מען מוז פלייסיג ארבייטען.

וואס איז דאס אזוינס, אויב איהם איז ערלויבט צו פרעגען? א טעפיך. ציי דען איז ער נישט שען, א? מען וועט איהם א וועקשיקען אויף א אויסשטעלונג. און ווען ער וועט פערטיג ווערען, וועט פאר יעדער פון זיי ערפילט ווערען עפעס א בעשיידענער וואונש, אזוי האט זיי די מוטער צוגעזאגט. שארלאטע וויל א קורצען, גאר איינפאכען קאסטיום פון א וועלאסיפעדיסטין.

און פריילין סאפיע?

— צעהן קראנען אויפ'ן לויפענדען רעכנונג אין באנק, — ענטפערט סאפיע.

גאיבראַ נעהמט זיך ווידער צו לייענען זיין בוך.

— א בלויען קאסטיום צו'ם ספארט, — זאגט שארלאטע נאך א מאל, און גאיבראַ קוקט אויף איהר.

— א, וואס אזוינס?

ניין, גארנישט. זי מיז זיך שאפען א נייעם קאסטיום, ווייל זי פאהרט וועלאסיפעד.

גאיבראַ מורמעלט עפעס וועגען דעם, אז דער ספארט איז

שוין צו שטארק ענטוויקעלט. אין גיכען וועט מען שוין קאנען זאגען, אז ס'איז נישטא אזא מענש, וואס זאל אויף עפעס נישט פאהרען.

אזוי גאר? נו יא, אזא צייט איז עס שוין, פראגרעס. און אגב, ווי שטעלט זיך הערר גאיבראָ פאר א אידעאלע יונגע מעדעל, צי וועט ער נישט אזוי גוט זיין ערקלערען? א דאמע, וואס געהט שטענדיג נאר צו פוס?

ניין. ער קלערט דאס גאר נישט. א מאל איז ער געוועזען א הויז-לעהרער ביי איין פאמיליע, וואס שפעטער פלעגט ער זיך שטענדיג דערמאהנען אן איהר. אין דארף איז עס געוועזען, דארט זענען נישט געוויען נישט קיין ווארעמע וואנעס, נישט דער שטויב פון שטאדט, נישט קיין געקליידטע מאפסען, נאר דערפאר זענען די יונגע דאמען געוועזען היציגע און לוסטיגע, פול מיט קרעפטען און פון פריה ביז אווענד זענען זיי שטענדיג גרייט געוועזען צו לאכען פון גאנצען הארצען. ווי עס ווייזט אויס, וואלטען זיי גאנץ שלעכט אויסגעקומען, ווען מען וואלט זיי גענומען קואמינירען אין פערשידענע געלעהרטע מאטעריעס, ער איז פאָשטענדיג זיכער, אז זיי וואלטען גארנישט געוואוסט וועגען די פינף פעריאדען אין דער געשיכטע פון דער ערד אדער וועגען די אבט פארמען פון די מאנערען, נאר, גאט מיינער, ווי שטארק זייער דופק האט געשלאגען און ווי ליכטיג זייערע אויגען האבען געגלאנצט. און וואס פאר אנ'עם-הארצ'טעס זיי זענען געוועזען אין ספארט-זאכען! איין מאל אין אווענד האט זי די מוטער דערצעהלט, אז זי האט א מאל געהאט א רונג מיט א שטיין, וואס זי האט שוין איצט פערלארען; דער שטיין איז געוועזען א בלויער, איין גאט ווייס, צי ער איז טאקי געוועזען אנ'עכטער, זי האט דעם רונג א מתנה בעקומען. דאן זאגט באלעטע, די עלטערע פון די טעכטער: „מאמע, ווען דו וואלסט געהאט דעם רונג, וואלסטו דאך מיר איהם געגעבען?" נאר איידער זי האט נאך בעוויזען צו ענטפערן, טהוט זיך טארא, די יונגערע, א דריק צו צו איהר און זאגט, אז דאן וואלט זי איהם בעקומען. שטעלט זיך פאר, די שוועסטער הייבען זיך

אָן קריגען, זיך בײזערן אײנע אויף די אנדערע און מיט א לע־בערליכער היציגקײט שפּאַרען זײ זיך װעגען דעם, װער װאָלט דעם רונג בעקומען, װען ער װאָלט נישט פערפאַלען געװאָרען, און דאָס איז געשעהן גאָר נישט דערפאַר, װאָס זײ האָבען אײנע בײ דער צװײטער דעם רונג געװאָלט צונעהמען, נאָר דערפאַר, װײל יעדע פון זײ האָט געװאָלט, אז די מוטער זאָל זי מעהר ליעב האָבען.

— נו? — מאַכט שאַרלאָטע פערװאונדערט: -- װאָס פאַר אַזא בעזונדערן אידעאַל געפינט איהר דערין, װאָס בײדע שװע־סטער האָבען זיך אָנגעהויבען קריגען?

— גאָט מײנער, װען איהר װאָלט דאָס נאָר געזעהן מיט אײערע אײגענע אויגען! — ענטפערט גאַיבראָ. — עס איז נישט מעגליך איבערצוגעבען, װי ריהרענד דאָס איז געװען. ענדליך זאָגט די מוטער צו זײ בײדע: — „הערט נאָר, מעדלעך, ציט זענט איהר פון זינען אראָב, באַלעטע, טאָרע — איהר קריגט זיך?" — „מיר קריגען זיך?" — שרײען בײדע טעכטער אויס, שפּרינגען אויף און הויבען זיך אָן צו האַלזען. זײ האָבען זיך פעסט צוגעדריקט אײנע צו דער אנדערער, די דאָזיגע ערװאַקסענע קינדער, און דערנאָך האָבען זײ פערפיהרט א שטרײט און אײנ־געפלאָכטען אײנע אין די אנדערע האָבען זײ זיך בײדע אויף דער ערד אראָבגעקײקעלט. נײן, זײ זענען זיך נישט געװען קײן שונאים, זײ האָבען געלאַכט פאַר שמחה.

נאָך די דאָזיגע װערטער װערט שטיל. סאָפיע אַרבײט פלײסיג מיט דער נאָדעל. פּלוצלונג שטעקט זי זי אַרײן אין די מאַטעריע, װאַרפט עס אַװעק אויפ'ן טיש און זאָגט:

— ס'אַ משוגענע דאַרפס־מוידען!

דאַן געהט סאָפיע אַװעק.

— אָבער איהר האָט דאָך מיר אַלײן געשענקט א װעלאָ־סיפּעד, גאַיבראָ, — זאָגט שאַרלאָטע פערטראַכט.

— אח... צי דען האָב איך אײך נאָר װאָס בעלעדיגט? װען איהר װאָלט קײן װעלאָסיפּעד נישט געהאַט, װאָלט איך אײך איהם נאָך אַמאָל געשענקט, װען איהר װאָלט עס געװאָלט.

איך האָף, אַז איהר גלויבט מיר, איהר — דאָס איז נאָר אַנ־אַנדער זאַך, און אײַך געפֿין איך קײן שלעכטס נישט, נאַטירליך. ווען איהר וואָלט געוואוסט ווי אַנגענעהם מיר איז אײַך צו זעהן אַזוי אויפ'ן וועלאָסיפּעד אַ... אַ דאָ! מיר איז אַלץ אײנס, וואו איהר זענט.

— ששש! גאַיבראָ!

סאָפֿיע קומט ווידער אַרײַן אין צימער.

גאַיבראָ קוקט צעשטרײט אויף זײַן בוך. אומרוהיגע געדאַנ־קען שלעפּען זיך אַרום אין זײַן קאָפּ. צי האָט ער ווירקליך בע־לעדיגט שאַרלאָטע'ן, זי, וועמען ער וואָלט ווייניגער ווי אַלעמען געוואָלט בעלעדיגען! און ער האָט אפילו נישט בעוויזען בײַ איהר פֿערצײַהונג צו בעטען.

שטענדיג שווימט זי אַרום, די דאָזיגע געשיכטע מיט'ן וועלאָסיפּעד, די דאָזיגע נאַרישע געשיכטע, וואָס האָט איהם שוין אַזוי פֿיעל פּײַנליכע שטונדען פֿערשאַפֿט. יאָ, אמת, ער האָט איהר געשענקט אַ וועלאָסיפּעד און דערבײַ איז ער גאַנץ בעוואוסטזיניג אַ שרעקליכע נידערטרעכטיגקײט בעגאַנגען. אײן מאָל, אין אַ פֿרעה־ליכער מינוט, האָט ער איהר צוגעזאָגט אַ וועלאָסיפּעד, און זי האָט אויפגעשײַנט פֿאַר שמחה; דאַן האָט ער, זעלבסט פֿערשטענדליך, זײַן צוזאָג געמוזט ערפֿילען. אַליין איז ער נישט רײַך געוועזען, און אויף אַזאַ טײַערע זאַך האָט איהם געפֿעהלט געלד, און פֿון וואַנען זאָלען זיך צו איהם נעהמען אַזעלכע גרויסע אָבשפּאָרונגען! קורץ און שאַרף, ער האָט דאָס געלד געליהען, בעקומען צוויי נאָכנעמאַכטע אונטערשריפֿטען — קורץ און שאַרף. נאָר קײנער האָט דאָס פֿערברעכען נישט ענטדעקט, קײנער איז נישט דערגאַנגען זײַן פֿאַלשקײט, די אונטערשריפֿטען זענען אָנגענומען געוואָרען פֿאַר אמת'ע, די וועקסלען זענען אויסגעלעגט אויף צו היטען זיי, און ער האָט בעקומען דאָס געלד. און דערנאָך האָט ער געצאָהלט, פּינקטליך בעצאָהלט יעדען מאָנאַט, אַ דאַנק גאָט, איצט איז שוין געבליבען צו בעצאָהלען נאָר עפּעס מעהר ווי אַ העלפֿט, און ער האָט בדעה ביסלעכווײַז אַזוי אויסצוצאָהלען דעם חוב ווי ביז איצט. יאָ, ער וועט דאָס זאָגאָר טהון מיט אַ פֿרײַ־

דיג הארץ; ווארום ער האט דאך נאר איין מאל געזעהן, ווי שארלאטע'ס אויגען האבען א בליץ געטהון מיט ענטציקונג, — דאס איז געוועזען דאן, ווען זי האט דעם וועלאסיפעד בעקומען, און קיי־נער, קיינער וועט נישט קאנען געפינען אפילו דעם מינדעסטען בעוויז.

— וואס קומט עפעס פרעדריק נאך נישט! — זאגט סאפיע.

— פרעדריק האט צוגעזאגט צו נעהמען פאר אונז בילעטען אין טעאטער, אויב ער וועט היינט הצלחה האבען. — ערקלערט שארלאטע.

גאיברא לעגט א פינגער אויפ'ן בוך אויף דעם ארט, וואו ער לייענט, און קוקט אויף די שוועסטער.

— אזוי גאר? הייסט עס, אז אט צוליעב וואס די דאמען זענען היינט אזוי אונגעדולדיג.

— ניין, נישט נאר צוליעב דעם. פע, ווי קאנט איהר דאס אזוי טראכטען!

— ניין, ניין, נאר צוליעב דעם אויך. נו יא, דאס איז גאנץ פערשטענדליך.

— און איהר געהט דען נישט אין טעאטער?

— ניין.

— ווירקליך? איהר געהט נישט אין טעאטער? — פרעגט סאפיע אויך.

— ניין, איך געה נישט.

— נאר פארוואס?

— קודם כל דערפאר, ווייל ס'איז לאנגווייליג. מיר דוכט, אז קיין נארישערע זאך דערפון גיעבט עס גאר נישט. מיך דער־עסט אזוי פיעל דאס דאזיגע קינדערשע שפיעלען זיך, אז איך בין אימשטאנד זיך צו שטעלען אין מיטען טעאטער און אנהויבען יאמערען פאר עקעל.

דאס מאל בעלעדיגט זיך סאפיע נישט. צו אזא אונגעבילדעטען מענשען מוז מען זיך בעציהען מיטלייידיג.

אונגליקליכער! — זאגט זי.

— יאָ, איך בין אונגליקליך! — בעשטעטיגט ער און שמייכעלט.

ענדליך האָבען זיך טריט דערהערט אין קאָרידאָר, און אַ ווײַלע שפּעטער זענען אין צימער אַרײַן פרעדריק און באַנדעסען. זיי האָבען, ווײַזט אויס, געמאַכט אַ כּוסה, געווען אביסעל אויפ־ גערעגט און אָנגעפילט דעם גאַנצען צימער מיט זייער פרעכטי־ גער שטימונג.

— גראַטולירט אונז! — האָט באַנדעסען גלייך אַ געשריי געטהון.

— נו, ווירקליך? ס'האָט זיך אין אמת'ן אײַנגעגעבען?

— ניין, ניין, — ענטפערט פרעדריק: — וועגען דעם ווייסען מיר גאָרנישט. ער האָט געלאָזט ביי זיך מיין ארטיקעל.

— איך זאָג אייך, מיינע הערדען, דאָס איז אלץ איינס, ווי ער וואָלט איהם אָנגענומען. אַזוי פיהרט זיך דאָס שוין. איך — ענדרע מאָאר באַנדעסען — זאָג דאָס, יאָ—אָ!

אין צימער איז אַרײַנגעקומען פרוי אילען. ווידער אַ מאָל די זעלבע פראַגען און ענטפערן.

ניין, אַ דאַנק, עסען ווילען זיי כלל נישט, זיי האָבען שוין געגעסען אין „גראַנד", לכבוד דער היינטיגער געשעהעניש. מען האָט דאָך דאָס געמוזט מיט עפּעס אויסצייכנען. זיי האָבען נאָך אַ פלעשעל מיט זיך מיטגעבראַכט, און זיי לעגען פאָר אויסצו־ טרינקען אלע צוזאַמען.

באַנדעסען שלעפּט אַרויס אַ פלעשעל פון קעשענע פון זיין פּאַלטאָ.

גאָיבראָ שטעהט אויף און וויל פערשווינדען, נאָר פרוי אילען רעדט איהם אָן צו בלייבען. אלע זענען לעבעדיגער געוואָ־ רען, געטרונקען, אָנגעשטויסען די גלעזער און הויך געשמועסט

— וואָס לייענט איהר? — האָט באַנדעסען געפרעגט. — ווי, פּאָליטישע עקאָנאָמיע?

— אָבער קיין בעזונדערעס, — ענטפערט גאָיבראָ שטיל.

— איהר לייענט, ווײַזט אויס פיעל?

— ניין, איך לייען וועניג, נישט זעהר פיעל.

— יאָ, נאָר אַלֶענפֿאַלס לייענט איהר נישט די „צייטונג". איך פֿערשטעה נישט, ווי קאָן דאָס אַ מענש בכלל זיך בעגעהן אָהן לייענען אַזאַ אָרגאַן. נאָר ווייסט איהר וואָס: איהר פֿערזינדיגט מיט היץ, אַז איהר לייענט נישט די „צייטונג", און אין אמת'ן לייענט איהר זי פֿלייסיגער פֿון אַלעמען, ווי איך האָב געהערט; אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָב איך זיך דאָס דערוואוסט אין איינעם פֿון די נומערען פֿון דער „צייטונג" גופא. נאָר דאָרט האָט זיך, נאַטירליך, גערעדט נישט פֿון אייך, בעהיט גאָט! לחיים אייך! ניין, בעהיט גאָט, דאָס איז דאָך נישט וועגען אייך געווען, אַ? זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט איהר איינענטליך געגען דער „צייטונג"?

— איינענטליך האָב איך גאָר נישט געגען איהר, זאָל מען זי האַלטען פֿאַר וואָס מען וויל. נישט מעהר, וואָס איך לייען זי נישט מעהר, זי האָט מיר אויפֿגעהערט צו זיין אינטערעסאַנט און זי ווייזט זיך מיר אויס לעכערליך.

— אַזוי גאָר! קימט דאָך אויס, הייסט עס, לויט אייער מיינונג, אַז זי איז גאָר נישט קיין לייטענדער פּאָליטישער אָרגאַן? זי האָט קיין איינפֿלוס נישט? זי האָט, הייסט עס, אומגעביטען איהרע איבערצייגונגען, אָבגעניאַרט און בעגאַנגען פֿערשיערענע נידריגע מעשים? צי רען האָט איהר שוין אַ מאָל געזעהן, אַז לוננע זאָל אָבטרעטען אַפֿילו אויף איין טריט פֿון זיינע איבערצייגונגען?

— ניין, דאָס ווייס איך נישט.

— איהר ווייסט נישט. נאָר איידער מען רעדט, מוז מען דאָך וויסען, וועגען וואָס מען רעדט. ענטשולדיגט.

באַנדרעסען איז געווען אַן אַ פֿרעכטיגער לוינע און האָט געערדט הויך, מיט לעבהאַפֿטע בעוועגונגען, — קיין זאַך האָט איהם נישט געקאָנט אָבשטעלען.

— איהר זענט היינט געפֿאָהרען אויפֿ'ן וועלאָסיפּעד, פֿרייליין? — האָט ער געפֿרעגט. — ניין? נאָר נעכטען זענט איהר דאָך אויך נישט געפֿאָהרען? מען מוז זיך איבען, איהר האָט אויסגעצייכענטע פֿעהיגקייטען, מען מוז זיי ענטוויקלען; איהר ווייסט: זוי איך האָב געהערט, מוז ו אַלף יערען טאָג צוויי שעה שפּילען.

בדי די טעכניק נישט צו פערגעסען. דאס זעלבע איז אויך מיט׳ספארט — יעדען טאג מוז מען זיך איבען. לחיים דיר, אילען, אלטער קאמראד! פאר דיר וואלט אויך ניצליך געווען צו פאהרען אויפ׳ן שטאהלענעם פערד. איבריגענס, דו האסט היינט בעוויזען, אז דו ביזט פעהיג אויף אנדערע זאכען. יא, ל׳אמיר אויסטרינקען צו גלעזעל לכבוד דעם אנהויב פון פרעדדיק אילענס טאלענט, לכבוד די ערשטע פרוכטען פון זיין טאלענט! הורא!

ער האט זיך נעהנטער צוגערוקט צו שארלאטע׳ן און אנגעהייבען צו רעדען מיט איהר מיט א שטילערער שטימע. יא, אין אמת׳ען וואלט זי עפטער פון שטוב געדארפט ארויסגעהן, אז נישט, קאן זי זיך נאך א מאל נעהמען צו פאליטישע עקאנאמיע. און אז שארלאטע האט איהם דערצעהלט, אז זי וועט האבען א נייע בלויע קלייד, איז ער אין התפעלות אריין און געזאגט, אז ער זעהט זי שוין אין זיין פאנטאזיע אין איהר נייען אנצוג, בנאמנות. א, ווען ער וואלט נאר געקאנט די זכיה האבען, זי יענעם טאג צו בעגלייטען! ער האט דאס געבעטען ביי איהר און זי האט איהם צוגעזאגט. ביי׳ם סאמע סוף האבע זיי געשמועסט גאר שטיל צווישען דעם הויכען שמועס פון די איבעריגע.

דער זייגער האט עלף געשלאגען, ווען באנדעסען איז אויפגעשטאנען, א היים צו געהן. אין טהיר האט ער זיך נאך אמאל אומגעדרעהט און געזאגט:

— זעה, אילען, פערגעס נישט אכטונג צו געבען אין דער „צייטונג“, צי דיין ארטיקעל איז נישט געדרוקט. ער קאן שוין די טעג געדרוקט זיין, נאך אפשר מארגען. דו קאנסט אזוי וואהרשיינליך רעכנען אויף מארגען ווי אויף יעדען אנדערען טאג; מעגליך, אז ער איז שוין אין דרוקעריי אבגעשיקט.

---

## III.

נאר דער קליינער ארטיקעל וועגען די פערשידענע סארטען יאגאדעס איז נישט געדרוקט געווארען נישט אויף צו מארגענס, נישט אין די קינפטיגע טעג. וואכען אויף וואכען זענען

פערבײַ, און די זאך איז געבליבען די זעלבע. דער ארטיקעל איז נאטירליך פערגעסען און בעגראבען געווארען צווישען די פיעל אנדערע טויטע׳מאסען פאפירען בײַם רעדאקטאר אויפ׳ן טיש.

לונגע איז געוועזען בעשעפטיגט מיט וויכטיגערע זאכען ווי יאגאדעס. אויסער די צוויי־דרײַ ברענענדע ארטיקלען, וואס זענען אין דער „צײַטונג" געדרוקט געווארען יעדען טאג געגען מיניסטעריום, האט מען נאך געמוזט פריהער ווי אלע אנדערע צײַטונגען מיטטײַלען פערשיעדענע נײַעסען, היטען די מאראלישע ארדנונג אין שטאדט, שטענדיג און איבעראל זײַן אויף דער וואך, כדי קיין זאך זאל נישט קאנען געשעהן אין דער שטיל, אין פינסטערניש. די הילף, וואס מען האט געקאנט האבען פון דעם אלטען ליבעראלען ארגאן „דער נארוועגער", איז געוועזען זעהר קליין, דער ארעמער קאנקורענט האט געהאט וועניג, אדער גאר קיין אײַנפלוס נישט געהאט, און מעהר האט ער טאקי נישט פערדיענט: שוין מיט א צו אײַנגעהאלטענעם טאן האט ער גערעדט. די מאכטלאזיגקײַט פון „נארוועגער" האט זיך קלארער ווי אלץ אויסגעדריקט אין זײַנע אנפאלען: קיין איין רעכטען קלאפ, קיין איין בלוטיגען שמיר, קיין איין בליצענדיגעןווארט; גאנץ קאלטבלוטיג האט ער בעשריבען זײַן בעשײדענע מײַנונג וועגען פערשיעדענע זאכען און דערמיט האט ער זיך בערוהיגט. אז דער „נארוועגער" איז שוין יא אויף עמיצען אנגעפאלען, האט זיך יענער געקאנט רוהיג זאגען: „אדרבא, שלאגט, וויפיעל אײַער הארץ גלוסט, מיך געהט דאס נישט אן, איך מיש מיך נישט דערײַן!". און אויב ער האט ווירקליך א קלאפ בעקומען, האט ער נאטירליך געפיהלט, אז ער געפינט זיך ערגעץ פון נאהנטען, נאר אין די אויגען איז איהם נישט פינסטער געווארען, דעם גלײַכגעוויכט נישט פערלארען. דעם רעדאקטאר לונגע האט זיך צו לאכען געגלוסט, ווען ער האט אזא אונגעשיקטקײַט געזעהן.

נאר אנדערש איז עס געוועזען אין דער „צײַטונג". לונגע האט געקאנט די פראגען מיט א העלען פלאם בעלײַכטען; ער האט מיט נעגעל געשריבען, געשריבען מיט א פעדער, וואס האט צײַהן געקריצעט; זײַנע טרעפענדע ווערטלעך זענען א בײַטש געווארען,

וואָס האָט שטענדיג אין ציעל געטראָפען און וואָס אלע האָבען
פאַר איהם מורא געהאַט. וואָס פאַר אַ קראַפט און וואָס פאַר אַ
קונסט! און דאָס האָט ער טאַקי געמוזט צו האָבען: שוין צו־
פיעל פינסטערע מעשים טהוען זיך אָב אין שטאָדט און אין גאַנ־
צען לאַנד. פאַרוואָס איז דאָס גראָד ער בעשטימט געוואָרען אויף
אַרויסצופיהרען דעם אמת אויפ'ן רײנעם וואַסער? מיר נעהמען
צום בײשפיעל, דעם דאָזיגען שווינדלער, דעם סטאָלאַר פון קאַמ־
פען, וואָס האָט זיך בעשעפטיגט בלומרשט מיט כשוף אין אַרויס־
גענאַרט פון לײכט־גלױביגע אָרעמע לײט זײערע לעצטע גראָשענס.
וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער דערויף געהאַט? און צי דען איז
די מאַכט נישט מחויב געווען אַרויסצוטרעטען ענטשלאָסען געגען
דעם שלעפער דעם שווינדלער לאַרסאָהן, וואָס האָט געהאַלטען דרשות
אין פערשידענע ערטער און געשטראָפט דעם עולם, ווערענד
אַלײן האָט ער געפיהרט גאָר נישט קײן פײן לעבען? יאָ. לונגע
האָט געהאַט וועגען איהם געניע ידיעות פון מאַנדאַל, ער האָט
נישט גערעדט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײן.

מיט זײן גליקליכער פעהיגקײט אַרײנצודרינגען איבעראַל,
אַרײנצושטעקען זײן נאָז גאָר אין די שמאָלסטע שפּעלטלעך. כדי
עפּעס אַרויסצושמעקען פאַר זײן „צײטונג", האָט לונגע שטענדיג
ענטדעקט עפּעס נײעס, אויסגעפוילטעס; ער איז געוואָרען אַ מין
„גאָטס קאָזאַק"; זיך אָנגענומען פאַר אַלע עולות, און פיהלענדיג
די הויכע בעדײטונג פון געדרוקטען וואָרט, איז ער הײס געווען אין
זײן צאָרן און אין זײן גלויבען. און קײנמאָל ביז דאַמאָלט האָט
נאָך זײן פעדער נישט אַרויסגעגעבען אַזאַ גלענצענדע אַרבײט,
וואָס האָט איבערגעשטיגען אַלץ, וואָס די שטאָדט האָט געזעהן
אויף דעם געביעט פון זשורנאַליסטיק. ער האָט קײנעם אין קײן
זאַך נישט געשוינט אין זײן גרויסען פלײס, ווײל פאַר איהם האָט
אַ פערזענליכקײט קײן ראָלע נישט געשפּיעלט. וועגען דעם, וואָס
דער קעניג האָט געשענקט פאַר אײן אַנשטאַלט פאַר אָרעמע פונפ־
ציג קראָנען, האָט די „צײטונג" מיטגעטײלט אין אײן און אײנצי־
גער שורה, אַז דער קעניג האָט געשענקט „העכער צוואַנציג קראָ־
נען פאַר די אָרעמע לײט פון נאָרוועגען". ווען „דער נאָרוועגער"

האָט געפֿונען פֿאַר נויטיג בילליגער צו מאַכען דעם אבאָנאַמענטס-
פרייז אויף אַ העלפֿט, האָט די „ציַיטונג׳ וועגען דער דאָזיגער נייעם
מיטגעטיילט אונטער דעם קעפּעל: „דער אָנהויב פֿון סוף‟. איהר
שאַרפֿזין האָט קיינעם נישט געשוינט.

מענשען האָט ער אויך געאַכטעט נאָר לויט זייערע פֿער=
דיענסטען, די בליקען פֿון די גרויסע מאַסען זענען שטענדיג געווען
אויף איהם געווענדעט, ווען ער איז איבער די גאַסען געגאַנגען אין
רעדאַקציע אָדער פֿון רעדאַקציע.

נאָר אַנדערש איז צוגעגאַנגען אַ מאָל, אין יענע לאַנג פֿער=
גאַנגענע ציַיטען, ווען ער איז נאָך געווען בעשיידען און אונבע=
קאַנט, און זעלטען=זעלטען ווער האָט איהם אויף דער גאַס בע=
גריסט. יענע ציַיטען זענען שוין פֿערביי, די קאַלטע סטודענטישע
יאָהרען, ווען ער האָט זיך געמוזט דורכשלאָגען פֿאָרווערטס מיט
די פֿערשידענאַרטיגסטע, נישט גאַנץ ריינע מיטלען און האָט סוף
כל סוף קוים מיט מיה דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטען. ער איז
געווען אַ יונגער בענייַסטערטער דאָרפֿס=בחור, וואָס האָט שנעל
תּופֿס געווען די וויסענשאַפֿט און האָט זיך געקאָנט אַ עצה געבען
אין די שווערסטע אומשטענדען. ער האָט געפֿיה־לט אין זיך בע=
האַלטענע כחות, אַרומגעגאַנגען מיט אַ מאַסע פּלענער אין קאָפּ,
זיך אומעטום פֿאָרגעלעגט מיט זיַין אַרבייט, זיך געניינט און גע=
בוקט, בעקומען איין אָבזאָג נאָכ׳ן אַנדערן און ביינאַכט פּלעגט ער
איינשלאָפֿען מיט צוזאַמענגעדריקטע פֿויסטען. אָבער וואַרט נאָר
אַ וויילע, יאָ, וואַרט נאָר אונטער, זיין ציַיט וועט ערשט אָנקו=
מען! און די, וואָס האָבען געוואַרט, האָבען דערלעבט צו זעהן,
ווי ער איז געוואָרען די וויכטיגסטע פּערזאָן אין שטאָדט און איז
אימשטאַנד געווען דאָס מיניסטעריום אַראָבצוּוואַרפֿען. ער איז
געוואָרען אַ מעכטיגער מענש פֿאַר דער גאַנצער וועלט, געהאַט אַ
הויז און אַ פֿאַמיליע, אַ פּרעכטיגע פֿרוי, וואָס איז געקומען צו
איהם בכלל נישט מיט לעדיגע הענד, און אַ ציַיטונג, וואָס האָט
איינגעבראַכט טויזענדער יעדען יאָהר. די נויט און אָרעמקייט זע=
נען שוין הינטער איהם געווען, די יאָהרען פֿון ליידען זענען פֿער=
ביי, זיי האָבען אַפֿילו נאָך זיך, ווי מען זאָגט, קיין זכר נישט

געלאָזט, אויסער איינציגע גראָבע בלויע בוכשטאַבען, וואָס זענען אויסגעקריצט געוואָרען אויף זיינע הענד, אין זיין היים, אין דאָרף, און וואָס זענען נישט פֿערשוואונדען טראָץ דעם, וואָס אין אַ משך פֿון לאַנגע יאָהרען האָט ער זיך בעמיהט זיי אָבצומעקען. און יעדעם מאָל, ווען ער האָט געשריבען, יעדעם מאָל, ווען ער האָט זיך צו עפּעס גענומען, האָבען זיך בעוויזען די דאָזיגע בלויע, שענדליכע פֿלעקען — זיינע הענד זענען געווען און פֿערבליבען גראָב.

נאָר צי דען דאַרפֿען זיינע הענד די סימנים פֿון אַרבייט נישט טראָגען? צי דען קאָן מען געפֿינען נאָך עמיצען, וואָס זאָל ערפֿילען אַזעלכע שווערע פֿליכטען ווי ער? וואו זענען די פּאָליטישע טהוער געווען, וואו די צייטונגען? דאָס האָט ער אַלעמען געפֿיהרט און כמעט די ראָלען אויסגעטיילט. דער אַלטער, אינהאַלטס-אָרעמער „נאָרוועגער" האָט איהם נאָר דעם וועג פֿערשטעלט און די גאַנצע זאַך פֿערדאָרבען מיט זיין מאַכטלאָזיגקייט און אונגעשיקליכקייט; ער האָט נישט פֿערדיענט צו טראָגען דעם נאָמען פֿון אַ היינט-וועלטיגען אָרגאַן. און דאָך האָט ער געהאַט אַבאָנענטען, עס האָבען זיך געפֿונען מענשען, וואָס האָבען געלייענט דאָס דאָזיגע פֿערגליווערטע שטיק חלב. אָרעמע, אָרעמע מענשען! און לונגע האָט בעשיידען פֿערגלייכט די ביידע ליבעראַלע צייטונגען — זיין אייגענע און די אַנדערע, און האָט איינגעזעהן, אַז דער „נאָרוועגער" פֿערדיענט אפילו נישט דאָס רעכט צו עקזיסטירען. נאָר, גאָט מיינער, עקזיסטירט ער יאָ, אַזוי זאָל ער זיך עקזיסטירען, ער, לונגע, וועט נאַטירליך קיין שאָדען זיין קאָנקורענט נישט טהון, יענער וועט זיך שוין מיט זיין אייגענעם טויט שטאַרבען דען ער האָט דאָך שוין איבערגעלעבט דעם אָנהויב פֿון סוף. אויסער דעם האָט ער פֿיעל אַנדערע זאָרגען אויפֿ'ן קאָפּ.

אַלעקסאַנדער לונגע האָט זיך נאָך כלל נישט בעגנוגענט מיט יענע טויזענדער, וואָס ער האָט פֿערדיענט, און מיט יענעם בעריהמטען נאָמען, וואָס ער האָט זיך שוין פֿערשאַפֿט; אין זיינע געדאַנקען האָט זיך שוין לאַנג בעוועגט עפּעס אַנדערעס, גרעסערעס. נאַטירליך, ער איז בעוואוסט געווען אַלעמען און יעדערען, מען האָט איהם געלויבט, גערעדט וועגען איהם, פֿיעל האָבען פֿאַר איהם

מורא געהאט, נאר וואס ווייטער? וואס קאן איהם שטערען צו דערגרייכען נאך עפעס גרעסערעס, אזוי גרויס מאכען זיין איינפלוס, אז ער זאל זיך אונטערטעניג מאכען יעדעס הויז, יעדעס געפיהל? צי דען פעהלט איהם דערצו פערשטאנד און כח? אמת, פאר דער לעצטער צייט האט ער טיילמאל אזא געפיהל, ווי ער וואלט שוין נישט געוועזען אזוי טעטיג און געשיקט ווי פריהער; עס האבען אנגעהויבען אנקומען אזעלכע מאמענטען, ווען ער האט זיך געפיהלט שוין נישט גאר אין זיין טעלערעל, און דאס האט ער נישט געקאנט פערשטעהן. נאר אלענפאלס האט ער נישט וואס צו בעאונרוהיגען זיך, ער האט נאך דאס זעלבע פייער אין דער ברוסט און די זעלבע שארפע פעדער אין דער האנד, קיינער וועט נישט קאנען זאגען, אז ער איז שוין אלט געווארען און זיך אויסגעשריבען. ער וועט נאך קאנען שטארקער זיין בייגען אנציהען, פול מאכען מיט זיין רוהם אלע ווינקלען אין שטאדט און דארף ווערען דער העלד פון טאג. פאנאנדערבלאזען א גוואלדיגען טומעל ארום זיין נאמען, פארוואס נישט? ער האט כלל נישט ברעה אריבערצוציהען צו זיך יענע ארעמע טויזענד אבאנענטען, וואס „דער נאוועגער" פערמאגט נאך, ער דארף זיי גאר נישט, ער קאן זיך שאפען נייע אבאנענטען אליין, אליין מיט זיין אייגענער מיה און טאלענט. וואס פאר א בארג גאלדענע מטבעות ער וועט אזוי ארום אנשארען, און אויסער דעם וועלען אלע זיין נאמען דערמאהנען, אלע!

גראד איצט איז ער געזעסען איבער די פאפירען, וואס דארפען איהם העלפען זיין פלאן אויסצופיהרען, און זיין לעבהאפטער פערשטאנד איז געגצליך געווען פערשלונגען אין דעם דאזיגען פראכטפולען פלאן, וואס ער האט אויסגעטראכט. ער האט זוכה געווען צו א אונגעוועהנליך גליק: אין זיין קאנטאר איז געקומען א פויער און האט מיטגעטיילט א מיאוסע מעשה, וואס עס האט אבגעטהון דער פאסטאר פון זיין דארף מיט זיינער, דעם פויערס טאכטער, א קינד, א מערעלע, וואס איז נאך קיין צעהן יאהר נישט אלט.

לונגע'ס שטערן האט זיך געקנייטשט פאר צארן. א פאסטאר,

א בעווייבטער פאסטאר, און א קינד, קאן מען זאגען, נאך א
מיקעל־קינד! ציי איז שוין דען א מאל געהערט געווארען אזא
שרעקליכע זאך?... דאס מערעלע האט זיך מודה געווען?

יא, דאס מערעלע האט זיך מודה געווען. און נאך ווינ־
ציגער איז דאס, וואס דער פייער האט איהם געפאקט ביי'ם סאמע
פערברעכען, פשוטו כמשמעו איבערראשט איהם אין סאמע מיטען
דרינען. מען קאן זיך פארשטעלען, ווי זיין פאטערליך הארץ
האט זיך צוזאמענגעדריקט, ווען ער האט עס דערזעהן דאס
ערשטע מאל.

דאס ערשטע מאל? ציי דען האט ער דאס געזעהן מעהר
ווי איין מאל?

דער פויער האט מיט א ניעדערגעשלאגענער מינע א שאקעל
געטהון מיט'ן קאפ. יא, ליידער האט ער עס צוויי מאל געזעהן,
כדי צו זיין זיכערער דערין, צו וויסען קלאר, אז אזוי איז עס,
און צו'ם צווייטען מאל האט ער נאך אויף א צולעג געהאט א
גרייטען עדות אויך, כדי אין קיין פאל נישט קיין טעות צו האָ־
בען. ווארום ער האט דאך געמוזט געהן אנקלאגען דעם פאסטאר,
און אזוי ווי ער איז א פשוט'ער מענש, האט ער דאך געמוזט בע־
קומען א בעוויז, אז דאס, וואס ער זאגט, איז אמת.

און דער צווייטער מענש, דער עדות, ווער איז ער? —
נאר אט זענען דא די פאפירען, די דאקומענטען, א שריפט פון
עדות אונטערגעשריבען מיט זיין נאמען, און ער וועט שוין אליין
אלץ קאנען איבערלייענען.

לונגע האט אזש געציטערט פאר שמחה מיט אזא מציאה,
מיט אזא גאלד־גרוב דורך א אונגליק, וואס איהם וועט בעשערט
זיין פאר דער גאנצער וועלט צו ענטדעקען. די דאקומענטען צי־
טערען אין זיין האנד. דעם אמת פאר דער גאנצער וועלט געגען
גרויסע און קליינע, געגען יעדען, ווער עס צעשטערט דאס געזעץ
און שענדיגט די געזעלשאפט! ער האט זיך גאר נישט געקאנט
אנזעטיגען מיט דער שמחה, וואס קיינער אויסער איהם האט נאך
דעם דאזיגען מענשען נישט דערשמעקט; ווען דער פויער וואלט
געקומען צו'ם רעדאקטאר פון „גארוועגער“, וואלט יענער פשוט

גענומען און מיטגעטיילט די געשיכטע דער פאליציי און דערמיט וואלט ער די גאנצע זאך פערדארבען. עס איז א ריינער גליק געווען, וואס דער פויער האט זיך אליין א ביסעל געחאפט און געוואוסט, צו וועמען צו קומען. וואס פאר א רעש זיין מיטטיילונג וועט אנמאכען, וואס פאר א געשריי עס וועט ווערען צווישען די גייסטליכע! און דאדורך וועט ער נאך מעהר פערשטארקען די לאגע פון דער „צייטונג", וואס איז אייגענטליך דער איינציגער ארגאן, וואס לוינט צו לייענען.

און לונגע זאגט. צו דעם פויער, זיך צו נעהמען צו דער זאך מיט אלע כחות, וואס ער פערמאגט נאר. דער פאסטאר וועט מוזען אראב פון זיין שטעלע; קיין איין טאג וועט ער ניט קאנען קיין גלח בלייבען, נאכדעם ווי אלץ וועט בעוואוכט ווערען.

נאר דער פויער בלייבט ווייטער זיצען אויפ'ן שטוהל און ווייזט נישט ארוים מיט קיין איין בעוועגונג, אז ער קלערט אוועקצוגעהן. לונגע פערזיכערט איהם נאך א מאל, אז ער וועט זיך נעהמען צו דער זאך מיט'ן גרעסטען פלייס, נאר דער פויער קוקט אויף איהם און זאגט, אז ער... הם... ער איז דאך נישט געגאנגען צו דער פאליציי מיט דער דאזיגער נאכריכט.

ניין, ניין, דאס איז אינגאנצען איבעריג, סיי ווי וועט דאך אלץ געדרוקט און בעוואוסט ווערען, אין בעסערע הענד האט די זאך גאר נישט געקאנט אנקומען.

ניין, ניין, נאר... הם... ער האט דאך נישט געבראכט די דאזיגע... נייעס גאר אומזיסט, נישט אמת?

אומזיסט? וואס מיינט ער דערמיט? ער וויל קריגען א בעלויהנונג פאר...

יא, א קליינע בעלויהנונג, יא. מען קאן דאס אנרופען אזוי, יא, בעלויהנונג. דער וועג איז געוועזן א לאנגער, ס'האט געקאסט אי דער דאמפפער, אי די באהן.

איצט האט דער רעדאקטאר לונגע ערשטוינט א קוק געטהון אויף איהם. צי דען איז דאס א נארוועגער פויער, פון יענע אלטע בכבוד'יגע פויערען, וואס וויל פאר בעלויהנונג זיין אייגענע

טאָכטער צו שאַנד מאַכען ? זיין שטערן האָט זיך ווידער פער־קנייטשט און ער איז שוין גרייט געווען אויסצושטרעקען די האַנד און דעם דאָזיגען מענשען די טהיר ווייזען, נאָר ער האָט זיך איבערגעלעגט. דער פויער איז אַ דורכגעטריבענער יונג, ער האָט גאָר נישט שעמעוודיג פאָרגעלעגט דעם דאָזיגען קליינעם געשעפט, און איז אימשטאַנד אוועקצוגעהן פון דער „ציימונג" און אָבטראָגען זיין געהיימנים אין די פּאָליציי. און דאַן, אפילו אַז אין דער „ציימונג" וועט מאָרגען געדרוקט זיין די דאָזיגע נאַכריכט, וועט עס שוין נישט זיין קיין אמת'ע ריינע ענטדעקונג, ווי באַלד די פּאָליציי וועט עס נאָך היינט וויסען. דאָס וואָלט שוין נישט געווען קיין באָמבע, דאָס וואָלט שוין נישט געווען קיין דונער אין מיטען העלען טאָג.

לונגע בעקלערט זיך.

— וויפיעל אַ שטייגער דאַרפט איהר, לויט אייער מיינונג, בעקומען פאַר די נייעס וועגען אייער טאָכטער? — פרעגט ער.

דען אַ וויצעל איז ביי לונגען שטענדיג גרייט אויף דער צונג, און אָט פאַרוואָס ער זאָגט: די נייעס וועגען אייער טאָכטער.

נאָר דער פויער, פון די אַלטע בכבודיגע פויערען, וויל בעקומען אַ רעכטע בעלויהנונג, אַ קיילעכדיגע סומע, הונדערטער, און עס איז קלאָר געווען, אַז ער פערלאַנגט נישט נאָר מען זאָל איהם אומקעהרען די הוצאות, נאָר אויך שמוציגע, מיט בלוט פערגאָסענע געלד פאַר דאָס געהיימנים גופא.

לונגע'ס צאָרן געגען דעם דאָזיגען הולטאַי הויבט אָן צו זידען. דאָך בעהערשט ער זיך ווידער. אין קיין פאַל טאָר ער פון די הענד נישט ארויסלאָזען די דאָזיגע זאַך, זי מוז פערעפענטליכט ווערען אין דער „ציימונג". טומעל און צאָרן, אָבער אויך פערעהרונג און אַכטונג מוז די זאַך ארויסרופען. ער בעקלערט ווידער די לאַגע. די זאַך איז קלאָר, אַלץ איז בעוויזען. דער פּאַסטאָר איז איבערראַשט געוואָרען אויפ'ן אָרט פון פערברעכען, און קיין טעות האָט דאָ נישט געקאָנט פאָרקומען; די שריפט פון עדות האָט ער אין די הענד, און צו דעם אַלעם

האָט זיך דאָס מערעל אַלײן אויך מודה געװעזען. און כּדי נאָך זיכערער צו זײַן האָט דער פֿאָטער אַלײן די ידיעה געבראַכט.

און לונגע לעגט פֿאַר אַ סומע.

נאָר דער פױער שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. די מעשה דערפֿון איז אַזױ, װאָס ער... הם... ער מוז זיך נאָך טײַלען מיט יענעם, מיט׳ן צװײַטען, מיט׳ן עדות, װאָס ער האָט צוגעגרײַט אױפֿ׳ן צװײַטען מאָל. נײַן... הם... ער האַלט זיך בײַ זײַנס, אַז ער מוז בעקומען די גאַנצע סומע, אײן גראָשען ניש װעניגער.

לונגע האָט דערפֿיהלט אַזאַ עקעל צו דעם דאָזיגען שרעקליכען פֿאָטער, אַז ער האָט צוגעלעגט נאָך הונדערט קראָנען צו דער סומע, װאָס ער האָט שױן פֿריהער פֿאָרגעלעגט, אַבי װאָס שנעלער פּטור צו װערען פֿון איהם. נאָר דער פױער פֿערשטעהט, אַז עס געהט, לאָזט ער ניש אָב קײן האָר פֿון זײַן ערשטער פֿאָדערונג. פֿערשטעהט איהר מיך, צו דעם אַלעם קומט נאָך צו אױך דאָס. װאָס ער... הם... לײַדער װעט ער מוזען אױסשטעהן פֿערשידענע אונאַנגענעהמליכקײַטען אין זײַן דאָרף דערפֿאַר, װאָס ער האָט אַזאַ קינד. דאָס איז ניש אַזױ בעקװעם פֿאַר איהם, דערצו נאָך האָט ער חובֿות, און דעם זאַמת זאָגענדיג, װעט ער זיך ניש פֿיהלען פֿאָלשטענדיג בעפֿריעדיגט... הם... פֿאַר די נײַעס, אױב ער װעט בעקומען װעניגער, װי ער האָט פֿערלאַנגט.

לונגע גיעט נאָך. מיט טיעפֿער פֿעראַכטונג צו דעם דאָזיגען ניעדריגען מענשען בעצאָהלט ער איהם דאָס געלד. ער געהט אַלײן צו׳ם קאַסירער און נעהמט דאָס געלד אױף זײַן אײגענעם רעכנונג, כּדי קײנער זאָל עפּעס ניש חושד זײַן.

איצט זיצט לונגע אין זײַן קאַנטאָר, און ער האָט נאָך מעהר דאָקומענטען. ער האָט אין די הענד נאָך מעהר ראַיות, װאָס איז אונמעגליך זײ אָבצולײַקענען. די דרײַ טאָג פֿון זינט דער פֿיער איז דאָ געװעזען ביז הײַנט, האָט ער אױסגענוצט אױף צו מאַכען אַ גענױע אױספֿאָרשונג, געשיקט לעפּאָרעלאָ׳ן, זײַן טרײַען מיטאַרבײַטער, אױפֿ׳ן אָרט פֿון פֿערברעכען, כּדי אַלץ אױסצושמעקען, און לעפּאָרעלאָ איז צוריקגעקומען און אַלץ בע-

שטעטיגט. און אַט וועט די באָמבע שוין איצט פּלאַצען.
מענשען געהען אַריין און אַרויס פון קאָנטאָר, די טהיר
בלייבט אַ מינוט נישט רוהיג, דער רעדאַקטאָר איז אין אַ פרעב־
טינער לוינע. אויסער דעם ערפאָלג דורך דעם דאָזיגען סקאַנדאַל,
וואָס פילט איהם אָן מיט שמחה, וועט ער נאָך היינט אָווענד זיך
טרעפען מיט איין פערזאָן, און די דאָזיגע בעגעגניש פערשאַפט
איהם שוין פיעל פערגניגען. ער שפּאַסט, שיקט אַוועק אַרטיקלען
און טעלעגראַמען מיט אַ שמייכלענדיג געזיכט און גיעט אַרויס די
בעפעהלען אין צוויימען צימער מיט שאַלענדע אויסשרייען. דאָס
לעבען איז העל און ליכטיג, די גוואַלדיגע נייעס וועט אין עטליכע
שטונדען אַרום בעוואוסט ווערען איבעראַל, און אין דער פריה —
שוין מאָרגען אין דער פריה — וועט זיך די שטאָדט איפּחאַפּען
דורך אַ קנאַל פון אַ גוואַלדיגע? געשעהעניש. די אויספאָרשונג
האָט זיך אַזוי גוט איינגעגעבען, אַז ער רעכענט לעפּאָרעלאָ'ן צו
געבען אַ מתנה אַ קליינע בעלוינונג אויסער זיין שטענדיגען גע־
האַלט, אַזוי דאַנקבאַר איז ער פאַר די פּרעכטיגע אַרבייט. „אַ
דאַנק אייך", — האָט ער געזאָגט און לעפּאָרעלאָ'ן די האַנד דער־
לאַנגט. און אַזוי ווי אין צימער זענען געווען פיעל מענשען, האָ־
בען זיי זיך אייניאַנדער אָהן ווערטער פערשטאַנען.
איבעריגענס האָט ער נאָך אַ נייע שליחות פאַר לעפּאָרעלאָן.
ער האָט היינט דערהאַלטען אַ מודעה פון איינער אַ אָרעמער ווע־
שין פון האַמערסבאָרג, אַ ביטע, מען זאָל איהר העלפען אין
איהר נויט. נאָט מיינער, זי האָט זאָגאַר געצאָהלטם נעשיקט,
פינף און פיערציג ערעם אויף צו דרוקען די מודעה איין מאָל.
צי דען איז דאָס נישט ריהרענד? ער איז גליקליך געווען, וואָס
דער דאָזיגער בריעף איז על פּי טעות אָנגעקומען צו איהם,
אָנשטאָט אין קאָנטאָר, איצט וועט די דאָזיגע פרוי צוריק קאָנען
בעקומען איהרע אָרעמע גראָשענס. נאַטירליך איז ער אַ לינקער
נאָר ער איז דאָך נישט קיין בלוטזויגער, די דאָזיגע פרוי האָט
נישט פערשטאַנען די שטרעבונגען פון דער „צייטונג". איצט וועט
ער בעטען לעפּאָרעלאָ'ן, ער זאָל איהר אָוועקטראָגען אַט דעם דאָ־
זיגען פּאַפּיערל, אַ דערוויילינע הילף, שפּעטער וועט ער אין דער

„צײַטונג״ פֿאַר איהר הילף בעטען. דאָ, פֿערשטעהט זיך, מוז מען העלפֿען ווי ווײַט נאָר מעגליך.

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט לונגע געפּועלט דאָס, אַז עטליכע פֿרעמדע מענשען, וואָס זענען אין צימער געווען, האָבען יעדער זײַן נדבה געגעבען. טרעהרען האָבען זיך איהם שיער נישט אין די אויגען געשטעלט; אין דעם אויגענבליק האָט זײַן עמפּפֿינדליכקײַט איהם אַזוי ווי ווײַבער געמאַכט, ער איז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין די פֿערקערפּערונג פֿון מיטלײַד צו דער דאָזיגער אונגליקליכער פֿרוי פֿון האַמערסבאָרג.

אין אָווענד איז ער נישט מיט אַמאָל אַהײם געגאַנגען פֿון דער רעדאַקציע. ער האָט נאָך געמוזט דאָרט פֿיעל זאַכען בעזאָרגען, ער האָט געמוזט אַלײן זײַן אי דאָ, אי דאָרטען. און אין אָווענד דאַרף ער געהן אויף אַ פֿערזאַמלונג אין אַרבײַטער־פֿעראײַן. ער האָט אַלײן מיט זײַנע אײַגענע הענד איבערגעגעבען דעם שליח דעם אַרטיקעל וועגען סקאַנדאַל, געזאָגט זײַן סעקרעטאַר, וואוהין ער געהט, און אַרויס פֿון קאַנטאָר ווי אַ יונגער בחור, ווי אַ פֿיערציג־יעהריגער פֿראַנט. מיט לײַכטע טריט און דעם הוט אויף אַ זײַט, אַזוי ווי שטענדיג.

---

# IV

דער גרויסער זאַל פֿון אַרבײַטער־פֿעראײַן איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענשען, און די דיסקוסיעס האָבען געהאַלטען אין סאַמע רעכטען מיטען. אַ רעכטער, אָבער גאָר אַן׳אמת׳דיגער רעכטער, איז אויף די בּיהנע אַרויף און געוואַגט זײַן מײַנונג אַרויסצוזאָגען וועגען דער בעהאַנדעלטער פֿראַגע; נאָר אָפֿט האָט מען איהם מיט אויסשרײַען איבערגעריסען.

ווען לונגע איז אַרײַנגעקומען, איז ער אַ ווײַלע געבליבען שטעהן בײַ דער טהיר און אַרומגענומען די פֿערזאַמלונג מיט אַ זוכענדען בליק. ער האָט גלײַך געפֿונען די, וואָס ער האָט געזוכט, און אָנגעהויבען זיך דורכצומאַכען אַ וועג דורכ׳ן זאַל. ער האָט בעגריסט אויף רעכטס און אויף לינקס, אַלע האָבען איהם געקענט

און זיך אין אַ זײַט אָבגערוקט, כּדי איהם דורכצולאָזען. ער איז שטעהן געבליבען בײַ דער געגענאיבערדיגער וואַנד און זיך העפליך פערנײַגט פאַר אַ יונגער דאַמע מיט העלע האָר און דונקעלע אויגען. זי האָט זיך שנעל אָבגערוקט אויף דער באַנק און ער האָט זיך געזעצט נעבען איהר; עס איז גאַנץ קענטיג געוועזען, אַז זי האָט געוואַרט אויף איהם. די דאַמע איז געוועזען מאַדאַם דאַגני האַנסען, געבאָרענע קיעלאַנד, זי איז געקומען צו פאָהרען אַהער פון אַ האפען-שטאָדט און דאָס לעצטע יאָהר האָט זי געלעבט אין חריכטיאַניען, וועהרענד איהר מאַן, דער פלאַטס-לײַטנאַנט האַנסען, איז געוועזען אויף דער רײַזע. איהרע אונגעוועהנליך שווערע העלע האָר זענען געוועזען פערפלאָכטען ווי איין קנויל, איהר קלײַדונג איז געוועזען זעהר רײַך.

— גוטען אָווענד! — האָט זי געזאָגט: — איהר האָט זיך פערשפעטיגט.

— יאָ, געהאַט פיעל אַרבײַט, — האָט ער געענטפערט.

נאָר איצט איז ער שוין מעהר נישט אימשטאַנד געוועזען אײַנצוהאַלטען אין זיך זײַן וויכטיגען סוד און ער האָט צוגעגעבען:

— נאָר טײַלמאָל בעקומט מען איך אַ לויהן פאַר פיעל אַרבײַט; גראָד איצט דאַרף איך אַרונטערדײַסען אײנעם פון די בעקאַנטעסטע פאַסטאָרען אין לאַנד, — מאָרגען וועט זיך דער שאָס דערהערען.

— אַרונטערדײַסען? וועלכען פאַסטאָר?

— זײַט רוהיג, — האָט לונגע געזאָגט: — דאָס איז נישט אײַער פאָטער.

זי האָט זיך צעלאַכט און דערבײַ האָט זי געוויזען איהרע געלבליכע צײַהן הינטער די רויטע ליפען.

— נאָר וואָס האָט ער דאָס געטהון, דער דאָזיגער פאַסטאָר?

— אָ, — האָט ער געענטפערט — אַ שווערע זינד, אַ שרעקליכען פערברעכען, חאַ-חאַ!

— גאָט מײַנער, וויעפיל שלעכטס עס זאַסירט זיך שטענדיג אויף דער וועלט!

זי האָט די אויגען אַראָבגעלאָזט און געשוויגען. דער דאָזיגער סקאַנדאַל האָט זי גאָר ניט אָבגעפרישט, פערקעהרט, זי איז אַ גאַנצען טאָג אַביסעל אומעטיג געווען און איצט איז זי געוואָרען נאָך אומעטיגער. ווען זי וואָלט ניט געזעסען צווישען אַזוי פיעל מענשען און ניט געהערט די אונאויפהערליך דונערנדיגע שטימע פון רעדנער, איבערגעריסען דורך די אויסשרייען פון פובליקום, וואָלט זי מיט די הענד דאָס געזיכט פערשטעלט און זיך צעוויינט. אין פערלויף פון לעצטען יאָהר האָט מאַדאַם דאַגני ניט געקאָנט הערען וועגען קיין סקאַנדאַל, אַז זי זאָל דערביי אַליין ניט אויפגעציטערט ווערין. ווייל זי האָט אויך געהאַט אַ געשיכטע, אַ אייגענע קליינע עבירה'לע אין לעבען. קיין שווערע זינד האָט זי, נאַטירליך, ניט געהאַט, ניין, דאָס איז ניט געווען קיין פלעק, דאָס האָט זי אַליין געוואוסט, נאָר אַלענפאַלס איז דאָס געווען אַ זינד, אַח, וואָס פאַר אַ זינד. נאָך איהרע אונגליקליכע בעציהונגען מיט אַ יונגען וואַנדערער, אַנ׳אמת׳ען אוואַנטוריסט, אַ קליין ניעדריג פערזעהענישעל מיט׳ן נאָמען יאָהאַן נאַגעל, וועלכער איז אין פאָריגען יאָהר אויף איהר לעבענס-וועג ערשיענען און איהר גאָר דעם קאָפּ פערדרעהט, האָט מאַדאַם דאַגני געמוזט טראָגען אין זיך אַ אייגענעם געהיימען אונגליק. זייערע בעציהונגען האָבען זיך ניט געענדיגט מיט דעם, וואָס ער האָט טיעף אַראָבגלאָזט דעם הוט פאַר איהר און שוין אָבגעזאָגט דעם לעצטען „אַדיע". — ניין, דער דאָזיגער מאָדנער מענש האָט זיך אַראָבגעוואָרפען מיט׳ן קאָפּ אַראָב אין ים אַריין און געמאַכט אַ סוף מיט זיך, ניט זאָגענדיג קיין וואָרט. אויף אַזאַ אופן האָט ער פּשוט די גאַנצע שווערע פעראַנטוואָרטליכקייט אויף איהר איבערגעלאָזט, און דעריבער איז זי דאָס ווי מעגליך שנעלער פון דער היים אַוועקגעפאָהרען און זיך אין חריסטיאַניען בעזעצט. נאָך פריהער האָט זיך מיט איהר אויך פּאַסירט אַ געשיכטע: אַ אָרעמער טעלעגראַף-באַאַמטער... האָט זיך אַזוי שטאַרק פערליעבט אין איהר, אַז... נאָר דאָס איז שוין אויף אַנ׳אמת געווען צו עקעלהאַפט, צו לעכערליך, און זי האָט אַפילו ניט געוואָלט קלערען וועגען דעם. עפּעס אַנדערש — נאַגעל, וועלכער האָט זי כמעט געצוואונגען,

אינגאַנצען אין זיך צו פֿערגעסען. אַלץ האָט שוין געהאַנגען אויף אַ האָר, ווען זי האָט איהם צו'ם לעצטען מאָל געזעהן; איין און איינציג וואָרט, נאָר איין האַלבע ביטע פֿון זיין זייט, און זי וואָלט אויף קיין זאַך נישט געקוקט און זיך איהם אויפֿ'ן האַרצען געוואָרפֿען. ער האָט די דאָזיגע האַלבע ביטע נישט אַרויסגעזאָגט, ער האָט דאָס שוין מעהר נישט געוואָגט, און איהר אייגענע שולד איז בעשטאַנען דערין, וואָס זי האָט איהם עטליכע מאָל אַזוי אונבאַרמהערציג ענטזאָגט. געוויס, אין דעם בעשטעהט איהר אייגענע שולד.

נאָר שפּעטער איז מאַדאַם דאַגני אַרומגעגאַנגען און געטראָגען אין האַרצ'ן די דאָזיגע שולד געגען זיך אַליין און געגען איהם. קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס דריקט זי אַזוי, נאָר אָפֿט האָט זי געטומעלט און זיך נאַריש געמאַכט און קאָקעטירט ערגער ווי די ערגסטע קאָקעטקע, און דאַן פֿלעגט זי פּלוצלונג ערנסט און שווייגעוודיג ווערען. איצט איז זי אויך אַזוי געווען. און דאָ דאַרף זיך נאָך טרעפֿען די דאָזיגע געשיכטע מיט'ן פּאַסטאָר. זי האָט פֿערשטאַנען, וואָס דאָ איז פֿאַר אַ מעשה, זי האָט דאָס געפֿיהלט נאָך זיך, און דאָס האָט נישט ערוועקט אין איהר קיין שענע, גוטע שטימונג. שטענדיג טרעפֿט זיך עפּעס שלעכטס, שטענדיג געפֿינט זיך אַ מענש, וואָס איז נישט פֿאַרזיכטיג געווען מיט זיך אַליין. פֿאַרוואָס זאָל די מענשען נישט זיין אַזוי גוט, אַז זיי זאָלען קאָנען גליקליך זיין אין לעבען? לונגע האָט גלייך דערזעהן, אַז ער האָט אויף איהר אַ שלעכטע שטימונג אָנגעוועהט. ער האָט זי אַזוי גוט געקענט, אַז ער האָט נישט געקאָנט זיך טועה זיין, און דעריבער האָט ער געזאָגט מיט אַ געדריקטער שטימע:

— איהר ווילט, איך זאָל אין דרוק אַריין געהן און צוריקנעהמען דעם אַרטיקעל?

זי האָט פֿערוואונדערט אַ קוק געטהון אויף איהם. איהר איז אפילו גאָר נישט איינגעפֿאַלען זיך פֿאַר'ן פּאַסטאָר אָנצונעהמען, זי איז בעטריבט געוואָרען גאָר נישט צוליעב זיין געשיכטע. זי האָט געזאָגט:

— איהר מיינט עס אויף אַנ'אמת, וואָס איהר זאָגט?

— זעלבסט פערשטענדליך, — האט ער געענטפערט.

— נאר ווי קאנט איהר דאס מיר אזא פראגע שטעלען? צי דען איז דער פאסטאר נישט שולדיג?

— יא. נאר, פערשטעהט איהר, פאר איך...

— א, — האט זי זיך אנגערופען און זיך צעלאכט: — ווי איהר באלעוועט מיך!

אלענפאלס האט שוין זיין פארשלאג אליין איהר א בעסערע שטימונג געמאכט. ער איז גרייט געווען צו טהון דאס, וואס זי וועט הייסען, און זי האט איהם געדאנקט פון גאנצען הארצען.

— איך קאן גאר נישט פערשטעהן, ווי אזוי דערוויסט איהר זיך דאס אלץ, ווי שפירט איהר דאס אויס די דאזיגע אלע מענשען. איהר האט צו זיך קיין גלייבען נישט, לונגע!

דאס דאזיגע: „איהר האט צו זיך קיין גלייבען נישט, לונגע!" האט אנגעפילט זיין הארץ מיט שמחה און איהם גליקליך געמאכט. דען אין אמת'ן גערעדט בעקומט מען דאך אזוי זעלטען די אייפריכטיגע אכטונג און שעצונג, טראץ די אלע גוטע זאכען, וואס מען טהוט אויף, און ער האט דאנקבאר געענטפערט נאר מיט א פראזע, א שפאסעל:

— יא אונזער נעץ איז פערשפרייט איבעראל, מיר שלאפען נישט. מיר זענען דאך עפעס די פרעסע, מיר זענען דאך א קראפט אין דער מלוכה.

און ער האט זיך אליין צעלאכט פון זיינע ווערטער.

דער אמת'ער רעכטער האט זיין רערע געענדיגט, און דער פארזיצענדער רופט אויס:

— דאס ווארט בעקומט הערר באנדעסען.

דער ראדיקאל ענדרע באנדעסען שטעהט אויף פון מיטען זאל און לאזט זיך שנעל צו דער ביהנע. ער איז געזעסען צוזאמען מיט די שוועסטער אילען און געמאכט נאטיצען, ער האט געהאט בדעה ארויסצוטרעטען געגען דעם פריהעריגען רעדנער, דעם רעכטען, אזוי אומשטענדליך, ווי ער איז נאר אימשטאנד געווען. ער וועט קיין ראדיקאל און קיין היינט-וועלטיגער מענש נישט הייסען, אויב ער וועט דעם דאזיגען העררן נישט אנווייזען

אויף זיין אמת'ען פלאץ, אויף זיין נארע, אויף די פינסטערע רעאק־ציאנערע פארטיי, פון וועלכער ער איז געקומען אהער; נישט דא איז זיין ארט. באנדעסען איז שוין נישט איין מאל פריהער אויף דער דאזיגער קאטעדרע געשטאנען און זיינע וואהרהייטען פאר'ן גאנצען זאל ערק'ערט.

— יא, געעהרטע דאמען און געעהרטע העררען, וואהרהייטען, און נישט איין מאל, אויף ווי פיעל די כחות טראגען. דעריבער וואגט ער זיך אויך איצט צו האפען, אז מען וועט איהם איסהערען אויפמערקזאם אין פערלויף פון א קורצער צייט, ער וויל נאר איניגע פראגען שטעלען. נאר וואס איז דא געשטאנען א מענש — איצט האט ער זיך שוין אויף זיין טראן בעזעצט (געדעכטער) — האט ער געוואלט פערזיכערן מענשען, היינטוועלטיגע מענשען, אז די לינקע וועלען דאס לאנד אויף א פאלשען וועג פיהרען. נישט אמת, מען מוז בעזיצען דעם מוט פון א פערצוויי־פעלטען, כדי זיך צו קאנען ווענדען מיט אזא מין ארט רעדע צו דער גרעסטער פאליטישער פארטיי אין נארוועגען? מיר זענען לינקע, מיר זענען ראדיקאלען, נאר מיר זענען נישט קיין שוטים, נישט קיין אנארכיסטען, נישט קיין ווילדע חיות. אויב דאס לאנד איז אויף א פאלשען וועג ארויף, אזוי איז עס געשעהן נאכדעם, ווי די רעגיערונג איז דורך א סקאנדאלעזען אופן אויף רעכטס אריבער, און דאס האט די רעגיערונג געטהון (צושטימונג). און וואס בעשטעהט דאס פראגראם פון די לינקע? א געריכט פון געשווארענע, אלגעמיינע דעמאקראטיזאציע, אלגעמיינע וואהלרעכט פאר ערוואקסענע מענער און פרויען, איינשפארונג אין דער ווירט־שאפט פון דער מלוכה, פערקלענערן די צאהל פון די בעאמטע, ארויסטרייבען פון די שולען פאנטאסטישע קאטעכיזים, איינפיהרען עהרען־געריכטען און אזוי ווייטער, דאס אלץ זענען דורכאויס הומאנישע איינפיהרונגען, דורכאויס צוגעפאסט צו'ם צייטגייסט פון דער אידעע און אט קומען מענשען און זאגען, אז דאס לאנד איז אויף א פאלשען וועג ארויף! מען קאן דאס פראגראם אנרופען ראדיקאל, דאס מעגט איהר, נאר יעדע שווערערע בעשולדיגונג איז פאלש.

איצט שטעהט ווידער אויף דער רעדנער און זאגט:

— נאר דאס זאג איך דאך טאקי, אז גראד מיט זייער ראדיקאליזמוס האבען די לינקע דאס לאנד אויף א שלעכטען וועג פערפיהרט!

דער פארזיצענדער שלאגט איהם איבער:

— דאס ווארט האט איצט העדר באנדעסען!

נאר עפעס א פארזיכטיגער לינקער מישט זיך אריין:

— מיר האלטען פאר נישט ריכטיג דעם העררן באנדעסענס ערקלערונג, אז די לינקע פארטיי איז ראדיקאל. העדר באנדעסען איז א ראדיקאל און ער רעדט פון זיין שטאנדפונקט, אבער נישט פון שטאנדפונקט פון די לינקע.

איצט שרייט דער פארזיצענדער מיט א דונערדיגער שטימע:

— דאס ווארט האט איצט העדר באנדעסען.

און באנדעסען, א געבארענער פון בערגען, האט גאר נישט דאגעגען, אז ער זאל אליין בלייבען שטעהן און זאל אלס ראדיקאל, ווי ער איז שוין פריהער געשטאנען, געניג שטארק דערצו האט ער זיך אין דעם אויגענבליק געפיהלט. און דעריבער האט ער, איבערגעהענדיג צו זיין רעפעראט, אנגעהויבען רעדען העכער, כדי צו ווייזען, ווי ווייניג ער האט מורא פאר עמיצען.

— די רעכטע האבען שטענדיג געזעהן פעהלערען אין גרייזען אין יעדער בעוועגונג, אויף יעדען שריט פארווערטס האבען זיי שטענדיג געקוקט ווי אויף ניעדערגאנג אין צוריקגאנג. דאס איז שרעקליך—אז מענשען זאלען אויף אזוי פיעל פערליערען די פעהיגקייט זייער אייגענע צייט צו פערשטעהן. דען די דאזיגע מענשען, וואס האבען אלץ געהעמט און געלעהמט און געצויגען צוריק, און איצט זענען זיי גאר געבליבען שטעהן פערגליווערט, די דאזיגע מענשען האבען דאך אויך אמאל צו זייער צייט געפאסט, זיי זענען אויך געוועזען אין דער מאדע — מיט א יאהר פופציג צוריק (געלעכטער). נאר איצט קאנען זיי שוין נישט מעהר פערשטעהן די היינטיגע עפאכע, אונזער פרייע דעמאקראטישע צייט. מען דארף זיי נישט צו פיעל בעשולדיגען דערפאר, מען דארף נאר בעדויערן יענע ווייניגע, וועלכע זענען אויף זייער

פריהערינגען פלאַץ געבליבען, וועהרענד די גאַנצע וועלט איז שוין פאָרווערטס אַוועק. ווייל די דאָזיגע ווענינגע האָבען אפשר אויך אונדזויעקט נוצען געבראַכט, זיי האָבען אונז, די איבעריגע, געצוואונגען צו פערדאָפּלען אונזער ענערגיע און מוט אויף צו דינען דעם פּראָגרעס (צושטימונג). נאָר זאָלען זיי קיינמאָל נישט קיין פּ וב טהון מענשען פון פריהייטס-וועג אַראָבצופיהרען; מען מוז זיך שטעלען געגען זיי אויף דער גאַנצער ליניע, מען מוז זיי אָבשלאָגען און פערניכטען אין יעדער פראַגע; מען מוז אַלעמע ווייזען, אַלעמען, אַז די רעכטע דאָס זענען אַ קיפּקע מענשען וואָס זענען פערוואָרטיילט דערצו, אַז די לינקע זאָלען זיי מיט זיך מיטשלעפּען אין זייער זיגעס-צוג, און אַז זיי זאָלען זיך איינעקש'ענען און נישט לאָזען זיך און זיך שווער מאַכען מיט דער גאַנצער שווערקייט לויט די געזעצען פון טויטע משאות. די לינקע זענען שטענדיג געווען די קעמפּפער פאַר'ן פּראָגרעס און די אַרבייטער פאַר ענטוויקלונג.

פון צייט, צו צייט האָט מען באַנדעסענ'ען רוישענד אַפּלאָדירט; דען טראָץ זיין עקסטען ראַדיקאַליזמוס האָט ער דאָך זיין זאַך אויסגעצייכענט אויסגעפיהרט. די שווערסטער אילען זענען אויך אַנ'אמת בעגייסטערט געוואָרען. זיי זענען געזעסען בלאָס פאַר אויפרעגונג און האָבען נישט געקאָנט פערשטעהן, פון וואַנען האָבען זיך עם צו זייער פריינד אַזעלכע פעהיגקייטען גענומען, וועהרענד זיי האָבען געוואוסט, אַז ער האָט קיינמאָל גאָר נישט געלערען און קיינמאָל נישט געאַרבייט.

נאָר וואָס פאַר אַ קאָפּ, וואָס פאַר אַ טאַלאַנט! אַליץ, וואָס ער האָט גערעדט, זיינע געדאַנקען און זיינע ווערטער זענען געווען לייכטע, פערשטענדליכע זאַכען, וואָס האָבען אַלעמען בעריהרט און קיינעם נישט ערציּרנט, אונערשיטערליכע ראַדיקאַלע וואָרהייטען, וויעדערהאָלטע רעדעס פון סטאַרטינג (פּאַרלאַמענט), פון דעבאַטען אויף פערזאַמלונגען און פון צייטונגען. ער האָט גערעדט מיט שטאַרקע בעוועגונגען. מיט אַ שטימע, וואָס האָט געציטערט פון זיכערהייט אין בעגייסטערונג, און עס איז אַ פערגניגען געווען צו הערען דעם דאָזיגען ראַדיקאַל, וואָס האָט אַזוי מוטיג גערעדט.

אַט אַזאַ איז וואַהרשיינליך געווען די יונגענד אין אלטען נאָרוועגען.

דער רעדנער זעהט נאָך אַמאָל דורך זיינע נאָטיצען און גרייט זיך צוצוגעבען נאָך אַ פּאָר ווערטער. ער דרעהט פערטראַכט זיינע שענע וואָנסעס און טראַכט לאַנג. און אין אמת'ן איז דאָך עס זעהר שווער געוועזן צו האַלטען אַזאַ לאַנגע רעדע שטעהענדיג! זיין געעהרטער געגנער האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט, כּדי חוזק צו מאַכען פון דער רעגירונג אין איהר מאַכטלאָזיגקייט און אונפעהיגקייט, דערפאַר איז ער זעהר דאַנקבאַר דעם געעהרטען געגנער, אין דער הינזיכט זענען זיי ביידע איינשטימיג; ער האָט כּלל נישט בדעה צו פערטיידיגען די רעגירונג, פערקעהרט, מיט אַלע כּחות שטרעבט ער זי אַראָבצוואַרפען. נאָר ער וועט זיך ערלויבען דעם געעהרטען געגנער צו פרעגען: וואָס פאַר אַ שייכות האָט די לינקע פּארטיי מיט דער אונפעהיגקייט פון דער רעגירונג? מען מוז אָפען און בעשטימט ערקלערען, אַז די לינקע אַנערקענען נישט מעהר די איצטיגע רעגירונג פאַר לינק, בעזונדערס איהר אָנפיהרער, דעם דאָזיגען מענשען מיט די אָוועני-שאַטעַנס אויף זיין טאַלאַנט, וואָס איז אַ מאָל גרוים געווען. די רעגירונג האָט זיך פערראַטען, זיך פערקויפט אָדער זי איז איינגעשלאָפען (צושטימונג). צי דען קאָן מען נישט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מאַכען צו די דאָזיגע רכילות'ען, אַז די לינקע זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר די אונפעהיגקייט פון דער רעגירונג? די לינקע האָבען דאָך, פּונקט פערקעהרט, געאַרבייט מיט אַלע כּחות אַראָבצוואַרפען די רעגירונג, און עס וועט קיין מאָל נישט קומען דער טאָג. ווען די לינקע וועלען אויפהערען זיך אַזוי צו פיהרען, שוין צו לאַנג מאַכט די דאָזיגע כלומרשט לינקע רעגירונג חוזק פון די פּרינציפּען פון פּראָגרעס און דעמאָקראַטיע. און אין שלום-וואָרט וועט דער רעדנער אויפרופען די פערזאַמלונג. אַז זי זאָל זיך שטעלען, יאָ זיך שטעלען אַקעגען דער דאָזיגער גרופּע פערטרעטער אין נאָרוועגישען פאָלק און זיי אַראָבוואַרפען פון זייערע שטעלעס מיט אַלע געזעצליכע מיטלען.

באַנדערסען איז אַראָב פון דער ביהנע צווישען הויכע און

לאנג-דויערנדע אפלאָדיסמענטען. ניין, קיינמאָל אין לעבען וואָלטען שאַרלאָטע און סאָפיע נישט געגלויבט, אז אין זיינע ווערטער ליעגט אַזאַ מאַכט. פערדעטער, — ציי דען קלינגט דאָס נישט ערשטוינליך! ביי שאַרלאָטע'ן האָבען זיך די נאָזלעכער געהויבען דאָס אָטעמען איז האַסטיגער געוואָרען, ווערהרענד זיי האָט איהם מיט די אויגען נאָכגעקוקט. ווען ער איז צוגעקומען צו איהר, האָט זי צו איהם מיט'ן קאָפּ אַ שאָקעל געטהון, שמייכלענדיג פערלעגען, און באָנדעסען האָט אויך געענטפערט מיט אַ שמייכעל, ער האָט גערעדט כמעט אַ פיערטעל שעה און איז נאָך געווען דערהיצט, עטליכע מאָל האָט ער מיט'ן טיכעל דעם שטערען אָבגעווישט.

ווידער הערט זיך דעם פאָרזיצענדענס שטימע:

— דאָס וואָרט בעקומט העדר קאַרלסען.

נאָר העדר קאַרלסען שטעהט אויף און ענטזאָגט זיך פון וואָרט. ער האָט נאָר געוואָלט זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען די לינקע אלס ראַדיקאַלע פּאַרטיי, נאָר אַזוי ווי דאָס האָט שוין געזאָגט דער פריהערדיגער רעדנער, און אַזוי ווי הערר באָנדעסען האָט אין סוף פון זיין גלענצענדען רעפעראַט נישט אַרויסגעזאָגט קיין זאַך, וואָס די לינקע זאָלען דערמיט נישט קאָנען איינשטימען, דעריבער בלייבט איהם נישט מעהר ווי נאָך אַ מאָל צו דאַנקען דעם העררן באָנדעסען.

און העדר קאַרלסען זעצט זיך צוריק.

— איצט בעקומט דאָס וואָרט העדר גאַי... העדר גאַי...

— דאָס בעקום איך אוודאי דאָס וואָרט? — האָט זיך אָבגערופען איינער אַ העדר און זיך אויפגעהויבען גראָד נעבען דער קאַטעדרע. — גאַיבראָ, — האָט ער צו געגעבען.

באָנדעסען האָט גאַנץ גוט געוואוסט, פאַרוואָס דער דאָזיגער בער לעאַ גאַיבראָ וויל רעדען. ער איז געזעסען פּונקט געגענאיבער דער קאַטעדרע און די גאַנצע צייט, וואָס באָנדעסען האָט גערעדט, האָט ער געלאַכט, און איצט וויל ער זיך נוקם זיין אין איהם דערפאַר, וואָס ער האָט אַזאַ ערפאָלג געהאַט, וויל ער אויך אַרויסווייזען וואָס ער קאָן און איינעהמען נאָך מעהר אין

דער אנוועזענהייט פון שארלאטען. יא, ער האט דאס געוואוסט. די עטליכע אפלאדיסמענטען, וואס באנדערסען האט בעקומען האבען גאיבראן נישט צורוה געלאזט.

גאיבראן האט קיינער נישט געקענט, דער פארזיצענדער האט אפילו זיין נאמען נישט געקאנט איבערלייענען, און ווען דער דאזיגער נייער מענש האט זיך אויפגעהויבען, האבען זיך אין זאל דערפיהלט סימנים פון אונגעדולד. דאן האט דער פארזיצענדער זיין זייגער ארויסגענומען און פאראויס בעשטימט יעדען רעדנער נאר צו צעהן מינוט אויף צו רעדען; די פערזאמלונג האט דערויף געענטפערט מיט אפלאדיסמענטען.

מאדאם דאגני, וועלכע האט לאנג געשוויגען, האט איינגערוימט לונגען:

— גאט מיינער, ווי שווארץ דער דאזיגער הערר איז, זעהט נאר, ווי זיינע האר גלאנצען!

— איך קען איהם נישט, — האט לונגע געענטפערט גלייכגילטיג.

גאיברא האט אנגעהויבען רעדען אויפ'ן ארט, וואו ער איז געשטאנען, נישט ארויפגעהענדיג אויף די קאטעדרע. די שטימע איז געווען טיעף, טיעף ווי פון א גרוב, די ווערטער האט ער אויסגעשפראכען פאמעלעך, אפט איז שווער געווען צו פערשטעהן, וואס ער מיינט, אזוי אונגעלונגען האט ער זיך אויסגעדריקט; דערצו נאך האט ער זיך אליין ענטשולדיגט און געזאגט, אז ער איז נישט געוואוינט קיין רעדעס צו האלטען.

עס איז גאנץ איבעריג געווען צו בעגרענצען איהם די צייט, ער וועט אפשר נישט דארפען אפילו קיין צעהן מינוט אויך. ער האט נאר אויפ'ן הארצען א ביטע צו אלע שטרענגע מענשען. מען זאל מיטלייד האבען מיט יענע אונגליקליכע פערזענליכקייטען, וואס געהערען נישט צו קיין פארטיי, מיט די היימלאזע נשמות, מיט ראדיקאלען, וואס האבען נישט געקאנט צושטעהן נישט צו די רעכטע נישט צו די לינקע. דען וויפיעל קעפ — אזוי פיעל מיינונגען, אייניגע געהען שנעל, אנדערע — פאמעלעך; עס גיעבט אזעלכע, וואס גלויבען אין א ליבעראלע

פּאָליטיק און א רעפּובליק און האַלטען דאָס פאַר דאָס ראַדיקאַלסטע אין דער וועלט, וועהרענד אַנדערע האָבען שוין די דאָזיגע פראַגען אדורכגעקלערט און זענען שוין אוועק ווייטער, נאָך מיט פיעל יאָהרען צוריק. די מענשליכע נשמה איז דאָך אַזוי שווער אָבצומעסטען מיט א געוועהנליכער מאָס, זי בעשטעהט פון פערשיעדענע טענער, פון כהירות, פון הונדערטער קליינינקייטען, און וואָס מאָדערנער די נשמה איז, אַלץ פערוויקעלטער זענען די טענער, פון וועלכע זי בעשטעהט. נאָר פאַר אַזאַ נשמה איז שווער צו געפינען פאַר זיך א שטענדיגען אָרט אין א פּאַרטיי. דאָס, וואָס די דאָזיגע פּאַרטייען לערנען און אין וואָס זיי גלויבען, האָבען שוין די דאָזיגע נשמות לאַנג איבערגעלעבט. דאָס זענען ראַדיקאַלען, וואָס האָבען אויף זייער ענטוויקלונגס־וועג פערלאָרען יענעם טייל פון פעסטען פּאַרטייאישען בעוואוסטזיין, וואָס זיי האָבען א מאָל פערמאָגט, זיי זענען בלאָנדזשענדע קאָמעטען, וואָס געהען זיך זייערע אייגענע וועגען, איבערלאָזענדיג אַלע וועגען פון אַנדערע. און אָט פאַר זיי וויל ער דאָס בעטען. מעהרסטענטהיילס זענען דאָס מענשען מיט ווילען, שטאַרקע מענשען; זיי האָבען נאָר איין ציעל: גליק, ווי מעגליך מעהר גליק, און זיי בעזיצען נאָר איין מיטעל: עהרליכקייט, אינבעדינגטע עהרליכקייט, פעראַכטונג צו יעדען פּערזענליכען נוצען. זיי קעמפּפען מיט מסירת נפש פאַר זייער גלויבען, זיי ברעכען זיך די רוקענס פאַר איהם, נאָר זיי גלויבען נישט אין בעשטימטע פּאָליטישע פאָרמען, דעריבער קאָנען זיי כלל נישט זיין קיין פּאַרטיי־מענשען; דערפאַר גלויבען זיי אין די ערהאַבענהייט פון דער נשמה, אין גרויסמוטיגקייט. זייערע ווערטער זענען טיילמאָל שווער און האַרט, זייער געוועהר — געפעהרליך, פאַרוואָס נישט? נאָר זיי האָבען א ריין האַרץ, און דאָס איז דאָך דער עיקר. לויט זיין מיינונג קאָן מען צווישען די פּאָליטישע פּאַרטייען דערקענען געפעהרליכע סימנים פון מאָראַלישען אונטערגאַנג, און דעריבער האָט ער געוואָלט, אויף וויפיעל ער איז אימשטאַנד, איינרוימען דער לינקער, וועלכע איז איהם נאַטירליך די נעהנטסטע פּאַרטיי. א קליינע וואָרנונג —

ישט צופיעל זיך צו פערלאָזען אויף מענשען אָהן אַ מאָ־ראַלישער ערציהונג, צו זיין פאָרזיכטיג, זיך גוט איינצוקוקען אין די אַרומיגע מענשען, אויסצוקלויבען...

דאָס איז געוועזען דער זינען פון זיין שווערער רעדע. אז די פערזאַמלונג האָט איהם נישט אויסגעפייפט, איז זי געוועזען מעהר ווי געדולדיג. ביז היינט האָט מען נאָך קיינמאָל אזא שלעכטע רעדע נישט געהערט אין דעם דאָזיגען זאַל, וואו עס זענען אַרויס־געזאָגט געוואָרען אזוי פיעל נאַרישקייטען און אונזיניגקייטען. ער האָט אַבסאָלוט קיין ערפאָלג נישט געהאַט, ער איז געשטאַנען פעסט און אונבעוועגליך ווי אַ באַרג, אויסגעהאַלטען לאַנגע פויזען, וועהרענד וועלכע ער האָט געמורמעלט עפּעס פאַר זיך און בעוועגט די ליפען, זיך פעראיקעט, קיין איין בעוועגונג נישט גע־מאַכט און געהאַלטען אַ רעדע, וואָס איז אינגאַנצען געוועזען נישט מעהר ווי איין פלאָנטער, פול וויעדערהאָלטע און נישט קלאָרע ווערטער. קיינער האָט איהם נישט פערשטאַנען. און דאָך האָט זיך געפיהלט, אַז ער האָט ווירקליך געמוזט אַרויסזאָגען די דאָ־זיגע ווערטער, איינרוימען די דאָזיגע וואָרנונג מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס איז איהם פון האַרצען אַרויס. עס איז קענטיג געוועזען, אַז ער האָט זיין פערזענליכקייט אריינגעלעגט אין יעדען פערפלאָנ־טערטען זאַץ, אפילו אין זיינע פויזען.

באַנדעסען, וואָס צום אָנהויב האָט ער זיך בעצויגען צו איהם מיט איבערמוט דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי שלעכט גע־רעדט, איז ענדליך העכסט אונגעדולדיג געוואָרען. אין גאַיבראָ׳ס ווערטער, וואָס האָבען זיך נישט געבונדען מיט איינאַנדער, האָט ער אויך דערפיהלט אַ דינעם פייל, וואָס איז געווען אויף איהם געווענדעט, און עס האָט איהם ווירקליך פערדראָסען, וואָס מען בעפאַלט אויף איהם. ער וועט איהם ווייזען ווי אָבצולייקענען זיין ראַדיקאַליזמוס. ער האָט זיך בעלעדיגט און אויסגעשריען:

— צו דער זאַך, צו דער זאַך, מיין העדר!

די פערזאַמלונג האָט איהם אונטערגעשטיצט, און אַלע האָ־בען געשריען: — צו דער זאַך!

נאָר דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס האָט טאַקי מעהר

נישט געפעהלט דער דאָזיגער אויסשרײ, די דאָזיגע קלײנע שטע־רונג, אַז לעאָ גאַאיבראָ זאָל אין צאָרן אַרײַן. ער האָט די אויערען אָנגעשטעלט, איהם איז בעקאַנט געװען באַנדעסענס אַקצענט, און ער האָט געװאוסט, װער עס שרײַט, און לאַבענדיג אויף די אונצופריעדענהײט, װאָס ער האָט ערװעקט, האָט ער אויסגע־שריען מיט זײַן ניעדריגער שטימע אײניגע פראַזען, װאָס זענען דורכגעפלויגען װי אַ בליץ, װי פונקען.

קודם כל האָט ער געמאַכט אַ קלײנע בעמערקונג װעגען דעם הערין באַנדעסען אַלס ראַדיקאַל. דעם הערין באַנדעסענס ראַדי־קאַליזמוס איז נאַטירליך שרעקליך גרויס, דאָס בעװײַזען זײַנע אײגענע װערטער, נאָר ער װיל פערטײדיגען דעם הערין באַנדע־סען געגען דעם, אַז די פערזאַמלונג זאָל זײַן ראַדיקאַליזמוס נישט צו שטאַרק איבערשאַצען, מורא האָבען זיך פאַר איהם איז נישטאָ װאָס; װײַל אויב דעם הערין באַנדעסען װעט אין אַ שענעם טאָג אײנפאַלען פאַרצולעגען זײַן ראַדיקאַליזמוס די אמת׳ע ראַדיקאַלען, װעלען יענע איהם ענטפערן: —„מיט די דאָזיגע זאַכען האָב איך, אויף װיפיעל איך געדענק, זיך אַמאָל בעשעפטיגט אין מײַן לעבען, שוין לאַנג־לאַנג, דאָס איז געװען אין דער צײַט, װען איך בין בר־מצוה געװאָרען...“

איצט איז שוין באַנדעסען נישט מעהר אימשטאַנד אײַנצוזי־צען רוהיג, ער שפּרינגט אויף און שרײַט:

— דער דאָזיגער מענש... איך קען איהם, דעם דאָזיגען בלאָנדזשענדען קאָמעט; איך פערשטעה נישט, װי קאָן ער אײגענ־טליך אַרויסזאָגען זײַן מײנונג אין פּאָליטישע פראַגען, ער האָט דאָך אין דער נאָרװעגישער פּאָליטיק אַזױ פיעל אַ ידיעה, װיפיעל אַ קלײן קינד. ער לײענט דאָך אפילו נישט די „צײַטונג“ (געלעכטער). ער זאָגט, אַז די „צײַטונג“ איז איהם לאַנגװײַליג, זי אינטערעסירט איהם שוין נישט (שטורמישער געלעכטער).

נאָר גאַאיבראָ שמײכעלט גיפטיג און רעדט װײַטער:

— און דעריבער זאָל איהם ערלויבט זײַן, צו ערקלערען אַ צװײטען אויסדרוק, װאָס דאָ איז הײַנט אַרויסגעזאָגט געװאָרען...

נאָר איצט מישט זיך אַרײַן דער פאָרזיצענדער:

— די צייט איז פערביי!

גאיבראַ קוקט זיך אום אויף די קאַטעדרע און זאָגט כמעט מיט אַ בעטענדער שטימע:

— נאָר נאָך פינף מינוט! אז נישט וועט מיין גאַנצע הקדמה בלייבען אונפערשטענדליך. נאָר צוויי מינוט!

נאָר דער פאָרזיצענדער פערלאַנגט, ער זאָל זיך אונטער־געבען דעם בעשלוס, צו בעגרענצען די צייט פון רעדען אויף צעהן מינוט, און גאיבראַ מוז זיך זעצען.

— ווי פערדראָסיג! — האָט מאַדאַם דאַגני געזאָגט: — ער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען.

זי איז, ווייזט אויס, געוועזען דער איינציגער מענש אין זאַל, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו דער רעדע אפילו דאַן, ווען גאיבראַ האָט שלעכט גערעדט. אין דעם דאָזיגען מענשען איז געוועזען עפּעס, וואָס האָט אויף איהר אַ איינדרוק געמאַכט, דער קלאַנג פון זיין שטימע, די דאָזיגע מאָדנע מיינונגען, זיין פערגלייכען זיך מיט אַ בלאָנדזשענדען קאָמעט; דאָס איז געוועזען אזוי ווי אַ שוואַכער ווידער־קלאַנג פון יאָהאַן נאַגעלס שטימע, און פאַר איהר האָבען אָנגעהויבען בילדער שוועבען. נאָר דאָך האָט זי באַלד אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען און אַ געגעץ געטהון. ווען אַ ביי־סעלע שפּעטער האָט אין זאַל אָנגעהויבען אונרוהיג צו ווערען און עס האָבען זיך דערהערט הויכע אויסרופען צו אַבשטימונג, האָט זי געזאָגט:

— איז שוין נישט צייט צו געהן? זייט אזוי גוט, בעגלייט מיך אַ היים!

לונגע שטעהט גלייך אויף און העלפט איהר דעם מאַנטעל אָנטהון. דאָס איז פאַר איהם אַ פערגניגען געוועזען, ער דאַרף גאָר נישט קיין בעסערס! ער האָט געשפּאַסט און געזאָגט וויצלעך, וואָס האָבען זי צום לאַכען געבראַכט, וועהרענד זיי זענען פון די טרעפּ אַראָב און אויפ׳ן גאַס אַרויס.

— זאָל איך נישט אָנשרייבען וועגען איהם אַ בעמערקונג, וועגען דעם דאָזיגען מענשען מיט׳ן בלאָנדזשענדען קאָמעט, אַ ביסעל חוזק מאַכען פון איהם?

— א ניין, — האט זי געזאגט: — לאזט איהם צורוה. ניין, אבער ווי האט זיך עס פאסירט די דאזיגע געשיכטע מיט'ן פאסטאר? דערצעהלט מיר, וואס האט ער געטהון?

נאר לונגע ווייס שטענדיג, וואס ער טהוט; קיינער קאן איהם נישט האפען, ער וועט נישט זאגען קיין איבעריגווארט. נאר א פאר ווערטער וועגען דער געשעהעניש, דאס איבעריגע האלט ער פאר זיך. דערווייל זענען זיי ארויס אויף א פלאץ פאר'ן וואקזאל, זיך געזעצט אין א דראשקע און געפאהרען איבער דער גאס דראמענסווייען, פאר אלעמען אין די אויגען, ביי העלער גאז־בעלייכטונג.

---

V

אין פערלויף פון פיעל טעג האט חריסטיאניען וועגען קיין אנדער זאך נישט גערעדט, ווי נאר וועגען דעם גוואלדיגען סקאנדאל מיט'ן פאסטאר. דעם ערשטען אין דער פריה, ווען די באמבע האט אויפגעריסען, האט זיך אלעמען געדוכט, אזוי ווי עפעס וואלט געפלאצט אין סאמע פונדאמענט פון שטאדט, יעדער מענש האט זיך געפיהלט אזוי ווי א טאג פאר זיין אונטערגאנג, ווי באלד אז אפילו דער דאזיגער מעבטיגער גלח, וואס זיין נאמען איז אין גאנצען לאנד בעקאנט געוועזען, איז איצט דורך א פערניכטענדען קלאפ אין שמוץ אריינגעשלייערט געווארען. נאר לונגע איז נעוועזען זיכער אין זיין זאך; ער האט קיין אכט נישט געלעגט אויף סטראשונקעס און געשרייען, קיינער האט נישט געקאנט ערשיטערן זיין שטארקע פאזיציע. ער האט אפט נאך א מאל און נאך א מאל דערצעהלט די דאזיגע געשיכטע, וויעדערהאלט די בעשולדיגונגען נאך אין א שארפערער פארם, און ווען די ערשטע סענסאציע איז פערביי, האט ער שוין געוואוסט ווי צו זארגען, אז די ענטדעקונגען זיינע זאלען נישט אבגעשוואכט ווערען; דורך קליינע הוספות, קליינע פערגעסענע פרטים, וואס ער האט יעדען טאג צוגעגעבען, האט ער די דאזיגע געשיכטע אויסגעניצט וויפיעל עס האט זיך נאר געלאזט

און ווען דער עולם האָט זיך שוין אָנגעהויבען שוואַכער צו אינטערעסירען דערמיט, האָט ער אַליין בעשאַפען כלומר׳שטע געגנער, וואָס זענען אַרויסגעטרעטען כלומר׳שט געגען איהם, כדי ער זאָל זיך ווידער קאָנען צעלאָזען מיט היץ וועגען דער זאַך, געדרוקט כלומר׳שטע אַנאָנימע בריעף, וואָס ער האָט בעקומען פון פּאַסטאָרס אָנהענגער און פשוט די שטאָדט פערפלייצט מיט זיינע ענטדעקונגען. דאָס פּובליקום האָט זיך געלאָזט חאַפּען אויף דער דאָזיגער ווענדקע, עס איז אַבסאָלוט אוננוצליך געווען ניט אָנצוערקענען די בעדייטונג פון דעם דאָזיגען רעדאַקטאָר, וואָס האָט צו זיך קיין גלייבען ניט; אַלע, אַפילו זיינע היציגסטע געגנער האָבען זיך געמוזט אויף די קניע שטעלען און אָנערקענען, אַז דאָס איז שוין גאָר קיין מענש ניט געווען, נאָר פשוט דער טייוועל אַליין.

און לונגע האָט צו׳ם ערשטען מאָל איבערלעבט אַזאַ טריומף. מיט דעם דאָזיגען אייכציגען קלאַפּ האָט ער בעקומען אַ רעכט ביסעל אַבאָנענטען. מענשען, וואָס האָבען זיך גאַנץ ריין געפיהלט און ניט מורא געהאַט פאַר קיין ענטדעקונג, האָבען זיין ציימונג געלייענט מיט פערגניגען און נייגיעריגקייט, כדי צו וויסען אַלע סקאַנדאַלען, און יענע אונגליקליכע, וואָס זייער געוויסען איז ניט ריין געווען און יעדער האָט זיין געהיימע זינד געהאַט, האָבען פיבערהאַפט איינגעשלונגען די „ציימונג״ מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, פיל שרעק, אַז אָט איז איצט זייער צייט געקומען און זייערע זינד וועלען ענטדעקט ווערען.

איצט האָט מען געמוזט כסדר מעהר פייער אונטערוואַרפען, ווי מען זאָגט, שמידען דעם אייזען, כל זמן ס׳איז הייס. לונגע איז ניט געווען אַזאַ מענש, ער זאָל זיך פאַר דער צייט בערוהיגען. די דאָזיגע געשיכטע מיט׳ן פּאַסטאָר איז אין אמת׳ען געווען נאָר דער ערשטער גרויסער קלאַפּ. ער איז נאָך ניט אַריינגעדרונגען אומעטום, אין יעדעם הויז, אין יעדעם האַרץ, די דאָזיגע אידעע האָט כסדר פאַר איהם געשוועבט.

און אין אמת׳ען גערעדט האָט ער געהאָפט, אַז דער סקאַנדאַל וועט אָנמאַכען נאָך אַגרעסערן רעש און וועט איהם נאָך גרעסערע

פערדיענסטען איינברענגען. די בבער האבען נישט געוויזען, אז די צאהל פון די אבאנענטען זאל זיך האבען בעזונדערס שטארק פערגרעסערט, זיי זענען נ שט אנגעלאפען מאסענווייז, פערקעהרט, ס'האבען זיך געפונען אזעלכע נאאיווע מענשען, וואס האבען גראד צוליעב דעם סקאנדאל איינגאנצען אויפגעהערט צו לייענען די צייטונג. ווי קאן מען אזעלכע מענשען פערשטעהן? ער דערצעהלט א נייעס, וואס האט צו זיך קיין גלייכען נישט, צום סוף געפינען זיך אזעלכע, וואס ווילען עס גאר נישט לעזען! נאר אלגעמאלם איז איהם געלונגען אין פערלויף פון א געוויסער צייט ביי אלעמען אין די מיילער צו זיין, זיין בעריהמטען נאמען, וואס ער האט שוין פון לאנג געהאט, האט ער איצט צוגעגעבען נאך מעהר מאכט און גרוי־קייט, און דאס אליין איז שוין פיעל געלד ווערט. ער האט זיך נאך כלל נישט געפיהלט פערמאטערט, אדרבא, זיין ענערגיע איז נאך גרעסער געווארען, ער האט זיך נישט געקאנט אבהאלטען פון א שמייכעל צו טהון, ווען ער האט זיך דערמאהנט, ווי לאנג די פאליציי און די מאכט האבען געצווייפעלט און נישט געוואגט זיך אריינצומישען אין דער זאך, און ווי קונציג ער האט זיי סוף כל סוף געצוואונגען צו טהון דאס, וואס ער האט פערלאנגט. און דער פאסטאר איז מיט שאנדע אראבגעזעצט געווארען.

לונגע האט זיך גאר נישט גענומען גרוים האלטען נאך דעם דאזיגען גרויסען נצחון, — פערקעהרט, דער ערפאלג האט איהם געמאכט אומגעגליבער מיט מענשען, זיין שטימונג איז געווארען ווייכער און פריינדליכער, אהן א שום זייטיגען מיין האט ער געהאלפען פיעל ארעמע לייט און האט אביסעל אבגעשוואכט דעם שפאטישען טאן פון זיינע ארטיקלען. נאר געגען דער רעגיערונג האט ער נישט אויפגעהערט צו רעדען ווי פריהער — מיט דער גאנצער אונבארמהערציגקייט, וואס ער האט נאר אין זיין פעדער געקאנט אריינלעגען, ווי א העלד האט ער פערטיידיגט די אלטע פרינציפען, וואס ער און די לינקע האבען ארויסגעשטעלט. קיינער זאל איהם נישט קאנען בעשולדיגען, אז ער גיעט נאך.

א דאנק זיינע ענטדעקונגען איז איהם פון א געוויסער צייט

אָן אויסגעקומען צו עמפּפאַנגען אין דער רעדאַקציע אַלץ מעהר און מעהר בעזוכער ווי פריהער. מענשען זענען געקומען, איהם זייער טיעפסטע אַכטונג אויסצודריקען, מען איז געקומען, איהם די האַנד צו דריקען, מען האָט געפונען די מינדעסטע געלעגענהייטען, אפילו נאָר צו קומען אַ קוק טהון אויף איהם, מען האָט איהם דורכ'ן טעלעפאָן בעגריסט, מיט דעם תירוץ, אַז די סטאַציע האָט אַ טעות געהאַט, זיך ענטשולדיגט פאַר וואָס מען בעאונרוהיגט איהם, און איהם געצוואונגען צו ענטפערן. און אַלעמען האָט ער בעגעגענט מיט דער זעלבער ליעבליכקייט, קיין אונטערשייד ניט געמאַכט צווישען מענשען. דער פאָרזיצענדער פון אַדעלסטינג (רייכסראַט), אַ מיטגליעד פון דער קעניגליכער קאָמיסיע, איז אין שטאָדט געקומען צו פאָהרען און ער איילט וואָס שנעלער זיך מיט לונגע'ן צו זעהן. דער וואוילער, פון אַלעמען אַלס פּאָליטיקער געעהרטער פאָרזיצענדער, אַ אַנגעזעהענער מיטגליעד פון דער רעגירונגס-אָפּאָזיציע, בעגריסט דעם דאָזיגען רעדאַקטאָר מיט אויפריכטיגער הערצליכקייט, ווי אַ פריינד און אַ בעקאַנטער, און לונגע ווייזט איהם אַרויס יענע אַכטונג, וואָס ער פערדיענט, און הערט זיך צו צו זיינע ווערטער.

יאָ, מ'שטיינס געזאָגט, די דאָזיגע היינטיגע קעניגליכע קאָמיסיע, איהרע מיטגליעדער זענען צו פערשיעדענאַרטיג, ס'איז זעהר שווער צו ריכטען זיך פון איהר אויף פרוכטבאַרע אַרבייט, איינער וויל דאָס, אַ צווייטער — יענץ. ווען די רעגירונג וואָלט געוואָלט אָבמעקען איהרע זינד. וואָס זי איז געגען די לינקע בעגאַנגען, וואָלט זי דאָס נאָך געקאָנט טהון דעמאָלט, ווען מען האָט בעשטימט מיטגליעדער אין די קאָמיסיע.

דאָ ענטפערט לונגע:

— די רעגירונג? צי דען ערוואַרט איהר נאָך עפּעס פון דער רעגירונג?

— ליידער, ניין, — ענטפערט דער פאָרזיצענדער: — איך וואַרט און האָף נאָר אויף איינס. אַז זי מוז פאַלען.

און לונגע פערשטעהט, אַז דאָס איז אַ קאָמפּלימענט פאַר איהם, ענטפערט ער:

— מיר וועלען אונזער פליכט ערפילען!

ווען דער פארזיצענדער האט שוין געהאלטען ביי'ם אוועק־געהן, האט לונגע בעמערקט, ווי בעדריקט און ערמידעט ער זעהט אויס דער דאזיגער אלטער, איבערגעבענער קעמפפער פאר'ן ליבעראליזמוס. דער סורדוט איז ווי א זעקעל געלעגען אויף זיינע אקסלען, און פון די פאסקעס, וואס ער האט געהאט נידריגער פון די קניע, איז קענטיג געוועזען, אז ער רייבט אן שוועבעלעך אן די הויזען. ביי דער טהיר איז ער שטעהן געבליבען און געזאגט, אז ער רעכענט איינצואורדנען א פערזאמלונג און לייענען א גרויסען פאליטישען רעפעראט אין עטליכע טעג ארום, און ער בעט לונגע'ן, ער זאל איהם העלפען וואס ברייטער פערשפרייטען דעם רעפעראט. דערצו נאך וואלט איהם זעהר אנגענעהם געוועזען צו זעהן אויף דער פערזאמלונג לונגע'ן אליין, און ער האפט זיך מיט איהם דארט צו טרעפען.

לונגע האט געענטפערט:

— יא, דאס איז זעלבסט פערשטענדליך. נאטירליך וועט ער אליין זיין ביי אזא וויכטיגער געשעהעניש, ווי א רעפעראט פון פארזיצענדען פון אדעלסטינג. אויף וויעדערזעהן, אויף וויעדער־זעהן.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו לעפארעלא'ן, וועלכער איז גראד אריינגעקומען און געפרעגט:

— וואס הערט זיך נייעס? וועגען וואס רעדט מען היינט אין שטאדט?

— אין שטאדט — האט לעפארעלא געענטפערט — רעדט מען וועגען די ארטיקלען פון „נארוועגער' בנוגע צו די לעבענס־בעדינגונגען פון אונזערע שיפסלייט. די דאזיגע ארטיקלען אינטערעסירען דעם עולם זעהר שטארק. וואו איך בין נאר געוועזען היינט, האט מען אומעטום גערעדט פון זיי.

— נו? אין אמת'ען?

און חאטש זיי האבען באלד פערפיהרט דעם שמועס אויף אנדערע זאכען, האט לעפארעלא דאך גאנץ גוט געזעהן, אז דעם רעדאקטארס געדאנקען שוועבען ערגעץ וויט, ער האט געהאט

זײַנע אײגענע מחשבות, עפּעס האָט ער געפּלאַנט און בעקלערט.

— אַ װאױלער אָװענד בעכטען געװעזען אין טי־אָלי, — זאָגט לעפּאָרעלאָ, — איך האָב געהאַט זעהר פיעל פערגניגען.

— איך אױך, — ענטפערט לונגע און שטעהט אױף.

ער עפענט די טהיר אין צװײטען צימער און שרײַט צו'ם סעקרעטאַר:

— הערט נאָר: שרײַבט אָן אַ נאָטיץ װעגען אונזערע מאַט־ראָזען, זאָגט, אַז אונזערע פריהערדיגע אַרטיקלען װעגען די לעבענס־בעדינגונגען פון די מאַטראָזען האָבען זעהר פעראינטערעסירט דעם עולם, אפילו אזעלכע צײַטונגען װי די "װעסטלאַנדער פּאָסט" הײבען שױן אױך אָן מיטצוהאַלטען מיט אונז...

חאָטש דער סעקרעטאַר איז שױן פון לאַנג געװאױנט אױס־צוהערען אָהן אַ שום פערװאונדערונג פערשידענע מערקװירדיגע בעפעהלען פון רעדאַקטאָרס מויל, דאָך קוקט ער איצט ערשטױנט אױפ'ן רעדאַקטאָר.

— מיר האָבען דאָך גאָר נישט געדרוקט די דאָזיגע אַרטיק־לען, — זאָגט ער, — נאָר "דער נאָרװעגער".

לונגע פערקנײטשט דעם שטערן אַביסעל אונגעדולדיג און ענטפערט:

— װי נאאיװ איהר זענט! געװיס האָבען מיר שױן ערגעץ געגעבען אַ נאָטיץ, אַ אַרטיקעלע. דאָס פּובליקום האָט שױן גישט מעהר װאָס צו טהון, װי נאָך אַ מאָל איבערצולײענען אַלטע נומערען, כדי צו זעהן, צי האָבען מיר געדרוקט דאָס אָדער יענץ, אָדער נײן. זאָגט, אַז אונזער פריהערדיגער אַרטיקעל װעגען די לעבענס־בעדינגונגען פון די מאַטראָזען האָט גװאַלדיג פעראינטערעסירט דעם עולם, און עס איז טאַקי קײן װאונדער נישט, און אַזױ װײַטער. איהר קאָנט אָנשרײַבען אַ גאַנצע שפּאַלטע. נאָר מאַכט עס שנעלער — װײַל עס מוז שױן מאָרגען געדרוקט זײַן.

דאַן האָט דער רעדאַקטאָר װידער די טהיר פערמאַכט און איז אין זײַן צימער פערשװאונדען געװאָרען.

נאָר גאַנץ װעניג װערטער האָט לעפּאָרעלאָ פון איהם

הײנט געהערט: לונגע איז די גאנצע צײט געװעזען זעהר פער-
ארגט, פערװונקען אין עפּעס געהײמניספולע מחשבות און נאר
געענטפערט „א“ און „יא“ אויף אלץ, װאס מען האט גערעדט
צו איהם.

אין אמת׳ען געדערט פיהרט ער דאך א שרעקליך אויסמא-
טערענדעס לעבען; אײן גאט װײס, װי די הענד מוזען אונבע-
דינגט גראב װערען פון אזא אנגעשטרענגטער און אפט אונשע-
נער ארבײט, װי זײנע איז. אהן אויפהער מוז מען זיך שטענדיג
אויף אלע זײטען װארפען און שטענדיג אויף דער װאך זײן, און
װאס איז דער לױהן פאר דעם אלעם? דאס גוטס, װאס ער
טהוט אויף, װערט גארנישט אפּגעשאצט. זײן חוש האט איהם
איצט פערלאזען, און איהם האט זיך געדוכט, אז דאס אלץ
איז גארנישט װערט, ער זאל אזױ פיעל ארבײטען דערויף.
הײנט צו׳ם בײשפּיעל איז געקומען צו לױפען די דאזיגע װעשי
פון האמערסבארג און איהם פארװירפע געמאכט, פאר װאס
איהר „אויפרוף צו בארמהערציגע מענשען“ איז נאך נישט גע-
דרוקט. נישט געדרוקט, נישט געדרוקט, שטענדיג די זעלבע
טענה, פונקט װי ס׳איז מעגליך אלץ צו דרוקען? די דאזיגע
פרױ האט איהם בעדאנקט פאר׳ן געלד, װאס זי האט בעקומען,
און דערבײ האט זי אנגעהױבען װײנען: װײל איצט האט זי שױן
װידער נישט פון װאס צו לעבען. און דער אויפרוף איז נאך
נישט געדרוקט. די דאזיגע סצענע האט זיך ארײנגעמישט גאר
נישט צו דער צײט, זי האט איהם געטראפען בײ א שלעכטער
לױנע, און ער האט קורץ און שארף דער דאזיגער פרױ געגע-
בען צו פערשטעהן, אז ער מוז אלײן אויך זארגען װעגען װײב
און קינדער, און אין אמת׳ען געדערט זענען דאך פערהאן װאהל-
טעטיגע געזעלשאפטען פאר ארעמע לײט, װאס זי קאן זיך װענ-
דען צו זײ. צי דען האט ער איהר שױן אײן מאל נישט גע-
האלפען מיט׳ן גאנצען הארצען? אײן גאט װײס, אז ער האט
מיטלײד מיט איהר און ער האט איהר געגעבען אפשר א גרע-
סערע נדבה, װי עס ערלױבען איהם זײנע פליכטען צו זײן אײ-
גענער פאמיליע. און װאס אנבעלאנגט צו׳ם אויפרוף, האט ער

זיך גאָר פֿערגעסען אָן דעם. מען קאָן דאָך נישט אויפ'ן קאָפּ האָבּ'ן אַלץ אין דער וועלט. נאָר איבּריגענס האָט ער איהר מ'ד ... אָבּגעלעגט נאָר פֿון איהר אייגענער טובה וועגען: ווען דער אויפֿרוף וואָלט געדרוקט געוואָרען גלייכצייטיג מיט די וויכטיגע ענטדעקונגען, וואָלט איהם קיינער נישט געלייענט, קיינער וואָלט עס נישט בּעמערקט, אַזוי ווי אַלע איבּעריגע זאַכען אין די טעג. איצט וועט ער טהון אַלץ וואָס ער קאָן, און נאָך מאָרגען וועט ער דעם אויפֿרוף אָבּדרוקען.

ניין, קיינער איז נישט דאַנקבּאַר געוועזען, קיינער האָט דאָס גוטס נישט איינגעזעהן, און וועגן ווי אַלע די אונגעבּילדעטע מענשען. און ער האָט דאָס די אַלע יאָהרען ווי אַ שקלאַף געאַרבּייט, זיינע גאַנצע כח'ות האָט ער אַוועקגעלעגט גראָד פֿאַר די דאָזיגע פֿאָלקס-קלאַסען. ס'האָט נישט געלוינט צו אַרבּייטען, דער לויהן איז שטענדיג געוועזען נאָר גראָבּקייט.

ווי אויסגעצייכענט האָט ער זיך געפֿיהלט אין די צימערען פֿון מאַדאַם דאַגני האַנסען, וואו אַלץ איז געוועזען פּראַכטפֿול און ר'ך, וואו ער האָט שטענדיג געהאַט צו טהון מיט געבּילדעטע מענשען און וואו מען וויים ווי צו שעצען אַ מענשען לויט זיין אויפֿטהון. דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט זיך דערנעהנטערט צו איהר אפילו אויף איין טריט מעהר ווי אין אָנהויבּ פֿון זייער בּעקאַנטשאַפֿט; ניין, זי האָט קאָקעטירט מיט איהם, בּעצויבּערט זיין עמפּפֿינדליך האַרץ און איהר ווייסע האַנד אויף זיין אַרבּעל געלעגט; נאָר ער האָט קיינמאָל נישט געטאָרט טרוימען וועגען עפּעס גרעסערס; דען קיינער, קיינער איז דאָך נישט אַזוי ריין געוועזען פֿון יעדער זינד ווי די דאָזיגע יונגע דאַמע פֿון דער האַפּענשטאָדט. דעריבּער האָט ער יעדעס מאָל ווידער געמוזט צוריקקעהרען צו זיין בּלאַסער אַרטיסטין, וואָס זעהר ווייניג מענשען און אפשר האָט שוין קיינער אויף איהר קיין אַכט נישט געלעגט. יאָ, וואָס אַנ'אמת, ער האָט נאָך געהאַט אין רעזערוו די מאַדאַם ל, אַ געבּאָרענע פֿון בּערגען; נאָר די דאָזיגע פֿרוי, וואָס צוליעבּ איהר דיקהייט און ווייסער הויט האָט מען זי איבּערגערופֿען „קאַמבּאַלאַ" (אַזאַ דיקער פֿיש), האָט איהם שוין אָנגעהויבּען שרעקליך צו

דערעסען, און ער איז נישט געוועזען פון יענע מענשען, וואס קאנען פערטראגען עפעס אונבעקוועמליכעס. אמת טאקי, ער האט די מאדאם דאנגי נישט געקאנט פערליעבען אין זיך, נאר דאך האט ער שטענדיג געקאנט פערברענגען מיט איהר גאנץ פיין און ער איז גאר צעגאנגען פון דעם צארטען און אנגענעהמען געפיהל, ווען ער האט איהר האנד געדריקט, און פון דעם אראמאט אין איהרע צימערען. אין איהר וואהנונג האט זיך אויף יעדען טריט אין די אויגען געווארפען עפעס שעניס און פראכטפולעס, און אין די אויערען האט א אנגענעהמער שמועס געקלונגען.

ווי דאס אלץ איז נישט עהנליך געווען צו יענער סביבה, אין וועלכער ער האט זיך אייגענטליך געפונען, ווען ער איז ביי זיך געוועזען! פאליטיק און וויעדער פאליטיק, די מאכטלאזיגקייט פון דער רעגיערונג און די קעניגליכע קאמיסיעס, אויפרופען פון ארעמע לייט און אונדאנקבארקייט פאר פלייסיגע ארבייט! דאס אלץ האט א מיאוסען ריח ארויסגעגעבען, און צייטענווייז האט דאס אלץ אין זיין ארטיסטישער נשמה עקעל ערוועקט.

מיר נעהמען צום ביישפיעל דעם פארזיצענדען פון ארעלס־טינג, דעם הויפט־אנפיהרער פון דער פארטיי. א פשוט'ער פויער, א מענש, וואס האט קיינמאל קיין מעגליכקייט נישט געהאט זיך אויסצולערנען העפליכקייט, א ארבייטער אין גראבע מלבושים און מיט פאסקעס פון שוועבעלעך אויף די הויזען. נאר צי דען דארף מען האבען א בעסערען ביישפיעל ווי יענער פויער, וואס האט די נייעס וועגען זיין טאכטערס שאנדע פאר געלד פערקויפט, פאר קלינגערס? א, דאס איז שוין געווען צו פיעל, דאס האט שוין איבערגעשטיגען אלץ! ער האט פשוט זיך געמוזט דינגען מיט דעם דאזיגען הולטאי, כדי האטש ווי ווייט מעגליך איז איינצוהאל־טען איהם אין די גרענצען פון אנשטענדיגקייט.

נאר אזוי איז געווען איבעראל. ביי קיינעם קיין גוטע ערצי־הונג, קיין איידעלקייט, נאר גראבקייט, אומעטום, וואו מען טהוט זיך נאר א ריהר. צי דען וועט ער נישט קאנען געפינען עפעס א אויסגאנג? עפעס וועט ער דאך אלענפאלס קאנען טהון. דאס איז אויך געוועזען א טהייל פון זיין אידעע. פון זיינע פלענער, זיך און־

טערטהעניג צו מאַכען דאָס גאַנצע לאַנד. נישט נאָר די פינסטערע מאַסע זאָל לייענען זיין צייטונג און רעדען וועגען איהם אליין, ער ציעלט זיך העכער, זיינע ציעלען האָט נאָך קיינער נישט געזעהן.

— זאָל איך אפשר בעסער געהן? — זאָגט לעפּאָרעלאָ, זעהענדיג, אז דער רעדאַקטאָר זיצט די גאַנצע צייט פערטראַכט.

— ניין, וואַרט נאָך אַ ווײַלע, מיר וועלען געהן צוזאַמען, איך בין גרייט.

און עס איז געשעהן דאָס זעלבע, וואָס איז שטענדיג געשעהן, ווען דער רעדאַקטאָר איז צוזאַמען מיט לעפּאָרעלאָ'ן אין גאַס געגאַנגען: די פערבייגעהענדע האָבען איהם בעגריסט, איהם נאָכגעקוקט, איינער דעם צווייטען אַ שטוים געטהון און אָנגעוויזען אויף איהם. נאָר ווער זענען עס געווען די דאָזיגע מענשען, וואָס האָבען אויף איהם אַזוי פיעל אַכט געלעגט? אַח, מיטעלע מענשען, בירגער פון אַלע עקען פון שטאָדט, די מאַסע, דער המון און קיין איינער פון די אויסערוועהלטע. פון דעסטוועגען האָט זיך די שטימונג זיינע פערבעסערט, ער האָט וויעדער בעקומען חשק צו שפּאַסען און חוזק צו מאַכען, און ביידע העררען זענען איבער דער גאַס געגאַנגען און האַלב שטיל גערעדט מיטאיינאַנדער. מען דאַרף נישט זיין דערשלאָגען. מענשען דאַרפען זעהן, אז זיינע אויגען זענען אָפען, און זיין שכל הערט נישט אויף אפילו איצט צו אַרבייטען. ער האָט אָנגעטהון דעם הוט אַ ביסעל אויף אַ זייט.

צוויי זענען פערבייגעפאָהרען אויף וועלאָסיפּעדען, אַ מאַנספּערזאָן און אַ פרוי. לינגע האָט זיך כמעט אָבגעשטעלט, די דאַמע האָט אויף איהם אַ בליק געוואָרפען, ער האָט געזעהן, ווי איהר פראַכטפולע געשטאַלט איז פאַר איהם דורכגעלאָפען, און ער פרעגט:

— איהר האָט געזעהן די דאָזיגע דאַמע? ווער איז זי?

און לעפּאָרעלאָ, וועלכער קען די גאַנצע שטאָדט און אויסער דעם ווייס ער, אז דאָס איז סאָפיע אילענס אַ שוועסטער, ענטפערט קורץ:

— פרײַלין אילען, שאַרלאָטע אילען.

אָרעמער לעפּאָרעלאָ! ער האָט נאָך אַלץ נישט פֿערגעסען, ווי די חיטרע סאָפֿיע האָט איהם איין מאָל אין אָווענד אָבגענאַרט און איהם פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אַ גאַנצער געזעלשאַפֿט מיט די שטיבילעטען אין די הענד, דעריבער ענטפֿערט ער דאָס אַזוי קורץ.

נאָר לונגע האָט געוואָלט בעקומען אַ גענויערן ענטפֿער; אין זיין קאָפּ האָט אַ בליץ געטהון עפּעס אַ ערינערונג, און ער פֿרעגט ווידער:

— אילען?

— יאָ.

לונגע דערמאָהנט זיך, אַז צווישען די פּעק פֿון זיינע פּאַפּירען ליעגט דער אַרטיקעל, וואָס אילען האָט געבראַכט. דאָס איז געווען אַ יונגער מאַן אין אַ גרויען מאַנטעל, ער שטעלט זיך איהם פּלוצלונג פֿאָר גאַנץ קלאָר פֿאַר זיינע אויגען.

— די דאָזיגע שאַרלאָטע האָט אַ ברודער, איהר ווייסט נישט? — פֿרעגט ער.

— גאַנץ ריכטיג, — ענטפֿערט לעפּאָרעלאָ, — זי האָט איין ברודער, דעם קאַנדידאַט אילען, ער איז אַ ביסעל שוואַך, אַ ביסעל גאַריש, און איבעריגען אַ וואַילער יונג.

און לונגע פֿערטיעפֿט זיך ווידער אין זיינע מחשבות, ווערהענד ער קוקט נאָך די צוויי וועלאָסיפּעדיסטען. ער האָט דערקענט דעם דאָזיגען העררן, דאָס איז געוען דער ראַדיקאַל באַנדעסען פֿון אַרבייטער-פֿעראיין; נאָר די דאַמע האָט ער נאָך דוכט זיך קיינמאָל נישט בעגעגענט. וואָס פֿאַר אַ מאָדנעם בליק זי האָט אויף איהם געוואָרפֿען; כמעט ווי אַ ביטע איז געווען אין דעם דאָזיגען בליק. ער האָט איהם געטראָפֿען גלייך אין האַרצען אַריין. און ווי עלעגאַנט זי איז פֿערבייגעפֿלויגען, אין אַ נייער בלויער קלייד, וואָס איז אַזוי ענטציקענד-קורץ געווען, וויפֿיעל דאָס איז נאָר מעגליך. פֿאַר לונגע'ן איז דאָס געווען ווי אַ ערשיינונג, ווי אַ פֿאַנטאַסטיש זעהעניש, דער בליק פֿון דעם יונגען מעדעל האָט איהם אויגענבליקליך אויפֿגעפֿלאַמט.

פּלוצלונג קעהרט ער אום צוריק. ער זאָגט לעפּאָרעלאָ'ן

אז ער האָט עפּעס אין רעדאַקציע פערגעסען, און געהט.

אילען! דער דאָזיגער איידעלער, אריסטאָקראַטישער נאָמען האָט זיין האַרץ געמאַכט ציטערן. דעם מעדעלס אויגען האָבען איהם ביז דער בעגענעניש געטראָפען, ער איז נישט ביינגעשטאַנען פאַר זיי, ער איז נישט געווען אזוי לעבלאָז. ווי, אויב ער וועט איצט אָבדרוקען דעם דאָזיגען קליינעם ארטיקעל וועגען די סאָרטען יאַגאָדעס, אונטערגעשריבען מיט איינעם פון די בעסטע נעמען אין לאַנד! וואָס וועלען דערויף מענשען זאָגען? צי דען איז אילען א מיטאַרבייטער אין דער „ציידונג"! דאָס וועט איהם פערשאַפען אזוי פיעל אַכטונג און אויך אזוי פיעל אַבאָנענטען ווי דער סקאַנדאַל. מען דאַרף זיך נאָר קונציג נעהמען צו דער זאַך, און ביי׳ם נאָמען אילען וועט שוין קיינער מיט דער נאָז נישט קיין קרים טהון. היינט ווים פאַר א שמחה וועט ער דער גאַנצער פאַמיליע פערשאַפען! יאָ, ס׳האָט געלוינט א קלער צו טהון וועגען דעם דאָזיגען בעטענדען בליק...

לונגע געהט שנעל אין רעדאַקציע אַריין און פערשליעסט זיך. ער גראָבט זיך אין די פאַפּיערען איף זיין טיש און געפינט דעם אַרטיקעל „וועגען די סאָרטען פון אונזערע יאַגאָדעס". ער לייענט איהם שנעל דורך, הויבט אָן צו זוכען די לעצטע נומערען פון זשורנאַלען און געפינט די „לעטערסטעדטסקאַ", וועלכע ער שניידט גלייך פאַנאַנדער און לייענט דורך. א ביסעל שפּעטער האָט ער זיך שוין אַלץ קלאָר געמאַכט. דער פּלאַן איז שוין גרייט ביי איהם אין קאָפּ, און ער זעצט זיך שרייבען.

אילענס ארטיקעל מוז נאָך מאָרגען געדרוקט זיין, דאָס איז דער לעצטער טערמין, מעהר קאָן מען שוין קיין איין טאָג נישט אָבלעגען. נאַטירליך וועט מען פון נומער מוזען אַרויסוואַרפען עטליכע אַנדערע זאַכען, נאָר קיין אַנדער עצה איז נישטאָ. די מיטטיילונג וועגען דעם רעפעראַט פון פּאָרזיצענדען פון אָרדעלסטינג און דעם אויפרוף פון דער וועשין מוז מען אין א זייט אָבלעגען, מען קאָן דאָך נישט פאַר אַלץ פּלאַץ האָבען.

# VI.

אין שטוב ביי מאדאם אילען זענען אלע פשוט געוועזען איבערגליקליך, ווען פרעדריקס ארטיקעל איז געדרוקט געווארען. מען האט שוין דערויף קיין האפנונג נישט געהאט. פרעדריק אליין האט אומעטיג דעם קאפ געשאקעלט און געזאגט, אז דער ארטיקעל איז געוויס אריינגעשליידערט געווארען אין רעדאקציאנס-קארב. די מוטער האט קיין בעגריף נישט געהאט וועגען אזוינע זאכען, נאר אייב מען האט דעם ארטיקעל נישט געדרוקט, איז דאך א סימן, אז ער טויג מסתמא נישט. און איהרע הענד האבען נאך פלייסיגער ווי ביז איצט געארבייט. אלץ האט זיך דער גוטער פרוי אנגעהויבען אויסצוווייזען אין א עטוואס דונקעלערען שיין ווי געוועהנליך. זי האט גאר נישט געקאנט פערשטעהן, וואס איז דאס געשעהן מיט שארלאטע'ן אין פערלויף פון לעצטען מאנאט. איהר טאכטער האט אינגאנצען פערלארען דעם חשק צו ארבייטען, און זי האט כסדר נאר געטהון און געקלערט, ווי זיך אנצוטהון אין א בלויער קלייד און ארומפאהרען אויפ'ן וועלאסיפעד, און דער דאזיגער יונגער מאן, באנדעסען, האט זיך די גאנצע צייט גענעהמט ארום איהר; דאס איז נאטירליך גאנץ גוט געוועזען, ווייל שארלאטע איז אויך מיט איהם צופריעדען; נאר, גאט מיינער, אויב דער דאזיגער יונגער מאן וועט זיך נישט פלייסיג לערנען און זיך נישט ארויסשלאגען אויף עפעס, וועט דאך דאס אויך נישט זיין אזוי ווי עס דארף צו זיין. אמת, ער האט א רייכען פאטער א ערד-בעזיצער, נאר דאס גיעט נאך אלץ נישט דעם זוהן די מעגליכקייט זיך צו פערהייראטען.

דערצו נאך האט דער מאדאם אילען נישט וועניג קומער פערשאפט נאך איין זאך. איהר קווארטיראנט, דער העדר גאיברא, איז איינמאל געקומען צו איהר און זיך ענטזאגט פון דעם זייטיגען צימער, וואס זי האט איהם פערדונגען. דאס איז געוועזען אויף צומארגענס נאך דער פערזאמלונג אין ארבייטער-פעראיין, וואס די גאנצע פאמיליע איז דארט דעמאלט געוועזען. דאן האט זי די הענד פערבראכען און געפרעגט, פארוואס וויל ער זיי פערלאזען; צי

דען איז ער מיט עפעס נישט צופריעדען, גאר מיט וואס? ווערט זי דאס בעזייטיגען און ווידער אלץ אין ארדנונג מאכען. און אז גאיברא האט דערזעהן, ווי איהר ווילט זיך נישט שיידען פון איהם, האט ער ווידער איינגעשטימט צו בלייבען, נאר עפעס מיט אזא טרויעריגער מינע, מיט בעדויערן. אמת, ער האט געזאגט, אז ער וויל גאר אליין נישט קיין בעסער זאך, ווי בלייבען דארט, וואו ער געפינט זיך, נאר איהם וואלט זיך וועלען וואהנען א ביסעל נעהנטער צו דער באנק, וואו ער ארבייט. ער איז געבליבען אויף ווייטער, נאר מען קאן נישט וויסען, צי וועט ער פלוצלונג אין איין שענעם טאג זיך נאך א מאל נישט ענטזאגען, שוין גאנץ ערנסט; ער פלעגט איצט זעהר זעלטען אריינקומען צו זיי אין די צימערען, נאר שטענדיג אין זיין צימער געזעסען און זעהר שווייגענדיג געוועזען.

דאס אלץ האט די מאדאם אילען געבראכט דערצו, אז זי האט טרויעריג אויף די צוקונפט געקוקט.

דען זי האט דאך אזוי פיעל ערווארטעט פון פרעדריק'ן, ווען ער האט זיין שטודיום געענדיגט. אמת, זי האט פערשטאנען, אז ער איז נישט געוועזען קיין זשעניע, ער איז געוועזען א גאנץ געוועהנליכער יונגער מאן מיט מיטעלע פעהיגקייטען; דאס האט זי פערשטאנען א דאנק סאפיע'ן, וואס איז, אין אמת'ען גערעדט, געוועזען פיעל קליגער פאר איהם. נאר א מענש, וואס האט די עקזאמענס אויסגעהאלטען, האט דאך אלענפאלס נישט געקאנט בלייבען דערביי און ווייטער גארנישט, האט ער דאך געדארפט געפינען עפעס, אויף וואס אויסצוניצען זיינע ידיעות, זיך אויפזוכען עפעס א בעשעפטיגונג און האבען ווענינגסטענס קליינע פערדינסטען. די לעצטע צייט האבען באנדעסען און די מערלעך גריסע האפנונגען געלעגט אויף פרעדריקס ארטיקעל, נאר מאדאם אילען האט שוין נישט געגלויבט, אז ער וועט נאך א מאל געדרוקט ווערען. זי האט שוין אפילו געטראכט וועגען דעם, צי זאל זי פרעדריק'ן נישט אוועקשיקען אין אמעריקא, אויב דא קאן פון איהם גאר-נישט ווערען. אין אמת"ען גערעדט פאהרען דאך אוועק אהין אזוי פיעל גוטע מענשען, עטליכע האט זי געקענט.

און מיט א מאל איז די גאנצע זאך גאר גאר אנדערש געווארען. אין איין שענעם טאג האט די „צייטונג" ארויסגעלאזט אנ'אמת'ן אילען-נומער, קודם-כל אילענס ארטיקעל, דאן א נאטיץ וועגען אילענ'ען אליין. דאס גאנצע הויז איז אויפגערודערט געווארען, אפילו גאיבראַ האט דער בעל הבית'טע די האנד געדריקט מיט א מאדנעם אויסדרוק אין געזיכט, ווען זי האט איהם דערצעהלט, וואס ס'איז געשעהן. און באנדערסען האט געשריען אזוי הויך, וויפיעל ער האט נאר געהאט כח, ער איז אריין אין א פייערדיגע התפעלות און שטאלצירט מיט דעם, וואס ער איז דאס געוועזען די סבה פון דעם אלעם. אמת, זיי האבען לאנג געמוזט ווארטען, און אפילו באנדערסען אליין האט שוין אנגעהויבען צווייפלען, נאר קוים איז דער אילען-נומער ערשיענען, אזוי איז ער אויפ'ן וועלאסיפעד ארויפגעשפרונגען, און נישט אויפגעהערט צו קלינגען, ביז ער איז געקומען צו פליהען צו די אילענס. אה, זעהט איהר שוין! צי האט ער דאס נישט געזאגט די גאנצע צייט? אפילו קיין איין טאג האט ער נישט אויפגעהערט זיכער צו זיין אין לונגע'ן. צי דען איז עס שוין א מאל געהערט געווארען, אז לונגע זאל זיין זאך נישט וויסען ווי צו ערפילען? צי דען האט ער נישט דער ערשטער ענטדעקט דעם סטודענט איען, דעם שרייבער איען, און אין איהם א טאלענט געפונען? קיין זאך לאזט נישט דורך לונגע'ס שארף אויג; ווער עס לייקענט דאס אב, איז א סימן, אז ער לייענט די „צייטונג" נישט.

באנדערסען האט בעזונדערס שטאלצירט מיט דעם, וואס אלץ איז געשעהן פונקט אזוי ווי ער האט פאראויס געזאגט בנוגע צו'ם טיטעל פון אילענס ארטיקעל. איצט האט ער שוין נישט געהייסען: „א פאר ווערטער וועגען די סארטען פון אונזערע יאגאדעס". צי דען איז מעגליך אזא טיטעל פאר די לעזער פארלענגען? איצט זענען געווען דריי טיטלען, מיט ריעזיגע בוכשטאבען, איינער אונטער דעם אנדערען: „יאגאדעס. צוויי מיליאנען איינשפארונג. א פאלקס-פראגע". זעהט, אט דאס זענען טיטלען, וואס ווארפען זיך אין די אויגען. דורך די דאזיגע טיטלען האט דער גרויסער רעדאקטאר געמאכט דעם ארטיקעל

פאר א ווערטפולע זאך, וואס דארף אויפמערקזאם געלייענט ווערען, דער ארטיקעל האט גאר א אנדערען פנים בעקומען, זאלען די לעזער איצט פרובען דורכלאזען דעם דאזיגען ארטיקעל ואיהם נישט צו לייענען, אויב זיי וועלען נאר קאנען. נאר זיי וועלען דאס נישט קאנען, זיי וועלען מוזען דעם ארטיקעל לייענען, עס האנדעלט זיך דאך עפעס וועגען א פאלקס-פראגע פון צוויי מיליאנען; דאס, קאן מען זאגען, איז א ברענענדע לעבענס-פראגע

און צוזאמען מיט דעם דאזיגען פעטען ארטיקעל האט זיך אין די אויגען געווארפען די רעדאקציאנעלע נאטיץ, געדרוקט מיט א קלענערען שריפט אויף דער ערשטער זייט, וועגען אילענ'ען גופא. „העררר אילען, דער מחבר פון דעם סענסאציאנעלען ארטיקעל וועגען די סארטען פון אונזערע יאגאדעס, וואס ווערט היינט געדרוקט אין אונזער צייטונג, האט אין'ם לעצטען ביכעל פון דער „לעטערסטערסטקא טידסקריפט" פערעפענטליכט א עסקי, וועגען גרושיבעס, וואס סיי אין וויסענשאפטליכען, סיי אין סטיליסטישען זינען איז ער פשוט פראכטפול און האט צו גרויסע וכוחים געבראכט. דאס איז א גלענצענדער אנאליז פון עסבארע און גיפטיגע גרושיבעס, גרושיבעס מיט א ריח און גרושיבעס מיט א גיפטיגער בעפארבונג. אויב העררר אילען האט בדעה צו פערעפענטליכען נאך אזעלכע פארשונגען, וועט נארוועגען בעזיצען מיט איין וויסענשאפטס-מענש מעהר".

אילען אליין האט די דאזיגע נאטיץ געלייענט מיט א שטארקען צווייפעל און מיט אונצוטרויען, ער איז געוועזען ערהליך או, געפיהלט, אז ער האט כלל נישט אזא גרויסע בעדייטונג. נאר באנדערסען האט אויסגעראטען זיין גאנצען צווייפעל: — ווי, ער איז נאך נישט צופריעדען? אבער דאס איז דאך געדרוקט אי דער „צייטונג"! און באנדערסען טעלעגראפירט צו זיין פאטער, דעם ערד-בעזיצער, ער זאל איהם עקסטרא ארויסשיקען עטליכען קראנען, כדי צו מאכען א „לחיים" לכבוד דער דאזיגער געשעהעניש.

דערווייל זענען די פריינד געקומען צום בעשלוס, אז אילען דארף ארייננעהן צו לונגע'ן און איהם בעדאנקען פאר זיין אני-

ערקענונג. און אילען איז געגאַנגען. נאָר אין שטאָרט האָט ער זיך צופעליג געטראָפען מיט גאַיבראַ'ן, וועלכער האָט איהם נישט געראָטען צו געהן. „בעסער טהוט דאָס נישט, — האָט גאַיבראַ געזאָגט, — איין גאָט ווייס, צי לוינט אייך דאָס צו טהון; מיר דוכט, אַז נישט". נאָר טראָץ גאַיבראַ'ס ווערטער האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזען, אַז גלייכער איז טאַקי געוועזען יאָ צו געהן. לונגע האָט איהם אויפגענומען העכסט פריינדליך און ליעבליך זיך נאָכגעפרעגט, וואָס ער אַרבייט איצט, און געבעטען, ער זאָל ווייטער מיטאַרבייטען אין זיין צייטונג. ביי'ם סאַמע סוף האָט אילען פון קאַסירער בעקומען נאָך אַ שפּאָרע מטבע פאַר זיין אַרטיקעל. יאָ, אילען איז זעהר צופריעדען געוועזען, וואָס ער איז צו לונגע'ן געגאַנגען און איהם בעדאַנקט.

גאַיבראַ האָט דאָך שטענדיג זיינע בעזונדערע מיינונגען וועגען אַלעם; ווי עס ווייזט אויס פיהלט ער נישט, אַז דאָס מאַכט איהם פאַר אַ מאָדנעם און כמעט פאַר אַ לעכערליכען מענשען. פון יענעם אָווענד, ווען ער האָט זיך פאַר אַלעמען אַזוי בענאַרישט מיט זיין אונגעלונגענער רעדע אין אַרבייטער-פעראיין, איז ער גאָר אַנ'אַנדער מענש געוואָרען — בלאַס, שווייגעוודיג, כמעט שעמעוודיג. אַלע אין שטוב האָבען זיך מיט אַלע קרעפטען בעמיהט צו מאַכען איהם פערגעסען זיין מפּלה. נאָר גאַיבראַ אַליין האָט געלאַכט פון די דאָזיגע קינדערשע פּראָבעס און נישט אויפגעהערט ווי פריהער מיט עקשנות אָבּצולאַכען פון די הויכע ליבעראַלע פראַזען וועגען פרייהייט, דעמאָקראַטיזאַציע און פּראָגרעס, וואָס זענען געהערט געוואָרען אין אַרבייטער-פעראיין.

איינמאָל אין דער פריה האָט ער זיך אויף די טרעפּ געטראָפען מיט שאַרלאָטע'ן, ביידע האָבען זיך נישט ווילענדיג אָבגעשטעלט, און זי איז פלוצלונג רויט געוואָרען. גאַיבראַ האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און געפרעגט מיט אַ שמייכעל:

— פריילין טראָגט נאָך נישט די בלויע קלייד? — און גלייכצייטיג האָט ער אַ קוק געטהון אויפ'ן זייגער און צוגעגעבען שפּאַסיש: — שוין האַלב ניין.

נאר דאס איז שוין פאר שארלאטע'ן צו פיעל געווען. אויב ס'איז שוין יא געקומען דערצו, איז קאן טאקי זיין, אז די בלויע קלייד פערשאפט איהר שוין נישט אזא פערגניגען, ווי אלעמען דוכט זיך אוים. נאר וואס האט זי געזאלט טהון? באנ־דעסען האט זי גערופען זיך דורכצופאהרען, דער וועלאסיפעד איז געווען אויסגעפוצט, האט זי געמוזט אנטהון די קלייד. זי איז פערשוויגען געווארען, די ווינקלען פון מויל האבען לייכט געציטערט.

ער האט דערזעהן, אז ער האט זי בעלעדיגט, און וויע־דער געוואלט אלץ אין ארדנונג מאכען, פערריכטען. דען זי איז דאך די שענסטע אויף דער ערד, און חאטש ער האט אין זיך אזוי פיעל בעזקייט, האט זי איהם דאך מוחל געווען און איז נישט אוועקגעגאנגען, נאר שטעהן געבליבען ביי'ם פארענץ׳ דאס איז געווען מעהר ווי ער האט פערדיענט.

— פערצייהט מיר, — האט ער געזאגט. — איך וועל נישט זאגען, אז איך האב אייך נישט ווילענדיג בעלעדיגט, וויל איך האב עס טאקי געוואלט. נאר איך האב חרטה.

— מיר דוכט, — האט זי געזאגט, — אז אייך דארף זיין אלץ איינס, צי איך טראג א בלויע אדער א גרויע קלייד.

— יא יא, — האט ער געענטפערט.

דאס זענען דאך געווען אויפריכטיגע ווערטער. ער האט דעם הוט בעריהרט און געוואלט געהן.

— איך האב נאר געמיינט, — האט זי געזאגט, — אז פאר אייך איז דאס גאר גלייכגילטיג. איהר קומט דאך שוין אפילו נישט אריין צו אונז.

א, ער האט פערשטאנען די דאזיגע העפליכקייט, מיט וועלכער זי האט געוואלט פערגלעטען די פריהערדיגע ווערטער. ער האט געענטפערט אויך אזוי פארזיכטיג, אויך אזוי קאלט:

— יא, איך האב זעהר פיעל פערשיעדענע געשעפטען איך ארבייט איצט זעהר פלייסיג.

דערביי האט ער א לייכטען שמייכעל געטהון און זיך טיעף פערנייגט.

דעם זעלבען אווענד איז די גאנצע פאמיליע געגאנגען אין
טעאטער פאר פרעדריק'ס געלד, און גאיבראַ איז איינער אליין
אין שטוב געזעסען. ער האט געקוקט אין בוך אריין, נאר ניש
געליינט. שארלאטע איז בלאסער געווארען. זי איז דאדורך
נישט מיאוס'ער געווארען, נײן, איהר פײן געזיכט מיט די פולע
ליפען איז דאדורך נאך צארטער, נאך שענער געווארען; נישטא
אזא זאך, וואס זאל נישט פאסען צו איהר. נאר אפשר האט
זי געהאט עפעס א קומער, עפעס האט זי בעאונרוהיגט. אויך
האט זיך גאיבראַן געדובט, אז ער האט ענטדעקט א געוויסע
ענדערונג אין איהרע בעציהונגען צו באנדרסען'ען, זײ זענען
בעהנטער געווארען מיט אײנאנדער. אײן מאל האט ער געזעהן
ווי זײ האבען זיך געסוד'עט אין קארידאר. נו, אלענפאלס איז
דאס אבסאלוט נישט זײן זאך, ווארום נישט צוליעב איהם איז
זי דאך רויט געווארען אויף די טרעפ הײנט אין דער פריה,
דאס האט מען אויך געקאנט ארויסזעהן פון דעם, וואס זי האט
דערנאך צו איהם גערעדט. און ווײטער? דריק צוזאמען די
צײהן, פרעס צונויף די פויסטען, לעא גאיבראַ! איצט בלײבט
איהם נאר צו פערניכטען זײן ניעדערטרעכטיגע טהאט אין באנק,
און דאן וועט ער זיך בעמיהען א בערוהיגונג צו געפינען אין
ארבײטען און לערנען. איבריגענס וואלט ער שוין אין ניבען גע-
קאנט אויסצאהלען דער באנק, ווען די גוטע פרוי אילען וואלט
אין איין שענעם טאג נישט געקומען צו איהם און געבעטען,
ער זאל איהר דערווײל לײהען געלד, ביז זי וועט בעקומען איהר
פענסיע פאר א האלב יאהר. גאיבראַ האט איהר נישט געקאנט אבזא-
גען די דאזיגע טובה, ער האט אין דעם געזעהן א בעווײז פון צוטרויען
פון איהר זײט און דעריבער איז עס איהם זעהר אנגענעהם געווען
אפשר וועט איהם געלינגען פטור צו ווערען פון חוב אויף אנ-
אנדער אופן, אפשר וועט ער קאנען אביסעל פערקלענער
זײנע הוצאות, דורכלאזען א מאל א מיטאג. אויסער דעם האט
ער א זײגער און א מאנטעל, וואס ער דארף נישט אזוי שטארק
נויטיג. די באנק מוז אלענפאלס צו דער צײט בעצאהלט ווערען,
חאטש באנדערסענס פאטער, דער ערד-בעזיצער אין בער-

גענער קאַנט. האָט דאָס מאָל נישט געשיקט אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל זײַן זוהן האָט געבעטען, דאָך האָט ער נישט אינגאַנצען זײַן האַרץ פֿערמאַכט, די צוגעשיקטע סומע איז גענוג געווען אויף פֿערשיעדענע זאַכען, און באַנדערסען האָט נישט אָבגעלעגט קײַן אײַן שילינג און דאָס גאַנצע געלד אויסגעגעבען.

— נײַן, לאָז מיך, לאָז מיך עפֿענען די פֿלעשער, — האָט ער געזאָגט און צוגענומען פֿון אילען'ען דעם פּראָפּענציהער — אין קערפּערליכע איבונגען בין איך אויך אַזוי געשיקט ווי דו אין גײַסטיגע. חאַ־חאַ!

און מיט אַמאָל איז בעשאַפֿען געוואָרען אַ פֿרעהליכע שטימונג. כּאַדאַם אילען האָט פֿאָרגעלעגט, מען זאָל בעטען גאַיבראַ'ן, ער זאָל אויך אַרײַנקומען; נאָר גאַיבראַ האָט שוין, ווײַזט אויס, דערהערט דאָס קנאַלען פֿון די אַרויסגעצויגענע פּראָפּענס, ער איז געשטאַנען מיט'ן הוט גרײַט אַרויסצוגעהן, ווען מאַדאַם אילען איז אַרײַנגעקומען צו איהם. ער דאַנקט זעהר, נאָר ער קאָן נישט, ער איז הײַנט אָוועגד אײַנגעלאַדען אין שטאָדט, אויף קאָרטען, און וועט צוריקקומען אַ הײם זעהר שפּעט.

באַנדערסען האָט אַ געשרײַ געטהון פֿון צווײַטען צימער:

— קומט אַהער, קומט! איך בין גאָר נישט בעלעדיגט דערפֿאַר, וואָס איהר האָט גערעדט געגען מיר אין אַרבײַטער־פֿעראײַן, איך בין שטענדיג געוואוינט צו אַכטען אויפֿריכטיגע איבערצײַגונגען פֿון יעדען מענשען.

נאָר גאַיבראַ האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קורצען, קלאַנגלאָזען געלעכטער און איז פֿון די טרעפּ אַראָב.

— וואָס פֿאַר אַ בער דאָס איז! — האָט באַנדערסען רוהיג געזאָגט. — אויף פֿרײַנדליכע ווערטער ענטפֿערט ער מיט אַ גראָב געלעכטער...

אַ חצלע שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ קלונג בײַ דער טהיר. אילען איז אַליין געגאַנגען און די טהיר אין צימער אַרײַן אָפּען געלאָזט: דאָס איז אַוודאי דער בריעף־טרעגער, ביטע, אַ דאַנק.

נאָר דאָס איז נישט געווען דער בריעף-טרעגער, דאָס איז געווען דער רעדאַקטאָר לונגע.

אילען האָט ערשטוינט צוריק אָבגעטרעטען; נאָר לונגע האָט אַ שמייכעל געטהון און געזאָגט, אַז ער האָט אַ שטיקעל געשעפט פאַר איהם, אַ ביטע, איז ער פערבייגעהענדיג אָבגעטרעטען.

שטאַרק פערלעגען פון אַזאַ גרויסען כבוד שרייט אילען דורך די אָפענע טהיר:

— מאַמאַ, דאָס איז דער רעדאַקטאָר לונגע, קום נאָר אַהער...

מאַדאַם אילען קומט גלייך אַרויס און בעט דעם רעדאַקטאָר הארציג אַריינצוגעהן. דאָס איז דאָך אַ פערגניגען, אַ עהרע..

און לונגע גיעט ענדליך נאָך די ביטעס.

די מעשה דערפון איז אַזוי, די ספעקולאַציע מיט אילענס נאָמען איז זעהר געלונגען. שוין נישט רעדענדיג פון דעם, וואָס דאָס פובליקום איז פשוט ערשטוינט געווען פון דער ענטדעקונג פון אַ נייעם זשעניע און פון דער נייעס, אַז דורך אַ ענערגישער עקספּלואַטאַציע פון די פערשידענע סאָרטען יאַגאָדעס קאָן מען ווערען אַ קאַפּיטאַליסט און רייכער מאַכען דאָס לאַנד מיט צוויי פעטע מיליאָנען, — אויסער דעם האָט נאָך לונגע צוגעצייגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט דערמיט, וואָס ער איז אונפּאַרטייאיש און וויים אָבצושאַצען דעם ווערט פון אַ מענשען, אַפילו ווען ער איז פון אַן'אַנדער פּאַרטיי. איבעראַל לונגע און נאָר לונגע; ווער נאָך וואָלט אַזוינס געוואָלט טהון? ער האָט נישט געהאַט און האָט צו זיך קיין גלייכען נישט. איבריגענס, האָט מען נאָך פריהער אויך געהאַט ראיות, ווי אונפּאַרטייאיש דער דאָזיגער מענש איז; ער האָט ענטדעקט דעם שריפטשטעלער איען, וואָס אין אמת'ען האָט ער וויגען איהם קיין זאַך נישט געוואוסט, אויסער וואָס ער איז אַ זשעניע, נאָר גלייכצייטיג האָט ער געקאָנט זיין אַ עבט רעכט'ר, אָדער — ער איז אַליין אַרויסגעטרעטען געגען זיין אייגענעם לעפּאָרעלאָ, ווען יענער האָט זיך געלאָזט אויף נאַכט-אַוואַנטורען. יאָ, לונגע האָט ווירקליך אָנערקענט די הויכע בעדייטונג

פון דער פרעסע! און אזוי ארום האט ער צוגעצויגען צו זיך אהן א שיער אבאנענטען.

איצט האט זיין טאלאנט צו פערשיעדענע קאמבינאציעס איהם ארויפגעבראכט אויף א גלענצענדע אידעע, און דעריבער איז ער אהן שום צערעמאניעס געקומען צו די אילענס. אמת, צוליעב דעם האט ער זיך געמוזט ענטזאגען פון צו זיין אויף דער פאליטישער פערזאמלונג, וואו עס האט געדא־פט רעדען דער פארזיצענדער פון ארעלסטי.ג, נאר אומעטום קאן מען דאך נישט זיין אויסער דעם איז ער שוין געווען אויף דער גרויסער פערזאמלונג פון ארבייטער־פעראיין, און עס מוז דאך האבען א שיער, ווי־פיעל מען קאן אלץ פון איין מענשען פערלאנגען.

ער ווענדעט זיך צו אילענ'ען און טרעט גלייך צו צו דער זאך: ער האט עפעס פערגעסען, ווען הערר אילען האט איהם צו'ם לעצטען מאל אין רעדאקציע בעזוכט, ער האט געוואלט וויסען, צי וועט מען נישט קאנען דרוקען אין דער „ציי‌טונג" דעם צווייטען ארטיקעל פון העררן אילען וועגען דער אויסארבייטונג פון גערייניגטע הויווען. איידער ער וועט ערשיינען אין א בעזונדער בוך? און אויב עס וועט נישט מעגליך זיין צו בעקומען דאס גאנצע ווערק. א־ז חאטש א טייל דערפון, דעם סאמע עיקר. ער איז געקומען מיט דער דאזיגער ביטע, האבענדיג בעזונדערס אין זינען די בעקערייען אין דאס ברויט־באקען; ער וואלט זעהר גע־וואלט אויך אין דער הינזיכט איינפיהרען פערבעסערונגען, העלפען ווי ווייט נאר מעגליך איז.

נאר אילען האט שוין זיין ארטיקעל אין א זשורנאל אבגע־שיקט, אין א ארעמען פאפולערען זשורנאל, וואו עס האבען זיך געדרוקט די פערשיעדענסטע זאכען, און ער האפט, דאס מען וועט איהם אננעהמען. ער האט געזאגט דעם גאנצען אמת, אז דער ארטיקעל איז שוין אבגעשיקט.

דאן האט לונגע געענטפערט:

— ציהט איהם צוריק מיט א טעלעגראמע. נאטירליך וועלען מיר נאר אלץ בעצאהלען.

און מיט דאַנקבאַרקייט אין האַרצען זאָגט אילען צו, צו טעלעגראַפֿירען.

איצט האָט זיך שוין מאַדאַם אילען מעהר נישט געקאָנט איינהאַלטען און מיט לייַכטענדע אויגען האָט זי בעדאַנקט לונגע'ן פֿאַר אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַר פֿרעדריק'ן געטהון. ער האָט זיי אַלעמען זעהר דערפֿרעהט, און זיי זענען איהם זעהר דאַנקבאַר, דאָס איז געוועזען אַזוי אונגעריכט און אונפֿערדיענט.

— ליעבע מאַדאַם אילען, מיר האָבען נאָר אונזער פֿליכט ערפֿילט, — האָט לונגע געענטפֿערט.

— נאָר דאָך האָט זיך אויסער אייך נישט געפֿינען קיינער, וואָס זאָל אנערקענען, אַז אויף איהם ליעגט די דאָזיגע פֿליכט.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — פֿערשיעדענע רעדאַקטאָרען האָבען טיילמאָל מעהר, טיילמאָל וועניגער קלאָרע פֿאָרשטעלונגען וועגען דער בעשטימונג פֿון דער פּרעסע.

— יאָ, אַזוי איז עס, נאַטירליך. נאָר מיר דאַנקען אייך פֿון גאַנצען האַרצען, מיר וועלען נישט פֿערגעסען, אַז איהר האָט איהם דער ערשטער געהאָלפֿען אויף אַ וועג אַרויס.

און לונגע האָט געענטפֿערט שפּאַסענד מיט אַ שמייכעל:

— מיך פֿרעהט זעהר, מאַדאַם, וואָס דאָס מאָל האָב איך זוכה געוועזען צום גליק אָבצושאַצען דעם טאַלענט ווי געהעריג איז מיר, לינקע, זענען כלל נישט קיין מענשענ-פֿרעסער.

ביי די ווערטער האָט זיך ענדרע באַנדעסען הויך צעלאַכט און זיך אין קניע אַ זעץ געטהון. ביז דעם אויגענבליק איז ער געזעסען ווי ער וואָלט שטום געוואָרען פֿאַר ענטציקונג, און זיך קיין ריהר נישט געטהון. מערקווירדיג איז געוועזען דאָס, אַז בשעת לונגע איז אָנגעקומען, איז ער שוין באַלד געוועזען שכּור, נאָר ער האָט זיך שנעל אויסגעניכטערט. צו'ם גליק האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיי האָבען נאָך נישט אינגאַנצען אויסגעטרונקען, נישט אַלע פֿלעשער זענען שוין לעדיג געוועזען. און ווען מען האָט לונגע'ן פֿאָרגעלעגט אויסצוטרינקען אַ גלאַז, האָט ער גלייך איינגעשטימט-אָפֿענהערציג און דאַנקבאַר. ער איז יענעם אָווענד געוועזען אין אַ וואוילער לוינע.

ער האט שארלאטען געזאגט א קאמפלימענט פאר איהר שעני פאהרען אויפ'ן וועלאסיפעד און זי געצוואונגען רויט צו ווערען. צווייטע מאל האט ער זיך אנגעבויגען צו איהר און מיט פערגניגען בעטראכט איהר האנד-ארבייט, אין איבעריגען איז ער געוועזען זעהר איינגעהאלטען און גערעדט על פי רוב נאר מיט די מאנסלייט, אזוי ווי ער וואלט טאקי געקומען נישט מעהר ווי נאך אילענס ארטיקעל. זיינע אלע בליקען אויף שארלאטע'ן פון דער זייט בעדארפען גארנישט צו בעדייטען. און ווי שען זי איז געוועזען, אזוי יונג און בליהענד! די געלבליכע האר האבען ביי'ם שיין פון לאמפ געשיינט ווי גאלד, ער האט נאך קיין מאל נישט געזעהן קיין גלייכען דערצו. און די ברעהמען האבען זיך איבער דער נאז כמעט ווי צונויפגעגאסען. אפילו די קליינינקע ראזיג-רויטע קרעצלעך אויף איהר געזיכט האבען איהם צו התפעלות געבראכט. די יוגענד האט אנגעהויבען רוישען אין דעם דאזיגען עלטערן העררן, זיינע פערפיהרערישע אויגען האבען געגלאנצט, און ער האט די גאנצע צייט געשמייכעלט פאר פערליעבעניש. און דערצו נאך, ווי גוט האט ער זיך געפיהלט אין דעם דאזיגען בעקוועמען פאמיליען-קרייז, וואו דער צימער איז פול געוועזען מיט יונגע מעדלעך און זייערע פערעהרער! דער אלטער, גוטער נאמען פון דער פאמיליע האט זיך געפיהלט איבעראל, אין די אויסשניצונגען אויף די אלטע מעבעל, אין די צוויי-דריי פאמיליען-פארטרעטען אויף דער וואנד, אין יעדעןווארט, וואס די דאזיגע מענשען האבען דא אויסגעשפראכען, — זיי זענען געוועזען געבארענע אריסטאקראטען, איידעלע פון דער נאטור. די גוטע ערציהונג איז אין זייער בלוט געוועזען, לונגע האט נישט געזעהן, ווי ארעם און אבגעניצט אלץ איז געווארען ביי מאראם אילען, ער האט נישט בעמערקט די פעהלערען, ער האט געפונען א בערוהיגונג, ווי א מענש, וואס האט זיך ענדליך צום טישעל צוגעחאפט און גענייעסט. די בילדער אויף די וואנד זענען נאטירליך פון אנטיקער גוטער קינסטלערישער ארבייט, דאס גלעזעל, פון וועלכען ער האט בילליגען שאמפאניער געטרונקען, איז זיכער פון פיינעם געשליפענעם גלאז, און ווי אנגענעהם עס איז צו טרינקען פון געשליפענע גלעזער!

ער איז אָהן חשק אויפגעשטאַנען אויעקצוגעהן, פון גאַנצען הארצען בעדאַנקט פאַר דאָס גרויסע פערגניגען, וואָס ער האָט גענאָסען, און זיך צו דער טהיר געלאָזט.

— הייסט עס, איך קאָן האָפען, אז איהר וועט מיר נאָר אין גיכען דעם ארטיקעל ברענגען,— האָט ער געזאָגט צו אילענ'ען.— אויף וויעדערזעהן.

לונגע איז אַליין ווייטער געגאַנגען איבער דעם זעלבען שטאָדט-פערטעל און זיך אַליין מעהר פון זיין הויז ערווייטערט, ביז צו'ם עק שטאָדט, וואו די גאַסען האָבען אויסגעזעהן ווי פעלדער און די הייזער זענען געשטאַנען ווייט איינס פון אַנדערן. ער האָט געזוכט דעם הערר קאָנגסוואָל, זיינעם א שול-קאָלעגע, וועלכער האָט געדיענט אין יוסטיץ-דעפאַרטאַמענט. לונגע האָט געוואָלט דערגעהן פון איהם איין געהיימניס, ווען עס וועט דערצו די צייט קומען; דער דאָזיגער געלונגענער געדאַנק איז איהם איינגעפאַלען, ווען ער איז ביי די אילענס געזעסען. אפילו דאָ, אין דער דאָזיגער סביבה, וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען, וועהרענד ער איז געזעסען געגענאיבער דער יונגער פרוי, וואָס האָט אויף איהם אַזוי שטאַרק געווירקט, אפילו דאָ האָט לונגע נישט פערלאָרען די הערשונג איבער זיך, או זיין לעבהאַפטער פערשטאַנד האָט נישט אויפגעהערט צו אַרבייטען. נישט אומזיסט איז ער געווען דער גרויסער רעדאַקטאָר.

ער געפינט ענדליך קאָנגסוואָלס בעשיירענע וואָהנונג און געהט אַריין.

— שרעק זיך נישט,— זאָגט ער באַלד און שמייכעלט, ער איז דאָך נאָך אַליין אין א וואוילער לוינע און דעריבער שפּאַסט ער,— איך בין נישט געקומען דיך אינטערוויאירען.

נאָר קאָנגסוואָל, וואָס פיהלט די גרויסע עהרע, וואָס דער דאָזיגער וויזיט מאַכט איהם, און גלייכצייטיג איז ער זעהר פערלעגען, שטעהט שטום, ער קאָן זיך אפילו נישט דערמאָהנען, צי האָט ער זיך ווירקליך שוין אַמאָל געדוצט מיט'ן רעדאַקטאָר, לונגע דריקט איהם די האַנד מיט גוט-חבר'שאַפט און זעהט אוים זעהר סימפּאַטיש ווי געוועהנליך. א ביסעל שפּעטער האָבען די צוויי

בעקאנטע נאך פון דער סטודענטען-צייט זיך ביים טיש געזעצט און אנגעהויבן שמועסן.

זיירע שיקזאלן זענען געווען גאר פארשידענע. רונגען האט אבגעגאלטען, ער איז געווארען איינער פון די בערימהמטעמטע פערזענליכקייטען אין לאנד, א מעכטיגער מענש, וואס האט מיט איין ווארט געקאנט קעפ פאר זיך לאזען בויגען און זיינע פערלאנגען אויספיהרען. קאנגסוואל איז א יאהר צוועלף-פירצעהן געזעסען אין דעפארטאמענט און זיינע פינגער ביים איבערשרייבען צעקרימט, זיין געהאלט איז געווען און געבליבען נישטיג, און די ארבעל פון זיין מונדיר האבען געגלאנצט פון אלטקייט. יא, זעהר, זעהר פאמעלעך קאן א מענש שטייגען דיענענדיג ביי דער מלוכה.

לונגע האט געפרעגט:

— וואס מאכסטו עפעס? דיר געהט נוט?

— א ניין, — ענטפערט קאנגסוואל, — מען קומט קוים קוים דורך.

— אזוי!

לונגע האט זיך אין צימער אומגעקוקט. דא איז כלל נישט געווען קיין לוקסוס, אין דער דאזיגער וואהנונג פון קעניגליכען בעאמטען. דער דאזיגער, אפילו גענוג גרויסער צימער, איז געווען איין און איינציגער ביי זיין בעל הבית. צווישען די דאזיגע שטוהלען, שרייב-טיש, בופעט, בעט איז ער שטענדיג געצוואונגען געווען צו זיצען, ווען ער איז אין דער היים געווען. אויף איין וואנד איז געהאנגען זיין מאנטעל און איז בעדעקט געווען מיט שטויב.

— מיר דוכט, קאנגסוואל, אז דו שטייגסט אין דיין אמט שוין צו פאמעלעך, — זאגט לונגע.

— ליידער, יא, — ענטפערט קאנגסוואל — נאטירליך וואלט מען געקאנט אביסעל שנעלער שטייגען.

— נו, דאס וועט שוין בעסער ווערען דאן, ווען אין איין שענעם טאג וועט די רעגירונג פאלען, און דו האסט דאך, נאטירליך,

מעהר האָפֿנונגען צו שטײַגען בײַ אַ רעכטער רעגירונג. דו ביזט דאָך געוויס אַ רעכטער?

— יאָ.

— יאָ, די רעגירונג וועט אוועקגעהן, זי מוז אוועקגעהן. מיר וועלען אויף איהר קיין מינדעסטע רחמנות נישט האָבען.

— איהר האָט ביז איצט אויך אויף איהר קיין רחמנות נישט געהאַט.

— יאָ, אויף אַזוי פֿיעל זענען מיר נאָך צו׳ם גליק איינשטימיג. מיר קאָנען מוחל זיין אַ לינקער רעגירונג, אויב זי וואַקעלט זיך, אויב זי גיעט אוים שוואַכקייט עפּעס נאָך דער געגנערישער פּאַרטײַ, מיר קאָנען מוחל זיין פֿאַר אַ עהרליכע זינדי וואָס ווערט געטהון אוים מאַכטלאָזיגקייט. נאָר דאָ האַנדעלט זיך עס וועגען פֿערזענליכע עהרענלאָזיגקייט, וועגען צעשטערען די טרײַהייט און די געזעצען, וועגען אַ בעוואוסטזיניגע שעדליכקייט; דאָס וועלען מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין.

דרך אגב איז לונגע געקומען איהם צו בעטען אַ טובה, אַ קליינינקייט, און ער צווייפֿעלט, צי איז זיין וויזיט אַ מאָל נישט אומזיסט?

פֿאַר קאָנגסוואָל׳ן וועט עס זיין אַ גרוים פֿערגניגען, דעם רעדאַקטאָר אַ טובה צו טהון, אויב ער וועט נאָר קאָנען.

— עס האַנדעלט זיך וועגען די בעשטימונגען אויף די שטעלעס פֿון די געשוואָרענע ריכטער,— זאָגט לונגע.— וואָהרשיינליך וועט דאָך דיר אויסקומען צו האָבען עפּעס אַ שייכות צו דער זאַך, וועסט אפשר די בעשטימונגען און די עקספּעדיציע אָבשיקען?

— איך ווייס נישט.

— נו, עס יאָגט נאָך דערווייל נישט, ביז יענער צייט וועט נאָך וואַהרשײַנליך אויסקומען געניג צו וואַרטען. נאָר איך וואָלט וועלען מיט דיר עפּעס אָבמאַכען. אויב דיר וועט אויסקומען אָבצושיקען די בעשטימונגען, וועסטו מיך קאָנען אַ טובה טהון.

— ווי אַזוי?

— אַזוי אַז איך זאָל בעקומען פֿון דיר אַ קאָפּיע פֿון די

בעשטימונגען אין דעם מאמענט, ווען מען וועט זיי דארפען אב־שיקען אין שטאקהאלם.

קאנגסוואל שווייגט.

— און אויב נישט דיר וועט אויסקומען דאס אבצושיקען, אזוי וועט דיר אלענפאלס לייכט זיין זיך צו דערוויסען אין דעפאר־טאמענט, ווער עס ווערט בעשטימט אויף די אמטען. איך וואלט זעהר וועלען, אז איך זאל דער ערשטער מיטטיילען די דאזיגע נייעס, פערשטעהסטו מיך, מעהר גארנישט.

קאנגסוואל בעקלערט זיך נאך אליין.

— איך וויים נישט, צי קאן איך טהון אזא זאך, — זאגט ער. — נאר וואהרשיינליך איז עס דאך נישט אזוי געפעהרליך.

לונגע האט זיך צעלאכט.

— זעלבסט פערשטענדליך, אז דו פעריזענליך וועסט אין ערגעץ נישט דערמאהנט ווערען. איך האף, אז דו האסט נישט מורא, טאמער וועל איך דיך אויסגעבען, אלטער פריינד? אין אמת׳ען גערעדט בין איך געקומען נאר פון דער צייטונג וועגען, ווייל די דאזיגע בעשטימונגען אינטערעסירען שטארק דאס גאנצע לאנד, און איך וויל, אז די „צייטונג" זאל די ערשטע מיטטיילען דעם סוד. דו וועסט מיר נאר טהון א טובה ווי א גוטער פריינד, וויטער גארנישט.

און אט דא האט לונגע׳ן ארויסגעהאלפען דאס, וואס ער האט צוגענומען אלס מיטארבייטער אין זיין צייטונג איליען׳ען, א מענשען מיט א קאנסערוואטיווען נאמען, וואס איז אין פערלויף פון פיעל דירות בעריהמט געווארען. ער האט טאקי גלייך דער־מאהנט איליענס נאמען; נאטירליך איז ער איליענס פאליטישער געגנער, נאר דאס שטערט איהם נישט אנצוערקענען זיין טאלענט. אין אמת׳ען גערעדט איז ער גאר נישט ענליך צו אייניגע אנדערע לינקע, וואס שטעהען בלינד אויף דאס זייעריגע. יא, אין די פרינ־ציפען איז ער אונערשיטערליך, נאר, גאט מיינער, צווישען די רעכטע זענען אויך פערהאן מענשען, פיעל פון זיי וויים ער ווי צו שעצען!

קאנגסוואל האט מיט שמחה דערזעהן, אז די „צייטונג" האט

אָבגעשאַצט אילענס ווערט : זיין האַרץ פון אַ רעכטען איז פול געווען מיט דאַנקבאַרקייט צו לונגען פאַר דער דאָזיגער זאַך. דערין איז זיך קאָנגסוואָל מודה מיט אַ שמייכעל, כמעט פערלעגען.

דערצו נאָך איז פערהאַן איין זאַך, וואָס לונגע ווערט וועגען דעם געדענקען אַזוי ווי וועגען זיינע אַ מאָראַלישע פליכט ; ער מיינט דערמיט דאָס, אַז אויב קאָנגסוואָל וויל שטייגען אין זיין אַמט, דאַרף ער בעקומען אַ שטיצע פון דער „ציישונג", נישט דירעקט, אַלס לויהן פאַר די דאָזיגע טובה, וואָס ער טהוט נאָר אַלס גוטער פריינד, נאָר בכלל, פון שטאַנדפונקט פון גערעכטיגקייט. וואָרום ווי עס איז האָט די „ציישונג" דאָך געהאַט אַ געוויסען איינפלוס, און ווי עס זעהט אוים האַלט עס נישט דערביי, זי זאָל איהם פערליערען.

און די קאָלעגען זענען געקומען צו אַן איינשטימונג בנוגע צו'ם דאָזיגען קליינעם געשעפט.

קאָנגסוואָל האָט אין בופעט געפונען אַ פלעשעל שערי, און לונגע איז אַרוים פון איהם ערשט מיט צוויי שעה שפעטער. ער האָט זיך די הענד געריבען. ער איז געווען ענערגיש, און ס'האָט זיך איהם איינגעגעבען, היינטיגען טאָג האָט ער גוט אויסגענוצט.

געהענדיג אַ היים האָט ער זיך אָנגעהויבען צו דערמאָהנען, וואָס דאַרף מאָרגען געדרוקט זיין אין דער „ציישונג". יאָ, ער איז געווען אין אַ גוטער לוינע, ווען ער האָט געשריבען יענע שאַרפזיניגע נאָטיץ וועגען דער פערוואַלטונג פון די רעכטע אין שראַנדריעם ; דאָס איז געווען זעהר אַ געלונגענע ביים זנדע נאָטיץ, בסך הכל פון עטליכע שורות פול פעראַכטונג, זיין גאַנצע אַמאָליגע היציגקייט האָט איהם בעהערשט, ווען ער האָט דאָס געשריבען. בכלל איז דער נומער, וואָס וועט מאָרגען ערשיינען, זעהר גוט צוזאַמענגעשטעלט, בעזונדערס האָט ער פיעל ערוואַרטעט פון דעם אַרטיקעל אויף פיער שפאַלטעס וועגען דעם אַגענט יענסען אין אָסלאָ, וועלכער האָט זיך בעשעפטיגט מיט נאָר נישט קיין ערליכען האַנדעל פון שניט-סחורה און נישט געוואָלט וויזען זיינע ביכער דעם פאַרשטעהער פון דער „ציישונג". אַט וועט ער איצט

וויסען, אַז מען טאָר נִישט דִי הײַנטִיגע פּרעסע אִין אִיהר טעטִיג-
קײַט שטערן.

---

VII.

אויפֿ'ן צווייטען אַרטִיקעל פֿון פֿרעדריק אִילען'ען אִיז שוין דאָס מאָל נִישט אויסגעקומען אַזוי לאַנג צו וואַרטען. דער דאָזִיגער קלײנער אַרטִיקעל וועגען דעם, ווִי צו מאַכען גערײנִיגטע הײַזוען, וואָס אִילען האָט פֿערפֿאַסט לויט אײנִיגע דײַטשע זשורנאַלען און צוגעגעבען זײַנע אײגענע געווִיסענהאַפֿטע און פֿאָרזִיכטִיגע בעמערקונגען אִין אִיז בכלל געווען דורכגעדרונגען מִיט אִילענס עהרליכער בעציהונג צו יעדער זאַך, דער דאָזִיגער קלײנער אַרטִיקעל, וואָס זײַן פֿערפֿאַסער האָט אִין אִיהם זײַן גאַנצען פֿלײַס אַרײַנגעלעגט, דאָט בעקומען אַ גאַנץ פֿײַנע בעאַרבײַטונג און אַ כבוד'יגען פּלאַץ אִין דער „צײַטונג". אִילען אַלײן האָט נִישט געקאָנט פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס האָט זײַן אַרבײַט צו אַזאַ כבוד זוכה געווען. אִיצט האָט מען שוין אָנגעהויבען רעדען וועגען אִיהם, אויפֿ'ן גאַס האָבען אִיהם פֿערבײַגעהענדע נײַגִיערִיג בעטראַכט; עס אִיז פּשוט אַ זִינר געווען, וואָס אַזאַ מענש האָט קײן אמת נִישט בעקומען בײַ דער מלוכה, ער האָט שוין בעדאַרפֿט צו האָבען אַ לאַבאָראַטאָריום, חאָטש אַ קלײנס, אַבִי אַ אָרט, וואו ער וואָלט געקאָנט צו שטאַנד ברענגען זײַנע זעלבסטשטענדִיגע פּראָבעס און פֿאָרשונגען, דאַן וואָלט ער געווִיס עפּעס דערגרײכט, וואָלט אפשר אִימשטאַנד געווען אַלײן צו מאַכען ווִיסענשאַפֿטלִיכע ענטדעקונגען. נו, דערווײַל האָט ער בעקומען אַ פּלאַץ בײַ לונגע'ן, בײַ אִיהם וועט ער נִישט פֿערפֿאַלען געהן

און לונגע האָט אִיהם כסדר אויפֿגעמונטערט און ערמוטִיגט, אִיהם געשטִיצט און געגעבען אִיהם דִי מעגלִיכקײַט זײַנע קרעפֿטען צו ענטוויקלען, און געצאָהלט האָט ער גאָר מִיט אַ ברײטער האַנד; אַ דאַנק זײַנע צוויי אַרטִיקלען אִין דער „צײַטונג" האָט פֿרעדרִיק זײַן מוטעל געקאָנט געבען אַ רעכטע סומע געלד און אויסער דעם האָט ער זִיך אײנגעקויפֿט פֿיעל טײַערע בִיכער.

און אזוי האט לונגע אין א גאנץ געלונגענער פארם דאס גאנצע הויז פון די אילענס אונטער זיין שוץ גענומען, אפילו די האנד־ארבייט פון מאדאם אילען האט זוכה געווען צו א נאטיץ אין דער „צייטונג״.

צוליעב געוויסע סיבות האט זיך די „צייטונג״ אנגעהויבען אינטערעסירען מיט ספארט און זי האט אנגעהויבען דרוקען לאנגע טעלעגראמען וועגען פערד־לויפען, די נעמען פון די זיעגער זענען געדרוקט געווארען מיט שרייענדע בוכשטאבען אויף אזא פלאץ, אז אלע האבען זיי געמוזט לייענען.

די צעהן־צוועלף וועלאסיפעדיסטען, וואס זענען אין שטאדט געווען, אלע, וועלכע האבען נאר געקאנט פאהרען אויף עפעס, האבען אין דער „צייטונג״ געפונען דעם בעסטען פריינד, וואס האט זיי מיט ווערדע פערטהיידיגט געגען יעדע מיספערשטענדניסען; זיי האבען געהאט זייער אייגענע רובריק אין דער „צייטונג״, אנ׳אמת׳ען פעריאדישען ספארט־ארגאן, וואו עס זענען שטענדיג געווען אויסגערעכענט פיעל נעמען פון ספארט־לייט. דאס איז געווען א נייע לאנד, א נייע געביעט, וואס לונגע האט איינגענומען; יעדער פריקאזטשיק, וואס האט א וועלאסיפעד געהאט, איז געווארען זיין געטרייעסטער אבאנענט, און די בלאסע לעהרערינס האבען אנגעהויבען מיט די הענד צו מאכען און מיט די אקסלען צו טרייסלען, ווען זיי האבען שפאצירט אראב און ארויף איבער׳ן שלאסבארג. זיי האבען אנגעהויבען גאר פערפיהרעריש אויסצוזעהן. איין מאל האט די „צייטונג״ מיטגעטיילט א קליינע פיקאנטע נייעס, אז די טאכטער פון נארוועגער פאלקאווניק נ. נ. איז ארומגעפאהרען איבער קאפענהאגען, וועהרענד זי איז אליין געזעסען אויפ׳ן באק פון איהר עקיפאזש און אנגעטריבען פיער פערד. אט דאס איז א אונגעוועהנליך יונג מעדעל! שוין צוויי מאל האט די „צייטונג״ געהאט די געלעגענהייט אויסצודריקען איהר ענטציקונג מיט דעם וועלאסיפעד־פאהרען פון שארלאטע אילען.

א בריגענס האט לונגע ווי ביז איצט נישט אויפגעהערט מיטצוטיילען שטענדיג פערשיעדענע אינטערעסאנטע זאכען. די „מארגען־פאסט״ האט זיך דערין נישט געקאנט פערגלייכען מיט

איהם; ס׳איז נישט געווען אזא שריפה, צו נאָהנט צו ווייט, ס׳איז נישט געשעהן אין גאַנצען לאַנד אזא מאָרד, א שיפס־קאַטאַסטראָפע, וואָס די „צייטונג״ זאָל וועגען דעם נישט מיטטהיילען אין א לאַנגער טעלעגראַמע. לונגע׳ם צייטונג האָט אַלץ מעהר און מעהר אָנגעהויבען צו ווערען א נויטיגער אָרגאַן, וואָס אָהן איהם קאָן זיך נישט בעגעהן קיין פאַמיליע, וואָס וויל וויסען, וואָס טהוט זיך אויף דער וועלט.

איהם איז איינגעפאַלען א גליקליכער געדאַנקען זיך צו ווענדען צו זיינע בעקאַנטע מאַלער און צו אַנדערע שאַרפזיניגע מענשען מיט א ביטע, זיי זאָלען מיטאַרבייטען אין זיין צייטונג. די דאָזיגע מענשען, וואָס האָבען קיים געקאָנט שרייבען, וואָס קיים מיט מיה איז זיי געלונגען נישט צו שלעכט צו לייענען, האָבען פּלוצלונג אָנגעהויבען צו רעדען אין זיין צייטונג מיט׳ן פרישען אין נעניאַלען קינסטלער־זשאַרגאָן. גאַנצע שפּאַלטען זענען פערפולט געוואָרען מיט לייכטען, אנגענעהמען לעזע־מאַטעריאַל, און די דאָזיגע איבעררראַשונג האָט איך דעם פּובליקום פיעל פערגניגען פערשאַפט. צו ניי־יאָהר צו, ווען דער וועלאָציפּעד־ספּאָרט האָט אויפגעהערט, און עס האָט אָנגעהויבען אַלץ מעהר און מעהר מאַטעריאַל צו פעהלען, האָט לונגע׳ן ווידער א מאָל אָבגעגאָלטען און עס איז איהם געלונגען צו געפינען איינעם א פּאַסטאָר, א בעוואוסטען קאָנסערוואַטאָר, וואָס האָט אָנגעהויבען שטודירען די סאָציאַלע פראַגע און האָט געהאַט מוט און חשק צו ערקלערען די דאָזיגע שווערע זאַך פאַר׳ן גאַנצען פּובליקום. קיין זאַך וואָלט נישט געקאָנט אזוי גוט צו ניץ קומען לונגע׳ן, ווי דער דאָזיגער מענש, וועלכער האָט זיך אַלס אמת׳ער קאָנסערוואַטאָר און פּאַסטאָר אָנגעהויבען צו אינטערעסירען מיט דער אַרבייטער־פראַגע און האָט איהם שנעל צוגעשטעלט א גאַנצע רייהע אַרטיקלען אויף צו׳ם דרוקען. צו דעם האָט מען אין דעם נישט געקאָנט איינזעהן די ערשטוינענדע הצלחה, וואָס האָט איהם פּשוט ווי פערפאָלגט אויף וויפיעל דעם פּאַסטאָרס אַרטיקלען זענעןווירקליך וויכטיג געווען, וואָס פאַר א וויכטיגע געדאַנקען ער האָט אויסגעדריקט אין זיי, דאָס איז נישט זיין זאַך געווען, — דער עיקר איז דאָס, וואָס

ער האָט וויִעדער אָבגעגעבען די שפּאַלטען פֿון זײַן צײַטונג פֿאַר
אײַנעם פֿון די בעריִהמטע קאָנסערוואַטיִווע געמען איִן לאַנד: ער
האָט דערמיִט געוואָלט ווײַזען פֿאַר דער גאַנצער וועלט, ווי בײַ
איִהם שפּיִעלט נישט די פּערזענליִכקײַט קײן ראָלע, אויב ער קאָן
נאָר עפּעס אויפֿטהון פֿאַר'ן כלל. נאַטיִרליִך, ניִשט אײן צײַטונג
בײַ פֿון די ליִנקע, סײַ פֿון די רעכטע וואָלט מיט'ן גרעסטען פֿער-
גניִגען צוגענומען די אַרטיִקלען פֿון דעם דאָזיִגען פּראַכטפֿולען
פּאַסטאָר, וועלכער האָט זיך פֿון דעסטוועגען געווענדעט ניִשט צ
קײנעם, נאָר גראָד צו דער „צײַטונג", כּדי צו שרײַבען וועגען
סאָציאַלע פֿראַגען.

די „צײַטונג" האָט שוין געמוזט אַ ביִסעל פֿערגרעסערן איִהר
פֿאָרמאַט. צוליִעב דעם פֿערשיִעדענאַרטיִגען איִנהאַלט און די
קעפּלעך אויפֿ'ן אַמעריִקאַנישען שטײגער איִז געוואָרען איִן איִהר
צו ענג. סוף כּל סוף האָט מען זיך שוין אָנגעהויבען ווענדען
צו דער „צײַטונג" זאָגאַר מיִט קלײנליִכע פּערזענליִכע בײ-
טען, געשעפֿטס-לײַט האָבען שטיִל און בעשײדען בעשריִבען
זײערע וואונשען אויף איהרע שפּאַלטען און האָבן געזעהן זײערע
נעמען געדרוקטערהײד בײַ פֿערשיִעדענע אַנגעלעגענהײטען. אַ
אָרעמען זײגער-מאַכער, וועלכער האָט אַ קראַם געעפֿענט, איִז
אײַנגעפֿאַלען אָנצוקאָרמענען דרײַסיִג קלײנע קינדער מיִט אַ מיִטאָג,
וואָס איִז געווען געקאָכט מיִט דער היִלף פֿון דאַמפּף און ער
האָט אַלײן די דאָזיִגע נײַעס געבראַכט איִן די „צײַטונג", וואָס
האָט עס אָבגעדרוקט איִף אַ אָנגעזעהענעם אָרט. אײַנעם אַ פּראָ-
פֿעסאָר, וואָס זײַן זעקס-יאָהריִגער זוהן איִז איִהם געשטאָרבען,
האָט די „צײַטונג" געוויִדמעט אַ רעדאַקציאָנעלע נאָטיִץ מיִט אַ
דיִקען שריִפֿט און איִהם אויסגעדריִקט מיִטלײד. לונגע איִז געווען
איִבעראַל, זײַנע אַגענטען האָבען אומעטום אַרומגעשניִעקט פֿון
פֿריִה ביִז אָוועֶנד, און ער האָט מיִט בעפֿריִעדיִגונג געזעהן, אַ
די צאָהל פֿון די אַבאָנענטען וואַקסט אַלץ גרעסער און גרעסער.

דער רעדאַקטאָר לונגע האָט זיך אַלײן נישט געוואָלט מודה
זײַן, אַז די אַלע קלײנע פּאָרטעלען האָט ער אויסגעקלערט פֿאַר
זײַן צײַטונג, אַבי נאָר צו פֿערדעקען איִהרע פֿעהלערן. איִצט

איז שוין מעהר נישט מעגליך געוועזען אבצולייקענען, אז פון איהר אמאליגער פייערדיגקייט איז אין איהר איצט געבליעבען אלץ וועניגער און וועניגער. זיין טאלענט האט זיינע גרענעצען געהאט. ער איז געוועזען א דורכגעטריעבענער דארפס-יונג מיט א קלוגען קאפ און אזא שטארקען אויגענבליקליכען צארן, אז איהם איז כמעט גאנץ לייכט אנגעקומען אויפצושרייבען א שטעכווערטעל; אויף גרעסערעם אבער איז ער נישט פעהיג געוועזען; אלץ, וואס איז גרעסער געוועזען ווי איין שפאלטע, האט ער געמוזט געבען אנדערע צו שרייבען. און אט האט ער שוין אזוי געשריבען אין פערלויף פון פיעל יאהרען זיינע זיבען-שורות'דיגע נאטיצען, ער האט אריינגעלעגט אין זיי די גאנצע איראניע און ביטערקייט, וואס ער האט פערמאגט, זיינע קרעפטען האבען אנגעהויבען שוואכער ווערען, און ער האט אנגעהויבען אלץ מעהר און מעהר ארבייט איבערצוגעבען דער רעדאקציע. איהם איז קיינמאל גאר נישט איינגעפאלען, אז ער זאל שוין האבען זיין ליעדעל אבגעזונגען, די ליעבע און אכטונג צו איהם האבען זיך צו שטארק איינגעווארצעלט אין דער עפענטליכער מיינונג, ער איז נאך פעהיג געוועזען צו ערפילען זיינע אויפגאבען מיט פיעל געשיקטהייט. די פעהלערען, וואס האבען זיך אנגעהויבען ארויסצווייזען, האט מען געמוזט מיט נייע איבערראשונגען פערדעקען, ווייל עס קאן דאך קיינמאל נישט דערעסען צו לייענען די ענטדעקונגען פון פערשידענע שווינדלערייען און פאלשקייטען. ווען ער האט דערפיהלט, אז זיין פאלעמישער טאלענט הויבט אן געמינדערט צו ווערען, און ער קאן שוין נישט איצט ווי פריהער זיך פערשאפען אזעלכע גלענצענדע נצחונות דורך וויכוחים, האט ער אליין אן'אנדער מיינונג בעקומען, איז ער געווארען ערנסט און זאכליך' אנגעהויבען מיט אמאל ארויסצוטרעטען געגען די מחלוקת'ען אין דער פרעסע און אויסגעדריקט זיין גרעסטע פעראכטונג צו'ם טאן, מיט וועלכען די דאזיגע מחלוקת'ען ווערען געפיהרט. ווי גראב איז עס און נישט שען צו פאלעמיזירען אט אזוי! די „צייטונג" אבער דארף זיך נישט אריינמישען אין די דאזיגע מיאוסע קריעגערייען, זי שעצט זיך צו הויך, זי זאל דאס קאנען טהון, זי מוז

אויסניצען איהרע קרעפטען אויף אנדערע אויפגאבען. מען קאן נישט אין דער פרעסע אריבערטרעטען געוויסע גרענעצען, וואס גוט ערצויגענע מענשען שטעלען זיך געוועהנליך אפילו אין פריוואטע וכוחים. די „צייטונג“ קאן פשוט מעהר נישט ענטפערן אויף די אנפאלעניישען, און דערפאר וועלען איהר דאנקבאר זיין אלע גוט ערצויגענע מענשען... נאר מענשען, וועלכע האבען אלעקסאנדער לונגע'ן געקענט, האבען בשום אופן נישט געקאנט פערשטעהן, ווי קומט צו איהם די דאזיגע אידעע וועגען גוטע ערציהונג.

איצט האט מען קודם כל געדארפט אויסניצען פרעדריק אילען'ען; קיין אנדער צייטונג האט זיך נישט געקאנט בערידמען מיט קיין איידעלערען נאמען, וואס אין פערלויף פון פיעל דורות האבען איהם געטראגען פיעל גענעראלען, בישאפען און גרויסע מלוכה־לייט. דער דאזיגער יונגער מאן האט זעהר געלונגען און קלוג בעשריבען אבסטראקטע מיינונגען וועגען יאנאדעס און הייוען. וואס האט איצט לונגע'ן געשטערט איהם צו געבען די מעגליכקייט, ער זאל זיך קאנען בעשעפטיגען מיט וויכטיגערע פראגען? אין אמת'ען איז דאך דא אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען וואס געהערען צו דעם געביעט פון די ידיעות פון א קאנדידאט פאר נאטור־וויסענשאפטען. און לונגע שטעלט איהם איין מאל אב, פונקט אין דער צייט, ווען אילען האט איהם איבערגעגעבען עפעס א ארטיקעל, און לעגט איהם ענטשראסען פאר א שטענדיגע שטעלע אין דער „צייטונג“ פאר אזא און אזא לויהן.

אילען ווערט פערלעגען און קוקט פערוואונדערט.

דער פארשלאג ווערט ווידערהאלט.

לונגע בעמערקט, אז דערצו דארף מען זיך בעציהען ווי צו א דערוויילינגער שטעלע. עס איז קיין צווייפעל נישטא, אז אילען וועט אין גיכען בעקומען א סטיפענדיום, און דעריבער האנדעלט זיך דא נישט וועגען א אבמאך אהן א טערמין, נאר וועגען א דערוויילינגע בעשטימטע בעשעפטיגונג.

אילען געפינט איין, אז דער פארשלאג איז זעהר וואויל און דער לויהן איז זעהר הויך. ער שטימט איין און דער אבמאך ווערט

געשלאָסען.

אין גיכען איז אילען'ען אויסגעקומען נאך א מאל צו האבען א וויכוח מיט לעא גאיבראַ'ן, וועלכער האט זיך אין פרעמדע געשעפטען אריינגעמישט אין איהם געראטען, ער זאל דעם דאזיגען שריט נישט טהון. נישטאָ אזא זאך, וואס גאיבראַ זאל דערין קיין אונגליק נישט זעהן!

— איהר וועט שפּעטער חרטה האבען דערויף, — האט גאיבראַ געזאגט: — דאס איז א ספּעקולאַציע. — און ער האט אילען'ען א דריק געטהון די האנד און מיט פייכטע אויגען איהם געבעטען, ער זאל זיך מיישב זיין.

נאר אילען האט בעענטפערט:

— איך דאנק אייך, וואס איהר אינטערעסירט זיך אזוי פאר מיר. נאר דאס מאל מוזט איהר מודה זיין, אז דער פארשלאג איז זעהר א גוטער און דער לויהן איז גרויס.

ס'האט אפילו נישט געהאָלפען דאס, וואס גאיבראַ האט זיך שטארק בעליידיגט און איז זיך זיין וועג געגאנגען; א דאנק גאט אילען איז שוין מעהר נישט אבהענגיג פון עמיצען, און דערצו נאך וועט ענדרע באנדעסען אויך קאָנען דינגען דעם זייטיגען צימער, אויב גאיבראַ וועט זיך ארויסציהען.

איבריגענס האט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז גאיבראַ רעכענט גאר נישט זיך ארויסצוציהען, ער האט שוין מעהר קיין וואָרט נישט דערמאָהנט וועגען אילען'ס ארבייט אין דער „ציַיטונג" מסתמא איז ער מיט אנדערע געדאנקען געווען בעשעפטיגט. ער איז געוואָרען נאך מעהר אין זיך פערשלאָסען און האט זיך אלץ זעלטענער און זעלטענער אין די צימערען בעוויזען; די מעדלעך זענען דעם גאנצען טאג כמעט גאר אליין געזעסען. גאיבראַ האט זיך בכלל פאר דער לעצטער צייט פון מענשען ערוויַיטערט, ער האט פערלאָרען א געוויסען טהייל פון יענער ליעבליכקייט, וואס אלע האבען צו איהם פון אנהויב געפיהלט. איין מאל אין אווענד איז סאפיע זאגאר אויף אנ'אמת אין כעס געוואָרען אויף איהם. אייגענטליך האט זיך עס געהאנדעלט וועגען גאר א נארישקייט, זיי האבען גאר אונגעריכט פערפיהרט א שמועס וועגען הייראט,

גאָיבראָ האָט בשום אופן נישט געקאָנט פערשטעהן, ווי דאָט די דאָזיגע טרוקענע עמאנסיפירטע פרוי מיט די אונטערגעשווירענע האָר זיך געקאָנט אריינמישען אין אזעלכע זאכען ווי הייראַט; זי האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט ווי עפּעס א מאנספערשוין אין א קליידעל, א מין בעשעפעניש פון א דריטען געשלעכט; אז מען זאָל זי צעשניידען, וועלען זיך פון איהר שטיינער ארויסשיטען. ער איז בכּ״ל געווען אין א שלעכטער שטימונג און האָט פריילין סאָפיע געגעבען חוצפה׳דיגע אנטוואָרטען. שאַרלאָטע איז אויך געבען זיי געזעסען אין איהר שטוהל און געהערט, נאָר גאָרנישט געזאָגט. טיילמאָל האָט זי איהר געזיכט פערקרימט, ווי דער גאנצער שמועס וואָלט איהר נישט אנגענעהם געווען. און דאָך האָט זיך גאָיבראָ׳ן געדוכט, אז נאָר זי האָט געקאָנט איהר מיינונג האָבען אין דער דאָזיגער אנגעלעגענהייט, און אלץ, וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער גערעדט נאָר פאַר איהר, חאָטש ער האָט אליין חרטה געהאַט, וואָס ער איז דאָ מיט אזעלכע געדאנקען געזעסען.

דער שמועס האָט זיך שפּאַסענדיג אָנגעהויבען דערמיט, וואָס סאָפיע האָט געזאָגט, אז זי וואָלט וועלען נאָר א שטילע חופה שטעלען ביי׳ם שטאָדט־בעאמטען אָהן שום צערעמאָניעס. דאָס איז פּראַקטיש, היינט־מאָדיש, ביליג, אָהן א שום ליגנעריי אין שאַרלאַטאַניזם מיט׳ן נאָמען פון גאָט און אלעם איבעריגע.

גאָיבראָ וואָלט וועלען א חופּה שטעלען אין קירכע. און נישט אין א פשוט׳ער קירכע, אָהן קונסט און שענהייט, נישט אין א הייזעל, וואָס איז ווי עס איז צונויפגעקלאַפּט און געמאַכט געוואָרען פאַר א גאָטעס־הויז, נאָר אין א גרויסען גאָטעס־טעמפּעל, אין א וועלט־קירכע, מיט מאַרמאָר, מאָזאאיק און קאָלאָנען. און אין קירכע אריין וואָלט ער וועלען פאָהרען אין א קאַרעטע, איינגעשפּאַנט אין פיער שטאַרקע פערד, און די פערד מוזען האָבען ווייסע זיידענע ראָזעטען הינטער די אויערען.

חאַ, חאַ, חאַ, יאָ, דאָס איז גאָר נישט שלעכט! און ווי דאַרף די כּלה זיין?

שאַרלאָטע האָט א קוק געטהון אויף איהם. — „יאָ, ווי דאַרף זיין די כּלה?“ — האָט זיך געדוכט, אז זי פרעגט. און

פאריואס האט זי גראד איצט אויף איהם א קוק געטהון? איהר געזיכט איז געווען ריין און צארט, דער שטערן אונשולדיג ווי ביי א קינד.

ער האט געענטפערט:

— די כלה דארף זיין יונג און אונשולדיג. — ער האט א טראכט געטהון און נאך א מאל ווידערהאלט, צושאקלענדיג מיט'ן קאפ: — יא יונג און אונשולדיג.

שארלאטע איז שטארק רויט געווארען, זי האט האסטיג אנגעהויבען צעלען די נעט אין איהר ארבייט. די פינגער איהרע האבען געציטערט, דאן האט זי אנגעהויבען צוריק ארויסצוציהען די נעט איינס נאך דעם אנדערן, חאטש זי האט אפשר קיין איין פעהלער נישט געמאכט. איין גאט וויים, אפשר האט זי די גאנצע צייט גענעהט גאנץ רעגעלמעסיג, און דאך האט זי אויפגעלאזען די נעט.

נאר דא האט פריילין סאפיע אנגעהויבען מיט שטעכיווערטלעך און גענומען חוזק מאכען פון איהם. אונשולדיג? וואס מיינט ער צו זאגען דערמיט? אפשר א ביסעל נאריש זאל זי זיין, אה? א ביסעל אונערפאהרען?

— יא, זי זאל וועגען אלעם וויסען פיעל ווייניגער, ווי א מיידעל מיט א קינד, — האט גאיברא גראב געענטפערט. — רופט עס אן, ווי איהר ווילט.

סאפיע האט זיך שוין מעהר נישט געקאנט איינהאלטען, זי איז זעהר אין כעס געווארען, איהם אנגעהויבען אויסצופרעגען, געזאגט, אז די דאזיגע מיינונגען וועגען אונשולדיגקייט — דאס איז נאר ריינע מענער-מאראל, און האט איהם געוואלט צעשלאגען דורך פערשיערענע פראגען. אזוי גאר, אין דעם זינען, הייסט עס, זאל זי זיין אונשולדיג! א מענש, וואס האט געלעבט, געליטען, געווייגט, איז נישט געווען אונשולדיג! און ווי גוט זי זאל נישט זיין, נאר ווי באלד זי האט זיך געוואגט זיך צו פערשאפען א געוויסע ערפאהרענהייט אין לעבענס-פראגען, אזוי איז...

נאר גאיברא, פון זיין זייט, האט פערשטאנען, אז דאס אלץ האט פריילין סאפיע גערעדט גלאט אין דער וועלט אריין.

אַט אַ דאָס מעדעל, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי ווייניג מענש־ליבע ווארעמקייט, וואָס איהר איז אַזוי ווייניג איינגעקומען ביי־צושטעהן אַ נסיון, וואָס איהרע וואונשען זיינען געווען אַזעלכע טרוקענע און רוהיגע, זי האָט זיך אויך בעמיהט זיך אַרויסצווייזען ווי אַ פערפיהרטע, אַ שולדיגע אין אַלעם. ער האָט פערשוויגען: ניט צוליעב סאָפיע'ן האָט ער דעם דאָזיגען גאַנצען שמועס פערפיהרט.

— זאָגט איהר, הייסט עס, אַז ווי וואויל זי זאָל ניט זיין,— האָט סאָפיע ווידערהאָלט, — פון דעסטוועגען...

— פון דעסטוועגען וועל איך ניט חתונה האָבען מיט איהר, ניין, — האָט ער שאַרף איבערגעריסען.

סאָפיע האָט זיך שפּאָטיש צעלאַכט. וואָס לאַכט זי? ער האָט אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסלען, און אַז סאָפיע האָט דאָס דערזעהן, האָט זי זיך פלוצלונג בעלעדיגט. זי איז האַסטיג אויפ־געשטאַנען און געזאָגט:

— איך לאָז איבער שאַרלאָטע'ן אייער גאַנצע ווייטערדיגע פלאַפלעריי.

דאַן איז סאָפיע פון צימער אַרוים, אינגאַנצען בלייך פ.ר בעס.

נאָר גאָיבראָ און שאַרלאָטע האָבען זיך קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. זיי זיינען געזעסען שווייגענדיג, און אפילו ווען סאָפיע איז צוריק געקומען האָבען זיי מיטאיינאַנדער ניט גערעדט. שאַרלאָטע, וועלכע איז אויך געווען אַזוי צאַרט און וואַרעם, ווי איהר שוועסטער איז געווען האַרט און טרוקען, איז געווים איינ־שטימיג מיט איהם. דאָס האָט ער געקאָנט בעמערקען אויף איהר, האָטש זי האָט נאָר ניט געקוקט אויף איהם. זי האָט די גאַנצע צייט פלייסיג גענעהט.

איבריגענס, פאַר דער לעצטער צייט איז שאַרלאָטע גע־וואָרען גאָר אַנדערש ווי פריהער, שוין ניט אזא פרעהליכע, שוין גאָר ניט דאָס פריהערדיגע שפּיעלעוודיגע קינד. יאָ, געוויס האָט זי אויך געהאַט איהרע קליינע שמערצען. זי האָט אָנגעהויבען יעדען פריהמאָרגען צו בעגלייטען איהר ברודער אין רעדאַקציע

ארײַן ; לונגע פלעגט זי שטענדיג אויפנעהמען אזוי פרײַנדליך, אז זי האט זיך פשוט געצויגען צו דער דאזיגער פערווײַלונג. און לונגע'ס פעהיגקײַט צו פערווײַלען דאמען איז דאך אלעמען בעקאנט געווען, ער האט שטענדיג געהאט גרײַט פערשידענע אנעקדאטען, און ער האט גאר נישט אזוי שטארק בעהאלטען אין זיך, וואס פאר א ענטציקונג עס ערוועקען אין איהם פראכטפולע ביומטען און רויטע ליפען. נאר אין געזעלשאפט פון דאמען איז ער געווארען א יונגער צווישען יונגע, דעריבער איז עס גאר אן איבעריגע זאך געווען אײַנצולאדען לונגע'ן אויף פערזאמלונגען, וואו קײַן דאמען זענען נישט געווען. ווײַל דאן פלעגט ער אדער אינגאנצען נישט קומען, אדער אז ער פלעגט יא קומען, פלעגט ער זיך לאנגווײַלען אנ'ערך א שטונדע און ווידער פערשוואונדען ווערען, אהן דאמען איז פאר איהם קײַן יום טוב נישט געווען אין זײַן הארצען. נעהמט צו'ם בײַשפיעל דאס, וואס קומט פאר אין זשורנאליסטען-פעראײַן: צוואנציג טרינקענדע און רויכערענדע מענער און קײַן אײן קלײדעל אין גאנצען זאל. דעריבער פלעגט לונגע גאנצע מאנאטען זיך נישט ווײַזען אויף די פערזאמלונגען פון זשורנאליסטען-פעראײַן און פלעגט בעסער געהן אין אנדערע ערטער.

אט אזא איז ער שוין געווען. נאר קײנער וואלט נישט געקאנט קומען און זאגען, אז דער רעדאקטאר לונגע איז געווען אנ'אמת'ער פערפיהרער, ער האט דערצו נישט געשטרעבט, ער האט נישט פערלארען די זעלבסט-בעהערשונג, מיט קײַן זאך נישט רעזיקירט אין ליעבעס-אנגעלעגענהײַטען. אויב עס פלעגט אמאל טרעפען, אז זײַנע שטרעבונגען בנוגע צו א וועלכער עס איז פרוי האבען זיך ענדליך אײַנגעגעבען און האבען איהם צו'ם ציעל געבראכט, פלעגט ער נישט בלײַבען שטום, זײַן גאנץ וועזען איז אנגעפילט געווארען מיט א פרעהליך געלעכטער פון וועגען דעם ערפאלג, דעם נצחון: חי-חי-חי, דו ביזט מײַנע, דו ביזט מײַנע! און ציטערנדיג פאר אונגעדולד צו קומען צו איהר, עפעס איבערצולעבען מיט איהר, איז ער געווען ווי אנ'אמת'ער גליקליכער דארפס-יונג, וואס איז אלײן האלב פערוואונדערט אויף דער גאנצער פראכט, וואס ער קאן איצט געניעסען. אט, צו'ם טײַוועל,

וואס פאר א וואונדער עס קאנען זיך פאסירען מיט א מענשען, ווען ער קומט אמאל אין שטאדט אריין!

ווען שארלאטע איז צו'ם ערשטען מאל אין זיין קאנטאר געקומען, האט ער די גאנצע ארבייט אבגעלעגט און זיך געגצליך אין איהר רשות אבגעגעבען. ער האט זאגאר געפונען א תירוץ ארויסצושיקען לעפארעלא'ן פון צימער. דערנאך האט ער איהר אויפמערקזאם געמאכט דערויף, ערהרליך און אפען געזאגט, אז דאס אלץ איז צוליעב איהר, און זי איז אזוי ליעב רויט געווארען, יא, ווי ליעב זי איז רויט געווארען! דער קליינער פערליעבטער רעדאקטאר האט איהר ערלויבט צו זוכען און מוסטערן צווישען די מאנוסקריפטען און זשורנאלען, וויפיעל זי האט נאר אליין געוואלט, און ער איז די גאנצע צייט געזעסען און נחת געקליבען אויף טויזענדער אופנים. ווי גליקליך ער איז געוועזען צו זעהן דאס דאזיגע מעדעל נעבען טיש! נאר ווען זי פלעגט אויפשטעהן און אוועקגעהן, און ער האט געווארפען אויף איהר דעם לעצטען הייסען בליק פון זיינע יוגענדליכע אויגען, פלעגט זיך ארויסווייזען, אז לונגע איז אונטער דער צייט כלל נישט געזעסען לעדיג. אפילו אין דער צייט, ווען זיין הארץ האט געציטערט פאר פערליעבטהייט, האט זיין ערפינדערישער גייסט נישט אויפגעהערט צו ארבייטען.

ער רופט אילען'ען. אילען פערנעהמט איצט א פלאץ אין צווייטען צימער, ביי איין טיש מיט'ן סעקרעטאר. ער שטעהט האסטיג אויף, אין רעדאקטארס שטימע איז געוועזען עפעס אזוינס, וואס האט איהם געזאגט, אז עס האנדעלט זיך וועגען א ערנסטע זאך.

און אין אמת'ן איז עס שוין גאר נישט געוועזען אזוי וויכטיג. דער רעדאקטאר פרעגט איהם כמעט שפאסענדיג, וואס פאר א פאליטישע איבערציינגונגען ער האט.

— זאגט מיר, וואס פאר א פאזיציע פערנעהמט איהר אייגענטליך אין פאליטישע פראגען? — פרעגט ער איהם מיט א שמייכעל.

אילען מורמעלט עפעס, אז ליידער איז ער א שלעכטער פא-

ליטיקער, ער האט קיין צייט נישט געהאט זיך צו אינטערעסירען מיט דער דאזיגער פראגע.

צי דאס איז געווען לונגע'ס אויפריכטיגע מיינונג, אדער ער האט ארויסגעוויזען א קליינעם פונק פון זיין געוועהנליכער שפאס־האפטיגקייט, נאר ער האט געזאגט:

— יא, די וויסענשאפט האט אייך נאטירליך אינגאנצען פערשלונגען.

דערויף ענטפערט אילען גארנישט.

— נאר איהר זענט א ערוואקסענער מענש, איהר פיהלט דאך א נייגונג צו א וועלכער עס איז פארטיי? — רעדט לונגע ווייטער.

אילען האט נישט געוואוסט, וואס צו ענטפערן.

— אויף מיר האט א איינפלוס געהאט ענדרע באנדעסען, — זאגט ער, — דערהויפט אין דער לעצטער צייט. באנדעסען איז ראדיקאל.

— יא, יא, יא, איהר דארפט דאס נישט בעטראכטען, ווי מען וואלט אייך וועלען אין וועלכען נישט איז זין מיט גוואלד איבערררעדען, געוויס נישט. נאר איך האב געמיינט... ווי בעציהט איהר זיך צו דער פראגע וועגען דער אוניאן? *)

דאס איז גראד געווען די שוואכע זייט ביי אילענ'ען, ער האט געהאלטען פאר די אוניאן, און אין דעם פונקט האט באנדע־סען איהם בשום אופן נישט געקאנט איבעררעדען. פארוואס האט זיך לונגע'ן פערוואלט צו וויסען זיין שטאנד־פונקט גראד אין דער פראגע? אפשר האט ער שוין געהערט וועגען עפעס? אפשר וויל ער איהם דערפאר פון דער שטעלע אבזאגען?

ער האט נישט געענטפערט עהרליך.

---

*) ביז נישט לאנג איז נארוועגען געווען פעראייניגט מיט שוועדען און ביידע זענען רעגירט געווארען פון איין רעגירונג. די לינקע פארטיי פון נארוועגען איז שטארק ארויסגעטרעטען געגען דער דאזיגער אוניאן (פעראייניגונג) און געפאדערט, אז נארוועגען זאל זיך אינגאנצען אברייסען פון שוועדען און האבען איהר אייגענעם קעניג און רעגירונג.

— איך האַלט פֿאַר די אוניאָן. איך מיין, אַז די איצטיגע לאַגע איז צום בעסטען, פֿאַר אונז איז גלייכער צו בלייבען ביי דאָס, וואָס עקזיסטירט איצט.

פויזע.

אילען מיינט, אַז דער שמועס איז געענדיגט, וויל ער זיך פֿערנייגען און צוריק געהן צו זיין אַרבייט.

— ניין, וואַרט אַ ווייל ע! — זאָגט דער רעדאַקטאָר. — שרייבט אָן אייניגע אַרטיקלען וועגען דער אוניאָן. זאָגט אָפֿען, אַז איהר האַלט די איצטיגע לאַגע פֿאַר די בעסטע, זאָגט אויך, פֿאַרוואָס איהר מיינט, אַז זי איז די בעסטע, בעשרייבט אייערע ראיות און טעמים. מיר זענען לינקע, נאָר מיר אַכטען יעדע עהרליכע איבערצייגונג. דאָס שטרעבען צו אייגענער דיפּלאָמאַטיע ווייזט זיך מיר אַליין אויך אויס פֿאַר אַ זאַך, וואָס האָט קיין יסוד נישט. נאָר איהר ווילט דאָך נישט, נאַטירליך, מיר זאָלען זיין אונטערטעניג פֿאַר שוועדען!

— ניין, נישט מעהר אונטערטעניג ווי איצט.

— נישט מעהר ווי איצט? מיר זענען נישט אונטערטעניג פֿאַר שוועדען, מיר זענען אַ זעלבסטשטענדיג פֿאָלק, לויט דעם ערשטען פּאַראַגראַף פֿון די גרונד־געזעצען. נו, שרייבט אָן די דאָזיגע אַרטיקלען פֿאַר דער „צייטונג”, איהר זענט מיט קיין זאַך נישט געבונדען און קאָנט פֿריי אַרויסזאָגען אייער מיינונג. דאַן וועלען מיר זעהן, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען...

אילען איז אַרויסגעגאַנגען און הינטער זיך די טהיר פֿערמאַכט.

נאָר גראָד אין דעם אויגענבליק, ווען לונגע האָט אַזוי נויטיג געדאַרפֿט צו האָבען רוהיגקייט צו יענער אַרבייט, וואָס ער האָט בשעת שאַרלאָטע'ס וויזיט אָן אַ זייט אָבגעלעגט, זענען אין רעדאַקציע געקומען בעזוכער איינער נאָכ'ן אַנדערן און איהם געשטערט.

שוין אַזוי לאַנג ווי ער איז צופֿרידען געוועזען מיט דער רוהיגקייט, נאָר סוף כל סוף איז די וועשין פֿון האַמערסבאָרג ווידער געקומען, צום דריטען מאָל. ער האָט גאָר פֿערגעסען וועגען איהר אויפֿרוף, זיין לייבט האָרץ האָט די דאָזיגע פֿרוי אינגאַנצען

פערגעסען, נאר פארוואס, אייגענטליך, האלטען די דאזיגע מענשען די „ציימונג"? צי איז דאס אפשר אזא פאפיער, וואס מען קאן דערויף דרוקען אלץ, וואס מען וויל נאר, אדער דאס איז נישט אזא פאפער?

— איך האב געזעהן אייער אויפרוף, מיר קאנען איהם נישט אננעהמען, — זאגט ער,

און דאן הויבט ער אן האסטיג איבערצוווארפען פערשידענע פאפירען.

די פרוי שטעהט ווייטער, זי רעדט נישט קיין ווארט, נאר שטעהט ווייטער.

— מיר האבען פאר דעם קיין פלאץ נישט, — זאגט לונגע ווידער און דערלאנגט דער פרוי דעם אויפרוף.

זי איז נישט געווען די אנציהענדסטע פערזאן, וואס איהם איז ווען אויסגעקומען צו זעהן; די דאזיגע פרוי, וואס האט געוואשען, איז אליין כלל נישט ריין געווען. וואס שטעהט זי דא און ווארט? ער איז געוואוינט געווען, מען זאל וויסען, אז ווי באלד ער האט א ענטפער געגעבען, האט מען נישט מעהר צו ווארטען אויף אנ'אנדער ענטפער, זיין ווארט איז א ווארט.

— הייסט עס, איהר קאנט עס נישט דרוקען? — פרעגט די פרוי רוהיג.

— ניין. צי קאנט איהר עס דען נישט אריינטראגען אין די „מארגענפאסט"?

די פרוי ענטפערט נישט, זי מאכט זיך כלומר'שט, ווי ז פערשטעהט נישט.

לונגע חאפט זיך פאר דער קעשענע. ווען ער וואלט ביי יך געלד געהאט, וואלט ער איהר פון דעסטוועגען געגעבען א קראנע, טראץ דעם, וואס זי זעהט אויס אזוי נישט אנציהענד, ווייס גאט, ער וואלט איהר געגעבען. ער איז נישט געווען הארצלאז, נאר איהם האבען שוין דערעסען די שטענדיגע ביטען פון דער דאזיגער פרוי, זי האט איהם שוין מעהר נישט געקאנט דיהרען, און קיין געלד האט ער ביי זיך נישט געהאט. אין אמת'ן גערעדט, איז ער געוועזען זעהר צופרידען, ווען זי איז

ענדליך אוועק. וואס איז איהם ארויסגעקומען פון אזא מין סארט הילף? גארנישט, נאר א דאנק און א גיך פערגעסען אן איהם...

— אריין!

א עלטערער הערר קומט אריין. לונגע שטעהט אויף און רופט איהם בערגעלאנד. דאס איז געווען דער נארוועגישער פאליטיקער און פאבריקאנט בערגעלאנד, א מיטגליעד פון דער קעניגליכער קאמיסיע. ער איז בלאס און רעדט קורץ, מיט א טרויעריגער שטימע.

— א גרויס אונגליק האט אונז געטראפען! — זאגט ער.

— אונגליק? וואס איז געשעהן, עמיץ איז געשטארבען?

און בערגלאנד דערצעהלט פאמעלעך און אומעטיג, אז ער איז געקומען מיטטיילען וועגען דעם טויט פון פארזיצענדען פון ארעלסטינג. ער איז געשטארבען היינט אין דער פריה, פלוצלונג, נישט קראנק זייענדיג פריהער, געשטארבען פון א הארץ-קלאפ.

לונגע ווערט אויפגעציטערט, ער איז אויך ערשיטערט, ער פרעגט עטליכע מאל:

— דער פארזיצענדער פון ארעלסטינג? איהר ווייסט דאס גאנץ זיכער?... אט א אונגליק! די גרעסטע קראפט פון די לינקע, זייער האפנונג און שטיצע אין אלע שוועריגקייטען!

איין אויגענבליק בעהערשט לונגע'ן א טיעפער און אויפריכטיגער טרויער. ער האט קלאר געזעהן די גאנצע בעדייטונג פון דער דאזיגער טרויעריגער געשעהעניש, וואס צוליעב איהר האט זיין פארטיי פערלארע איינעם פון די קליגסטע און איידעלסטע פארשטעהער אין פארלאמענט, א בכבוד'יגען מענשען, וואס אפילו די רעכטע האבען זיך צו איהם מיט גרויס אכטונג בעצויגען. ער האט געזאגט מיט א טיעפער, עטוואס ציטערנדיגער שטימע:

— מיר האבען גאר נישט קיין אנדערען איף זיין ארט, בערגעלאנד.

— ניין, קיין אנדערען ווי ער האבען מיר נישט. איך ווייס נישט, וואס מיר וועלען איצט טהון.

בערגעלאנד בעט א ערלויבניש צו רעדען אין טעלעפון. ער דארף מיטטיילען די געשעהעניש ערנסט סארס'ן. בערגעלאנד

איז נישט געוואוינט צו האבען צו טהון מיט'ן טעלעפאן, לונגע ווייזט איהם ווי אזוי, דאן זעצט ער זיך ווידער.

יא, דאס איז געווען א גאנץ גרויסער שאדען, וואס די לינקע האבען פערלוירען גראד איצט, ווען עס איז פארגעשטאנען אזוי פיעל ארבייט, ווען מען האט געמוזט אויספיהרען אזוי פיעל וויכטיגע ריפארמען. ווי טרויעריג דאס איז! פלוצלונג האט זיך לונגע'ן פערגלוסט צו לאכען. ער האט זיך בעמיהט זיך איינצו־האלטען, נאר ער איז שטארק רויט געווארען פאר אנשטרענגונג און האט זיך הויך צעלאכט.

בערגעלאנד האט געענדיגט, ער געהט אוועק פון טעלעפאן און קוקט אויף איהם ערשטוינט. לונגע האט געפונען א תירוץ פאר זיין געלעכטער, זיין לייבטע נשמה האט ווידער אבגעלעבט. ער קעמפפט נאך מיט'ן געלעכטער.

— גארנישט! — זאגט ער און שאקעלט דעם קאפ. — האט איהר שוין אמאל בעטראכט א מענשען, וואס רעדט אין טעלעפאן? ער פערנייגט זיך, בויגט איין דעם קאפ אן א זייט און קוקט מיטליידיג, פונקט ווי ער וואלט געשטאנען פאר א מענשען און נישט פאר א הילצערן קעסטעל. איך אליין טהו אויך דאס זעלבע. חא־חא־חא.

נאר בערגע'אנד איז נישט אויפגעלעגט צו'ם לאכען, ער האט נאר פערקנייטשט די ליפען צו א שוואכען שמייכעל, כדי נישט צו זיין אונהעפליך, נאר זיינע ליפען האבען געציטערט. דאן פערווארפט ער פון שטערן די גרויע האר און זוכט אויף דער הוט, ער מוז נאך איינינע בעקאנטע מיטטיילען וועגען טויט, און אויסער דעם מוז מען וויסען געבען דער רעגיערונג. יא, די צו־קונפט שטעלט איהם זיך אויף אנאמת פאר זעהר פינסטער.

און, לונגע, וואס איז שוין ווידער ערנסט געווארען, איז מסכים צו איהם.

ווען בערגעלאנד איז ארויס, האט זיך לונגע גלייך גענומען צוצוגרייטען א עקסטרא־נומער מיט דער נייעס. ווען די אווענד־צייטונגען וועלען ארויסגעהן, וועט שוין די נייעס זיין אנאלטע. אין א שעה ארום וועט די שטאדט האבען א אויכפיהרליכע

בעריכט. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָבעטפּיל עקסטראַ־בלע־
טעל, אַ מין קליין קינסטלעריש ווערק, וואו ער האָט אין עטליכע
שורות אַרויסגעזאָגט דעם געשטאָרבענעם אַ וואַרעמען, האַרציגען
דאַנק פֿאַר זיין אונערמידליכע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט; יע־
דעם וואָרט איז געווען פֿול מיט געפֿיהל, מיט אויפֿריכטיגען
טרויער. און לונגע אַליין איז צופֿריעדען געבליבען מיט זיין ווערק.

דאַן נעהמט ער זיך ווידער צו די בריעף און מאַנוסקריפּטען.

ער שטעלט זיך אָב ביי'ם בריעף פֿון איינעם איהם אונבע־
קאַנטען מענשען, אַ יונגען מאַן, וואָס האָט געוואָהנט אין אַ קליין
צימערעל אויף דער טאָרדענשאָלד־גאַס און האָט קיין מיטעל נישט
צו'ם לעבען. ווען ער וואָלט נאָר געהאַט אַ אָנשטענדיגען אַנצוג,
וואָלט ער אַליין געקומען זיך פֿאָרשטעלען פֿאַר'ן רעדאַקטאָר. ער
בעט אַ וועלכע עס איז בעשעפֿטיגונג, ליטעראַרישע אַרבייט, ער
האָט אַ גרויסען ראָמאַן, נאָר ער איז נאָך נישט פֿאַרטיג און ער
קאָן פֿאַר איהם קיין געלד נישט בעקומען. אינ'ם בריעף איז גע־
ווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט לונגע'ן גערירט, ער האָט געקלונגען
אַזוי אָפּענהערציג און איז געווען אַזוי גוט אָנגעשריבען; לונגע'ן
האָבען זיך אין די אויגען טרעהרען געשטעלט, ער וועט העלפֿען
דעם דאָזיגען אונגליקליכען, וועט איהם געבען צו מאַכען איבער־
זעצונגען, — און ער נעהמט אַריבער דעם רונג אויף די רעכטע
האַנד, כדי נישט צו פֿערגעסען.

ווען ער איז אין אָוועַנד אַרויסגעגאַנגען איז ער געבליבען
שטעהן פֿאַר'ן סעקרעטאַר און געזאָגט, וועהרענד ער האָט די
הענדשקעס אַרויפֿגעצויגען:

— איהר האָט דעם רעפּעראַט, וואָס דער פֿאָרזיצענדער
פֿון אָרעלסטינג האָט נישט לאַנג צוריק געלעזען?

— יאָ, איך האָב איהם נאָר וואָס אָבגעשיקט אין דרוק
אַריין.

— נעהמט איהם צוריק, צעטיילט איהם אויף טיילען און
דרוקט איהם צו האַלבע שפּאַלטע יעדען טאָג. מען מוז שטענדיג
עפּעס ערפֿינדען, אויפֿטהון, אונטערהאַלטען אין פּובליקום יד

שטימונג. אזוי ארום וועט, א דאנק אונזער ציטונג, א מענש רעדען צום פובליקום נאך אין דריי וואכען ארום נאך זיין טויט.

און לונגע איז אוועק, שמייכלענדיג צופריעדען מיט זיין געלונגענעם איינפאל.

---

## .VIII

אילען איז ארויסגעטרעטען אלס פאליטישער שרייבער אנאנים, אין נאמען פון דער רעדאקציע. זיינע ארטיקלען וועגען דער אוניאן האבען געמאכט א ערשיטערענדען איינדרוק, לונגע האט צו זיין ציטונג ווידער צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון גאנצען לאנד. דערהויפט איז מען צערודערט געווארען אויפ'ן אנדערן עק פון חריסטיאניען. דער רעדאקטאר פון „נארוועגער" האט אויפריכטיג פאנאנדערגעפרעגט אלע מ'ינשען, מיט וועמען ער האט זיך געטראפען, וואס זאל דאס בעדייטען, די „ציטונג", וואס קיינמאל פון זינט זי עקזיסטירט האט זי זיך נישט געוואקעלט אין איהרע מיינונגען, וואס יאהר איין, יאהר אויס, אין פערלויף פון צוואנציג יאהר, האט זי ארויסגעוויזען אזא שנאה צו דער אוניאן און דער שענדליכער ברידערשאפט, וואס פלעגט כמעט בעליידיגען זיין מאיעסטעט, די „ציטונג", וואס איהר רעדאקטאר האט מיט פייער-שפריצענדיגע אויגען און מיט העלדישער איבערציינגונגס-קראפט געלויבט גאמבעטא'ן, קאסטעליאר'ן און אליאנאוו'ן, די „ציטונג", וואס האט געדרוקט לויב-לידער לכבוד דעם פוילישען אויפשטאנד און דער בראזיליאנישער איבערקערעניש, די „ציטונג", וואס איהר רעדאקטאר האט יעדען טאג אין פערלויף פון זיין גאנצען זשורנאליסטען-לעבען געשריבען ארטיקלען, נאטיצען, בעשרייבונגען אינ'ם גייסט פון די לינקע און נאר פון די לינקע, — די „ציטונג" האט מיט א מאל די פאזיציע אומגעביטען! „וויזט אונז אזא מענשען, וועלכער יועט זיך וואגען צו נעהמען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט פאר א ראדיקאלע איבערענדערשונג פון דער אוניאן, — האט די „ציטונג" געשריבען, — מיר קאנען דרייסט בעהויפטען, אז אזא מענש וועט זיך נישט געפינען!"

דאס זענען געווען אויפריכטיגע ווערטער.

אילען האט זיין זאך געטהון מיט א עהרליכען מיין, די אלטע ליעבע צו די רעכטע, די אנגעבארענע נייגונג צו קאנסערוואטיזם האבען זיך נאטירליך ערוועקט אין איהם, ווען ער האט די דאזיגע ארטיקלען געשריבען. צו זיין אייגענער פערוואונדערונג האט זיך ארויסגעוויזען, אז באנדערסענם איינפלוס איז נישט גאנץ טיעף אין זיין הארצען אריינגעדרונגען. דעריבער זענען די ארטיקלען ארויסגעקומען אזוי ווי ארטיקלען פון א מעסיגען רעכטען, וועלכער האט די מעגליכקייט בעקומען צו רעדען צו לינקע לעזער.

דאס פובליקום האט בשום אופן נישט געקאנט פערשטעהן, ווי קומט די „ציימונג" צו טהון אזא מאדנע זאך. די רעכטע ציימונגען האבען אנגעהויבען ברענגען ציטאטען פון איהר, ברענגען ראיות פון איהר. אט אדרבא, זעהט אליין, אפילו די „ציימונג" האט ענדליך אנערקענט די פאליטיק פון די לינקע פאר צו שארף, אפילו זי האט שוין אויפגעהערט איינצוגעפינען פאר קלוג, זיך ווייטער צו פיהרען ווי ביז איצט און אהן געוויסענס-ביסען צעשטערען און שאדען טהון די הייליגסטע אינטערעסען פון פאטערלאנד! נאר קלוגע מענשען, וועלכע האבען דאס אלין פערשטאנען, האבען טיעף אין הארצען געוואוסט, אז דאס אלין איז נאר א שפאס, וואס לונגע האט זיך ערלויבט, א ריינע אבנארונג, וואס דארף נישט פערשטאנען ווערען בוכשטעבליך. דאס דארף בעטראכט ווערען פשוט ווי א מין שפיצעל. ניין, לונגען איז נישט אזוי לייכט בייצוקומען, ער איז צו שטארק פאר זיינע שונאים. נאטירליך האט ער די מעגליכקייט געגעבען דעם דאזיגען זייטיגען, — יא, געוויס זייטיגען. — מענשען זיך א ביסעל נאריש צו מאכען, די ארטיקלען זענען געווען נישט מעהר נישט ווייניגער ווי „בריעף אין רעדאקציע", וואס די „ציימונג" אליין איז פאר זיי כלל נישט פעראנטווארטליך. ענדרע באנדערסען האט אין טיש געקלאפט און זיך מיט היץ געשוואוירען, אז די אלע ארטיקלען זענען נאר „בריעף אין רעדאקציע". ווען ער האט זיך פון זיין פריינד אילען'ען דערוואוסט, ווער דער שרייבער פון די דאזיגע ארטיקלען איז געווען, האט עס איהם צוערשט פערדראסען, וואס

זיין גאנצע מיה צו מאכען אילען׳ען פאר א ראדיקאל איז געווען אומזיסט; נאר דערנאך האט ער זיך אנגעהויבען פרעהען, ווייל עס ווייזט זיך דאך ארויס, אז ער איז טאקי גערעכט און די אר־טיקלען זענען נישט מעהר ווי „בריעף אין רעדאקציע״. יא, ער האט באלד פערשטאנען, ער זעהט אלץ, איהם וועט קיינער נישט קאנען אבנארען דארט, וואו מען דארף צו האבען א פאליטישען חוש. אילען וועט זיך נאטירליך נישט נעהמען איינבילדען, אז די „צייטונג״ האט וועגען דער אוניאן די זעלבע מיינונג ווי ער, א? נעווים, ער איז א געלעהרטער מענש, ער קאן קוקען אין מיקראסקאפ און ווייס פיעל פערשיעדענע אנדערע זאכען, — נאר איבערמאכען די צוואנציג־יעהריגע פאליטיק פון דער „צייטונג״, דאס קאן ער נישט, און ס׳איז נישטא אזא מענש, וואס זאל גלוי־בען דערין.

באנדערסען האט דאס אלץ ארומגערעדט אי פאר מאדאם אילען אליין, אי פאר די מעדלעך, און האט כלל נישט געלייקענט, אז אין פרינציפ איז ער נישט איינשטימיג מיט פרעדריק׳ן און זיין פאליטיק.

סאפיע האט געענטפערט:

— גאיברא זאגט, אז ער האט זיך גערעכט אויף אזא פארטעל פון דער „צייטונג״. נעכטען האט ער עס געזאגט.

— יא, — האט באנדערסען געזאגט און א קוועטש געטהון מיט די פלייצעס, — ס׳איז נישטא אזא זאך, וואס גאיברא זאל נישט וויסען און זאל עס נישט האבען שוין לאנג פאראויס געזעהן.

דאס איז געווען אין דערפריה, די מעדלעך זענען געזעסען אין זייערע מארגען־קליידער און האבען געארבייט; דאס פייער האט געקנאקט און געראיישט אין אויווען; פרעדריק האט זיך נאך נישט אויפגעחאפט.

באנדערסען האט וויטער גערעדט:

— איך האב אויך נעכטען געטראפען גאיברא׳ן, נאר מיר האט ער גארנישט געזאגט. אזעלכע זאכען רעדט ער נאר פאר דאמען.

— יא, נאר פארוואס גראד דאמען? — האט סאפיע געענט־פערט צארנדיג.

זי האט אזוי אפט פערטראגען באנדערסענס איבערמוטיגע שפאסלעך, אז מעהר האט זי שוין זיי נישט געוואלט ליידען. ער איז געוועזען א ראדיקאל. שטענדיג גערעדט וועגען פרייהייט, פרינציפיעל געהאלטען, אז פרויען דארפען האבען וואהל-רעכט; אין הארצען אבער האט ער בעהאלטען די אויפגעבלאזענע איבערצייגונג, אז די פרוי שטעהט נידריגער פון איהם. די פרוי איז א מענש, די העלפט פון דער גאנצער מענשהייט, נאר דאך איז זי נישט קיין מאנספערזאן! סאפיע האט זיך שוין צוגעגרייט איהרע נעגעל ארויסצוווייזען.

נאר באנדערסען האט זיך ארויסגעדרעהט. ער האט נאר געזאגט, אז גאיבראָ איז צו די דאמען געקומען מיט א קלוגען איינפאל, ער האט מיטגעטיילט א פאקט, און ווייטער גארנישט. איהם האט גאיבראָ קיין ווארט נישט געזאגט, פערקעהרט, ער האט איהם אויסגעמיעדען.

דאס איז געוועזען אמת, גאיבראָ האט אנגעהויבען אויסצומיידען אלעמען אויף דער גאס. ער האט אפילו קיין מאנטעל נישט געהאט, זיין זייגער איז אויך געוועזען „דארט“, אין לאמבארד, און ער האט קיינעם נישט געוואלט צווינגען צו שמועסען מיט א מענשען אהן א מאנטעל אום ווינטער. איהם איז נישט קאלט געוועזען, איין גאט ווייס, ער האט אין זיך גענוג ווארעמקייט, ווען ער לויפט איינגעקארטשעט, מיט פערטראכטע אויגען, איבער די גאסען אין באנק און פון באנק. נאר ער האט נישט שלעכט אויסגעזעהן, אויסגעקוקט ווי א נעבעכעל, דאס האט ער אליין געוואוסט. נו, ביז פריהלינג איז שוין נישט געבליבען אזוי פיעל מאנאטען, און אפשר וועט ער נאך ביז פריהלינג קאנען צוריק אויסלעזען זיין מאנטעל. דאס איז נישט אונמעגליך. נאר איינס איז געוועזען זיכער, ער איז נישט געפרוירען געווארען, איהם איז גוט געוועזען.

— גאיבראָ איז אוועק אין קאנטאר?— פרעגט באנדערסען.

— אט געהט ער,— האט שארלאטע געענטפערט.

פון קארידאר האבען זיך דערהערט גאיבראָ'ס טריט. ער פלעגט פון שטוב אוועגעהן פריהער א ביסעל, כדי זיך מיט קיינעם אויף די טרעפ נישט צו טרעפען.

באַנדערסען האָט אויפגעפּראַהלט די טהיר און איהם אַרויף געטהון. עס האָט זיך געהערט, ווי ער האָט געענטפערט, אז ער מוז אוועקגעהן. נאָר אַזוי ווי פּונקט אין דער מינוט איז שאַרלאָטע אויפגעשטאַנען און איהם בעגריסט, איז ער פון דעסטוועגען אין צימער אריין און בעגריסט אַלעמען.

ווי לאַנג זיי האָבען איהם שוין נישט געזעהן! וואָס דערוואונ- טערט ער זיך עפּעס אַזוי פון זיי?

גאַיבראָ האָט זיך צעלאַכט. ער דערוואונדערט זיך נישט פון זיי, פּשוט ער האָט אַנ'ארבייט, ווירקליך, ער בעשעפטיגט זיך איצט מיט עפּעס.

— זאָגט מיר, — האָט באַנדערסען געזאָגט, — ווי איז אייער מיינונג וועגען די ארטיקלען פון דער „צייטונג" וועגען דער אוניאָן?

דאָס האָט ער נישט געוואוסט.

— נאָר געוויס ווייסט ער. ווער עס שרייבט זיי?

יאָ, וועגען דעם האָט ער געהערט.

— איהר האָט אפשר די ארטיקלען גאָר נישט געלייענט, איהר לייענט דאָך גאָר נישט די „צייטונג"?

ניין, די ארטיקלען האָט ער יאָ געלייענט.

— אַזוי גאָר! צי מיינט איהר נישט אַמאָל, אַז די „צייטונג" אַליין האָט אויך די זעלבע מיינונג ווי דער דאָזיגער קאָרעספּאָנ- דענט, ווי דער דאָזיגער זייטיגער מענש?

דאָס ווייס ער אויך נישט.

— נאָר איהר האָט דאָך געבעטען געזאָגט, אז איהר האָט זיך געשריבען אויף אַזאַ פּאַרטעל פון דער „צייטונג"!

גאַיבראָ דערמאָהנט זיך און ענטפערט:

— יאָ, איך האָב עפּעס עהנליכעס געבעטען געזאָגט פרייליין מאַפיע. איבריגענס, איך האָב מיך נישט ריכטיג אויסגעדריקט. נאַטירליך האָב איך זיך אויף אַזאַ זאַך נישט געשריבען פון דער „צייטונג", איך קאָן נישט אריינדרינגען אין פרעמדע הערצער און בייכער, נאָר איך האָב געוואָלט זאָגען, אז די דאָזיגע זאַך, וואָס די „צייטונג" האָט געטהון, האָט מיך גאָר נישט פערוואונדערט.

— איהר קענט לונגע׳ן גוט? — האָט באַנדרעסען געזאָגט. — ער איז אייער פֿערזענליכער בעקאַנטער?

דערויף האָט גאָיבראָ גאָרנישט געענטפֿערט. ער האָט זיך בעלעדיגט און זיך געווענדעט מיט עטליכע ווערטער צו די מיידלעך.

נאָר באַנדרעסען האָט זיין פֿראַגע ווידערהאָלט און פֿון איהם קיין אויג נישט אַראָבגענומען.

— איהר ווילט דאָס שטאַרק וויסען? — האָט גאָיבראָ געענטפֿערט, — איבריגענס פֿעַרשטעה איך נישט, פֿאַרוואָס. — נאָר פּלוצלונג האָט איהם דאָס בלוט צו׳ם קאָפּ אַ זעץ געטהון און ער האָט ווייטער גערעדט: — איהר. אַזאַ ראַדיקאַל ווי איהר זענט, און געהערט צו אַ בעשטימטער פּאַרטיי, ווי פֿיהלט איהר זיך ביי אַזאַ פּאָליטיק פֿון דער „ציייטונג“?

— אָ, איך קאָן נישט זאָגען, אַז איך זאָל צוליעב דעם ביינאַכט נישט קאָנען שלאָפֿען...

גאָיבראָ האָט איהם היים איבערגעשלאָגען:

— יאָ, אָט דערין ליעגט דאָס איינציגע גוטס פֿון אייך און פֿון אַלע אייערע לייט — ערלויבט מיר דאָס נאָך אַמאָל צו זאָגען: פֿון אייך און אַלע אייערע לייט, וואָס איהר נעהמט זיך עס כּלל צו׳ם האַרצען נישט און איהר קאָנט שטענדיג געפֿינען תּירוצים, ווען עס קומט אייך אויס זיך צוצופּאַסען צו עפּעס אַ אונריכטיגער זאַך, וואָס שטאַמט אַרויס פֿון אַ „איבערגעביטענער איבערצייגונג“. איהר ווערט נישט צעמישט, איהר ווערט נישט רויט פֿאַר צאָרן אָדער חרפּה, איהר פּאַסט זיך צו צו דער ענדערונג, קוקט זיך אַרום און בערוהיגט זיך ביסלעכווייז. און ביסלעכווייז ווערט איהר דורכגעדרונגען מיט דער נייער איבערצייגונג, וואָס איז אויך אַזוי אויפֿריכטיג און אויך אַזוי לאַנגדויערענדיג ווי די ערשטע. דאָס הייסט ביי אייך — זיין מאָדערנע מענשען.

ווי גראָב דאָס איז געווען און ווי אונגעלומפּערט אַרויסגעזאָגט! גאָיבראַ אַליין האָט דערפֿיהלט, אַז ער האָט איבערגעחאַפּט די מאָס, גערעדט אונהעפֿליך, איז איהם געוואָרען אונאַנגענעהם. ער האָט דערפֿיהלט, אַז אַלעמענס בליקען זענען אָנגעשטעלט

אויף איהם, און ער האט דעם קאפ אראבגעלאזט.

נאר באנדעסען איז גאר אויסער זיך געווארען. איבריגענס, האט ער געזאגט, רעדט זיך דאך דא גאר נישט וועגען איהם און זיינע אנהענגער, זיי האבען דאך גאר אנגעהויבען צו רעדען וועגען לונגע'ן.

ווי דאס פלעגט שטענדיג טרעפען מיט גאיבראן, ווען מען האט איהם שארף אבגעענטפערט, איז ער געווארען אנגעצונדען, די הענד אין די קעשענעס אריינגעשטעקט און אנגעהויבען ארומ-צוגעהן היו און צוריק. ער האט, קענטיג, גאר פערגעסען, אז ער געפינט זיך אין די צימערען פון מאדאם אילען.

— אייך ווילט זיך שטארק וויסען מיין קליינע מיינונג וועגען לונגע'ן, — האט ער געזאגט. — ווייס גאט פארוואס, נאר אייך ווילט זיך וויסען. איך וועל מיך בעמיהען אין צוויי ווערטער אייך צו זאגען, וואס איך קלער. לונגע — דאס איז איינער פון אונז, סטודענטע-פויערען. איהם האט מען א גרויסען אינערליכען שאדען געטהון דערמיט, וואס מען האט איהם איבערגעפלאנצט אויף א פרעמדען באדען, אין א פרעמדע אטמאספערע. ער איז א קליינער דארפס-פאטעל, וואס וויל זיך מאכען א שם פון א פריידענקענ-דען מענשען אין פאליטישען עסקן, און פאר אזעלכע זאכען טויג ער נישט. דעם דאזיגען מענשען פעהלט מאראלישע ערציהונג, זיין בלוט איז פערדארבען, ריכטיגער רעדענדיג, איז ער א טאלענט-פולער, חיטרער בחור, וואס וועט קיינמאל קיין ערוואקסענער מענש נישט ווערען. אט דאס איז מיין קליינע מיינונג.

באנדעסען האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען, דער צארן האט איהם פערלאזען, ער האט אונבעוועגליך געקוקט אויף גאיב-ראן און קוים געקאנט ארויסרעדען:

— נאר פסיחאלאגיש איז לונגע, פערשטעהט זיך, נישט אזעלכער, איך מיין פסיחאלאגיש...

— פסיחאלאגיש! א מענש, וואס האט קיין פסיחאלאגיע נישט! זאגט, אז אלץ, וואס ער טהוט, טהוט ער אדער מיט דער אונגעבליקליכער בעגייסטערונג פון א נ'ארטיסט, אדער אויס קליינליכער אויסגע-

רעכענטקייט, אָדער אויס בייזע זאַכען צוזאַמען; זאָגט, אַז ער טהוט אַלץ, ווייל ער וויל זיין ביי די איינוואָהנער פון חריסטיאַנען אין די מיילער, ווייל ער שטרעבט צו קריגען אַ שם פון אַ טייוולאַניש־געניאַלען רעדאַקטאָר פון זיין נישטיגען שטיקעל בלעטעל, אויס דער פויערשער שטרעבונג צו פערגרעסערן אייף עטליכע קראַנקען זיינע יעהרליכע הכנסות, — און איהר וועט בעקומען אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגען דעם דאָזיגען מענשען מיט זיין גאַנצער פסיכאָלאָגיע.

פאַנדרעסען קומט צו זיך, איהם דוכט זיך, אַז דער שמועס הויבט אָן צו ווערען אינטערעסאַנט, דאָס אַלץ איז אין אמת'ען געווען אַנגענעהם צו הערען. ער זאָגט:

— נאָר איך פערשטעה נישט, פאַרוואָס האָט איהר לונגע'ן אַזוי פיינד. איהר געהערט דאָך גאָר נישט צו קיין פאַרטיי, איהר זענט דאָך אַ בלאָנדזשענדער קאָמעט — וואָס זשע זענט איהר אין כעס אויף איהם? צי איז אייך נישט אַלץ איינס, צי די לינקע וועלען זיגען אָדער וועלען געהן צו'ם טייוועל?

— יאָ, אָט דאָ קומען מיר צוריק צו יענער וואָלקער זייט פון אייך און אַלע אייערע לייט, וואָס אייך איז אַזוי שווער צו פערשטעהן, פאַרוואָס פיהלט אַ מענש אַזאַ שווערע בעלעדיגונג, ווען ער זעהט, אַז זיין אידעאַלער גלויבען אין אַ מענשען אָדער אין עפּעס אַ זאַך ווערט ערשיטערט, און ערשיטערט ווערט ער בסך־הכל דורך עפּעס אַ שמוציגען שווינדלער, אין אונזער פאַל אַ רעדאַקטאָר. איך וועל אייך עפּעס זאָגען: צי ווייסט איהר, אַז איך בין אַליין געוועזען ענטציקט פון לונגע'ן, אַז איך האָב ליעב געהאַט לונגע'ן? איך האָב אין געהיים געשריבען צערטליכע פריוואַטע בריעף צו די יעניגע, וואָס האָבען איהם געזידעלט אין די צייטונגען, איך בין געוועזען, דאָס שווער איך אייך ביי גאָט, זיין הייסעסטער פריינד. אַז איז האָב אַ מאָל געהערט וועגען איין מענשען, אַ גרויסען אָפיציער, וואָס האָט אין אַ פריוואַטען שמועס אויסגעדריקט זיין בעדויערן, פאַרוואָס די רעכטע האָבען נישט אונטערגעקויפט לונגע'ן, כדי ער זאָל פערטיידיגען דאָס קרוינגעריכט, ווייל לונגע'ן קאָן מען אונטערקויפען, האָב איך דעם

דאָזיגען אָפיציער אָנגעשריבען אַ בריעף, איהם צעקלאַפט זיינע
אַלע ראיות, איהם אָנגערופען רכילות'ניק און ליגנער, און אונטער
דעם דאָזיגען בריעף האָב איך אונטערגעשריבען מיין נאָמען און
מיין אדרעס... דאָס איז געווען פאַר יענער צייט, ווען איך האָב
זיך אַביסעל דערוואוסט, ווער לונגע איז... פאַרוואָס איך האָב
איהם פיינד? גלויבט מיר, איך האָב איהם נישט פיינד, ער איז
מיר געוואָרען אַזוי גלייכגילטיג, אַז איך וויל אַפילו זיין בלעטעל
אין די הענד נישט נעהמען. איך דערמאָהן זיך אָן איהם נאָר
דערפאַר, ווייל ער עקזיסטירט, און דערפאַר, ווייל ער פיהרט מיט
הצלחה זיין קליין שעדליך געשעפט. דער מאַסען דוכט זיך, אַז ער
גיעט אַרוים אַ אינטערעסאַנטע צייטונג; נאָר לייענט זי, פאָרשט זי גענוי
אוים, וועט איהר זעהן, ווי דאָס דאָזיגע, קליינע פוסטע מענשעלע
אָהן איבערצייגונגען, אָהן דעם מינדעסטען מוט, נאָר מיט אַ
גרויסען זאַפאַס פון חוצפה, ווי דער דאָזיגער מענש, וואָס האָט
נאָר איין וואונש, צו לעבען אין מאַטעריעלער צופריעדענהייט און
צו זיין בעריהמט און געלויבט פון דער גאַסען-מאַסע, ווי ער שרייבט
און וועגען וואָס ער שרייבט! ער רייבט זיך די הענד פאַר פער-
גניגען, ווען איהם געלינגט אַרונטערצורייסען עפּעס אַ אונגליקליכען
אַגענט, וואָס האָט זיך אויפגעפיהרט אונגעזעצליך אוים נויט, ער
ענטדעקט זיינע מעשים מיט אַ הארץ, וואָס צאַפּעלט פאַר ענטצי-
קונג פון דעם, וואָס קיין אַנדער צייטונג האָט פריהער ווי ער נישט
דערשמעקט די דאָזיגע זינד. וואָס פאַר אַ ענטציקענדען מענשליכען
שמערץ ער קאָן דעם פּובליקום אויפדעקען. קיין בעסערן אונגליק
קאָנען זיינע בכבודיגע לעזער גאָר נישט פערלאַנגען... די מעשה
דערפון איז אַזוי: ער איז אַ פערדאָרבענער מענש, פערדאָרבען
פון דער נאַטור. ווען עס געלינגט איהם אויסצופיהרען עפּעס אַ
שפּיצעל, אַ ספּעקולאַציע, וואָס צוליעב דעם זאָגט מען אויף איהם,
אַז ער איז אַ טייוולאַניש-קלוגער מענש, און וואָס צוליעב דעם ווערט
אויף עטליכע קראָנען פערגרעסערט דאָס אַנקומענדע אַבאָנאַמענטס-
געלד, איז ער בעפריעדיגט. ער פיהלט זיך פאָלשטענדיג צו-
פריעדען מיט אַזא נישטיגען פאָרטעל, לאַכט און פרעהט זיך, וואָס
ער האָט דער ערשטער געבראַכט פאַר עטליכע טויזענד זאָרגלאָזע

לעזער די נײַעס װעגען דער שׂרפֿה אין מיאַסטראַקט. אַז עס קומט פֿאָר אַ פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג אין דראַמען. פֿערלאַנגט ער טעלע־גראַפֿיש, אַז די טעלעגראַף־סטאַציע זאָל זײַן אָפֿען „אױף זײַן רעכ־נונג", ביז די פֿערזאַמלונג װעט געענדיגט װערען. צו דער פֿער־זאַמלונג דערגעהט אַ קלאַנג װעגען דעם, װאָס לונגע האָט געטהון, מען לײענט זײַן טעלעגראַמע, מען שלאָגט זיך אין הארצען פֿון גרױס התפּעלות פֿאַר דער דאָזיגער מעכטיגער קראַפֿט, װאָס בעפֿעהלט דעם טעלעגראַף צו אַרבײַטען „אױף זײַן רעכנונג". און װאָס קאָסט דער דאָזיגער אונערהערטער װאונש צו האַלטען אָפֿען דעם טעלעגראַף? גאַנצע פֿינף און זיעבציג ערע פֿאַר אַ האַלבע שעה! די גאַנצע הוצאה קאָן נישט זײַן װעניגער װי פֿינף און זיעבציג ערע און קאָן נישט איבערשטײַגען די סומע פֿון פֿיער קראָנען פֿונפֿציג ערע! נאָר צי דען איז לונגע אַלײן שולדיג דערין, װאָס מען לײענט זײַן טעלעגראַמע און מען פֿערװאַנדעלט זי אין אַ רעקלאַמע? מעגליך, אַז דירעקט איז ער גאָר נישט שולדיג, דאָס חײם איך נישט. נאָר איך װײס, אַז אַזאַ טעלעגראַמע װאָלט מען נישט געלײענט, װען זי װאָלט געװען פֿון אַן׳אַנדיזער צײַטונג, צו׳ם בײַשפּיעל פֿון „נאָרװעגער". לונגע האָט פֿערניכטעט די נײגונג פֿון פּובליקום צו בעשײדענהײַט; מיט זײַן שטענדיגען קריכען זיך און דרעהען זיך האָט ער ערשיטערט די נאַטירליכע שרעק פֿון פֿאָלק פֿאַר די אונפֿערשעמטקײַט. דערנאָך מאַכט ער אַלײן חוזק פֿון זײַנע אױפֿמהועכצען, לעכערליך און אונשולדיג, הומאָריסטיש און פּוסט: די „צײַטונג" האָט אינטערװיואירט אַ װאַסער־שװימער און אַ לופֿט־פֿליהער, איז די „צײַטונג" דער אינפֿאָרמירטעסטער אָרגאַן אין ים און אין דער לופֿט.

נאָיבראָ איז געבליבען שטעהן אײן אױגענבליק, באַנדעסען האָט געזאָגט:

— איך װעל נישט פֿערפֿיהרען מיט אײַך קײן װיכוחים. דערצו שעצט איהר לונגע׳ס טעטיגקײַט צו ניעדריג. דאָס איז דאָך לעכערליך. צי דען האָט דאָס נישט קײן בעדײַטונג, װאָס די „צײַטונג" האָט ענטדעקט די מעשׂים תּעתּועים, װאָס דער פּאַסטאָר האָט אָבגעטהון מיט אַ קינד?

— גאָט מײַנער, װאָס פֿאַר אַ נעגאַטיװע מעלה: מפרסם צו מאַכען אַזאַ סקאַנדאַל, אַבי נאָר צוזוציהען נאָך עטליכע אַבאָנענטען.

— יאָ, אודאי, טאַקי נאָר צוליעב דעם!

— ניִשט מעהר װי צוליעב דעם! װאָרום אַז ניִשט, װאָ ט מען דאָך דאָס גערדאַרפֿט װיסען געבען דער פּאָליציי, דאָס װאָלט געװען דער אײנציגער ריכטיגער װעג.

— נאָר דער פּאַסטאָר איז אָראָבגעזעצט געװאָרען, אַ דאַנק גאָט; פֿאַר מיר איז װיכטיג דער רעזולטאַט. דער אַגענט יענסען איז אָסלאָ פֿיהרט אַ אונגעזעצליכען האַנדעל מיט שניט-סחורה, די „צײַטונג" דערװיסט זיך דאָס, זי װענדעט זיך צו דעם דאָזיגען הערן און פֿערלאַנגט, מען זאָל איהר װײַזען די ביכער. ער זאָגט זיך אָב, די „צײַטונג" דרוקט אָב אַ פּאָר אַרטיקלען, און אין דרײַ װאָכען אַרום האָט דער אַגענט זיך געמוזט אײַנפּאַקען און מאַכען פּליטה קײן אַמעריקע. װידער אַ רעזולטאַט!

— װידער אַ בעװײַז, װי לונגע שטרעבט צו בעקומען נאָך עטליכע אַבאָנענטען. דער דאָזיגער מענש טראָגט אַרױס אין דער פּערזאָן פֿון דער פּרעסע, ער װיל אַרײַנדרינגען אין אַלע הײַזער, מאַכען אַ אױספֿאָרשונג און אַ עקזאַמען, ער זאָגט: „ביטע, װײַזט מיר אײַערע ביכער"! איך שװער בײַ גאָט און זײַנע אַלע מלאכים, אַז איך װאָלט אָנגעכאַפּט דעם דאָזיגען קלײנעם פּראַנטעל פֿאַר'ן קאַרק און איהם אַראָבגעשלײַדערט פֿון די טרעפּ, װען ער װאָלט צו מיר געקומען. אפילו דאַן װען איך װאָלט שולדיג געװען אין האַנדלען אונגעזעצליך מיט שניט-סחורה...

— יאָ, היט זיך, ער קאָן נאָך אַ מאָל קומען.

— ביטע זעהר... ער איז אַלײן צו ניִשטיג, ער זאָל זיך קאָנען װאַגען אױף אַזאַ דרײסטע זאַך, ער װעט קײנמאָל ניִשט אַריבערשװימען איבער די גרענעצען פֿון דעם. װיאַזוי ער קאָן זיך, לױט זײַן מײנונג, בעהאַלטען. ער האָט ליעב פֿינסטערע װעגען, בעהאַלטענהײט, אַ קיש אין אַ פֿינסטערען װינקעל,

א געהיימען האנד-דרוק, שארלאטאניזם, מיט'ן תירוץ אבצורייניגען די געזעלשאפט. דאס וואלטען אלע געקאנט זעהן, ווארום פון צייט צו צייט ווייזט ער דאך גאנץ אפען ארויס זיין נאקעטקייט...

עס קלינגט. סאפיע געהט און עפענט, זי קומט צוריק מיט'ן לעצטען נומער פון דער „צייטונג", און באנדעסען ווארפט זיך ארויף אויפ'ן בלעטעל מיט זיין שטענדיגער היציגקייט.

נאר אין דעם נומער האט לונגע קלאר און בעשטימט די פאהן אויפגעהויבען. דער רעדאקציאנס-ארטיקעל רעדט וועגען דער בעציהונג פון דער „צייטונג" אליין צו די ארטיקלען וועגען דער אוניאן, וואס האבען צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון די לעזער: צווישען פובליקום האט זיך ערוועקט א צווייפעל, צי די דאזיגע ארטיקלען געהען אין נאמען פון דער רעדאקציע אליין, אדער דאס זענען ארטיקלען פון א זייטיגען מענשען. כדי צו ערקלערען די דאזיגע געעהרטע צווייפלער, האלט לונגע פאר זיין פליכט מיטצוטהיילען, אז די דאזיגע ארטיקלען געהערען דער „צייטונג" אליין, אז זיי פערטהיידיגען איהר אייגענעם פאליטישען שטאנדפונקט, און אז די „צייטונג" נעהמט אויף זיך די גאנצע פעראנטווארטליכקייט פאר זיי. פונקט.

באנדעסען האט געלייענט מיט א אפען מויל, שווייגענדיג, מיט די סאמע געגענגעזעצטע געפיהלען אין הארצען. הייסט עס, אז ער איז, ליידער, געוויזען אונגערעכט; וויפיעל ער האט נישט געקלאפט אין טיש, האט ער דאך א טעות געהאט. ער האט די „צייטונג" איבערגעגעבען גאיברא'ן און קיין ווארט נישט געזאגט.

גאיברא געפינט דעם גרויסען לייט-ארטיקעל וועגען א קארטען=ווארפערקע אין קאמפען, וואס איינער פון די אגענטען פון דער „צייטונג" האט זי ענטדעקט און וואס האט זיך בעשעפטיגט מיט פינסטערע מעשים מיט דער הילף פון קארטען און שווארצע געדיכטע קאווע, פאר א גלעזעל בראנפען אדער א גלאז קאווע ביי די שכנים, זי נארט דאך אב דאס פאלק, פיהרט אלעמען פאר רער נאז! מעהר שולען, מעהר פאלקס-בילדונג אין קאמפען!

ענדליך איז ער דערגאנגען ביז צו'ם רעדאקטארס ערקלערונג.

ער האט זי דורכגעלייענט, אזוי ווי א׳לעם איבעריגע, נישט ארויס־ווייזענדיג קיין פערוואונדערונג, און ווען ער האט געענדיגט האט ער געזאגט:

— נו, אט וועט איהר שוין איצט אליין.

— יא, — האט באנדעסען געענטפערט, — איך וועל פויזע.

נאיברא האט זיך שוין צוגעריכט אוועקצוגעהן.

נאר באנדעסען׳ען איז פלוצלונג איינגעפאלען א אידעע, לויט זיין מיינונג א פיינער און שארפזיניגער געדאנק.

— צי זענט איהר פאלשטענדיג זיכער, אז לונגע האט דער־ביי קיין מיין נישט געהאט? — האט ער געפרעגט, — איהר זענט נאר נישט אימשטאנד זיך פארצושטעלען די מעגליכקייט, אז דער דאזיגער מענש האט א ציעל, אז ער האט זיך געשטעלט א געהיי־מע מיסיאן? צי קאנט איהר נישט קיין קלער טהון, אז דורך די דאזיגע שטיקלעך זיינע וויל ער פרוווען אריינדריגנען צו די רעכ־טע, וויל ער אויספיהרען, אז די רעכטע זאלען איהם לעזען, און דאן וועט ער ביסלעכווייז אריינלאזען אין זייער פארטיי דעם גיפט פון די לינקע?

— קודם כל, — האט נאיברא געענטפערט, — האלט איך נישט די רעכטע פאר אזוי שוואך אין זייערע איבערצייגונגען, אז די ארבייט פון דער „ציימונג" זאל זיי קאנען איבעררעדען. אזא נישטיגקייט ווי זי איז וועט נישט געלינגען צו פערדרעהען דעם קאפ פון דער דאזיגער פארטיי מיט איהר אלטער געבילדעטקייט און פעסטקייט. און צווייטענס האט איהר א טעות אין לונגע׳ן גופא. וואס איז מען איהם איצט חושד, אדער וואס קאן ער ריזיקירען, מען זאל איהם חושד זיין? — דאס, אז ער טהוט אלץ נאר כדי צו מאכען א טומעל און א רעש און דאדורך צוצי־העז ג״גיעריגע אבאנענטען. נאר דער דאזיגער מענש וואלט נישט געוואלט יאהרענלאנג אויסשטעהן פון מענשען דעם דאזיגען חשד, ווען ער וואלט איהם נישט פערדינענט. ער איז צו קליינליך דער־צו. ווען ער וואלט געהאט א געהיימען ציעל, צו בעקעהרען די קאנסערוואטארען אויף לינקע, וואלט ער דאס נישט געקאנט

פערשווייגען, ער וואלט דאס אויסגעזאגט, אלעין זיין געהיימניס אויסגעגעבען, עס אבגעדרוקט מיט גרויסע בוכשטאבען אט דא, אויף דער ערשטער זייט. נאר עס קאן זיין, אז איהם געפעלט וואס איהר און אנדערע האלטען איהם פאר אזא מאיעסטעטיש געהיימניספולע פערזאן, וואס קיינער קאן זיינע סודות נישט דערגעהן.

דערויף ענטפערט באנדרעסען גארנישט. ער קוועטשט נאר די אקסלען.

— יא, יא, קיינער פון אונז וועט שוין, קענטיג, די וועלט נישט איבערמאכען, — זאגט ער. — דעם אמת רעדענדיג, אז איך בעקלער ווי עס דארף צו זיין די דאזיגע ערקלערונג פון לונגען און זעה זיינע ערקלערונגען, בין איך פון דעסטוועגען דאך ענטציקט פון איהם. א טייוולאנישער יונג דאס איז! זיינע געגנער פון צווישען די לינקע, זיינע קאנקורענטען האבען שוין אוודאי געקלערט, אז אט האבען זיי איהם איצט געפאקט ביי די דאזיגע ארטיקלען וועגען דער אוניאן. נאר ער בלייבט שטענדיג אונפערוואונדערט. א טייוולאנישער יונג!

— עס גיעבט נאר צווערליי מענשען, וואס קאנען ערפאלג האבען אין לעבען און שטענדיג בלייבען אונפערוואונדערט. — ענטפערט גאיברא. — ערשטענס, מענשען מיט א ריין הארץ, אמת, נישט שטענדיג זענען זיי פראקטיש, נאר טיעף אין הארצע בלייבען זיי שטענדיג פעסט און קיין זאך קאן זיי נישט פערוואונדען. און צווייטענס — מענשען, וואס זענען מאראליש פערדארבען, חוצפה'דיגע, אויף וויפיעל דאס געזעץ ערלויבט זיי, מענשען, וואס האבען פערלארען די פעהיגקייט צו פיהלען געוויסענס-ביסען. זיי קאנען שטענדיג ארויסשווימען פון אויבען, אפילו ווען זיי טרינקען זיך.

נאר איצט האט זיך באנדרעסען'ען געדוכט, אז די דאזיגע אונאויפהערליכע ענטפערן אויף זיינע בעמערקונגען בעלעדיגען איהם אליין צו פיעל, דערווייטערען איהם אויפ'ן צווייטען פלאן, מעגליך, אז ער איז בעזיעגט געווארען אין דעם דאזיגען וכוח, ער

האָט זײַן קראַפט ניִשט אַרויסגעוויזען. און ער טהוט אַ זאָג אונגעצוואונגען:

— נו, עס לוינט ניִשט וועגען דעם מעהר צו רעדען, ערוואַקסענע מענשען קאָן מען ניִשט איִבערציַיגען מיִט אײַניִגע אַרגומענטען. נאָר ווי די מעשה איִז, ווי באַלד אַזאַ מענש ווי לונגע, ווי באַלד אַפילו ער צוויַיפעלט אין דער פאָליִטיק, וואָס ער האָט ביִז איִצט אַליין פערטייַדיגט, איִז דאָס פאַר אונז — וואָס איך פערגלייַך מיִט איהם זענען מיִר ניִשט מעהר ווי קינדער — שוין אַ גענוגענדע סיבה, אַז מיר זאָלען די זאך נאָך אַמאָל אַרומקלערען. איבריגענס האָבען מיך לונגע'ס ראיות איבערראַשט, איך קאָן כמעט ניִשט פערשטעהן, ווי זענען דאָס מיר אַזעלכע אײַנפאַכע זאַכען שוין לאַנג ניִשט אײַנגעפאַלען. זיי זענען, דוכט זיך, אַזוי קלאָר.

דאָ צעלאַכט זיך גאַיבראָ גאַנץ הויך און ניִפּטיִג.

— איך האָב מיך געריכט דערויף! — האָט ער געזאָגט.

— נאָר, איבריגענס, — איך לאָז מיר איבער דאָס רעכט אַליין אַרומצוקלערען נאָך אַמאָל די דאָזיגע ראיות. איך...

— יאָ, בעקלערט זיך, בעקלערט זיך. איך האָב דאָך איין געזאָגט, אַז גראָד דערין ליעגט די גוטע פעהיגקײַט פון געוויִסע מענשען: וואָס זיי ווערען אַזוי געשיִקט צוגעוואוינט צו אַ איִבערציַיגונג, וואָס שייַנט זיי צו זײַן אַ ביִסעל ניִשט ריִכטיִג. אַזאַ ניִשט ריִכטיִגקײַט צוויִנגט זיי ניִשט בלאָס צו ווערען פאַר אויפרעגונג, בערויבט זיי ניִשט זייער שלאָף און אַפּעטיִט. זיי געהען אַרײַן אין די נייַע לאַגע, קוקען זיך אַ ביִסעל אַרום און בלייַבען אין איהר. יאָ!

ביִז איִצט האָבען די מעדליך קיין איין וואָרט ניִשט געזאָגט. שאַרלאָטע קוקט אַ ווײַלע אויף באַנדערסען'ען, דאַן הויבט זי אויך אָן צו לאַכען און זאָגט:

— יאָ, דאָס טאַקי האָט העֶרר גאַיבראָ נעכטען געזאָגט.

נאָר איצט איִז באַנדערסען פּלוצלונג רויט געוואָרען און מיִט ציטערנדיגע ליפען האָט ער אַ זאָג געטהון:

— מיר איִז גאַנץ גלייַכגיִלטיִג, צי האָט העֶרר גאַיבראָ

געזאָגט, אָדער נישט געזאָגט. איך דאַרף דיך נישט צו האָבען אלס עדות'טע, דו הויבסט דאָך גאָרנישט אָן צו פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך.

ווי אונפּאָרזיכטיג, ווי זינגעלאָז! שאַרלאָטע האט דעם קאָפּ איבער דער אַרבייט אַראָבגעבויגען, און עטוואָס שפּעטער, ווען זי האט דעם קאָפּ אויפגעהויבען, האט זי גאָרנישט געזאָגט. זי האט געקוקט אויף באַנדרעסען'ען מיט אַ אונבעשרייבליכען בליק.

— וואָס ווילסטו זאָגען?—האט באַנדרעסען ווייטער געפרעגט מיט היץ.

איצט מישט זיך ארײַן גאַיבראַ, ער מאַכט אַ נאַרישע און בעלעדיגענדע בעמערקונג, וואָס שפּעטער האט ער שטאַרק חרטה געהאַט אויף איהר:

— פריילין וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז איהר דוצט זיך נישט מיט איהר.

באַנדרעסען ווערט אַ ווײַלע פערלעגען, ער זאָגט:—אַ, ענטשולדיגט!—נאָר דאַן הויבט עס אָן אין איהם ווידער צו קאָכען און ער זאָגט אויס דאָס דאָזיגע געהיימניס, פון גרויס הויצינקייט ברעכט ער זיין וואָרט, דעם אָבמאַך, וואָס ער האט בעדאַרפט האַלטען בסוד, און צו גאַיבראַ'ן געווענדט זאָגט ער:

— איבריגענס וויל איך אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז פריילין האט מיך נישט געוואָלט אויף עפּעס אויפמערקזאַם מאַכען, מיר דוצען זיך יאָ.

גאַיבראַ איז געווען איבעררראַשט, ער איז בלאַס געוואָרען, זיך פערנײַגט און זיך ענטשולדיגט. ער האט אַ קוק געטהון אויף שאַרלאָט'ען; דער בליק, וואָס זי האט באַנדרעסען'ען געשענקט, האט אויסגעדריקט אַ גרויסע שמחה. ווי מאָדנע דאָס איז געווען,—זי האט געקוקט אויף איהם פּשוט מיט לייכטענדע אויגען! גאַיבראַ האט דאָס נישט פערשטאַנען. דאָך, דאָס איז נישט זיין זאַך. נאָר זיי האבען זיך געדוצט!

ער האט זיין הוט אין די האַנד גענומען און צו דער טהיר צו. דאָ האט ער זיך ווידער טיעף פערנײַגט, און כמעט שטילערהייה, נישט קוקענדיג אויף קיינעם, האט ער געזאָגט: „אויף ווידער-

זעהן", דאַן איז ער שטיל אַרויס. אַ ביסעל שפּעטער האָט מען איהם געזעהן לויפענדיג איבער דער גאַס, אָהן אַ מאַנטעל, גאַנץ לייכט געקליידט און מיט לאַנגע, צושויבערטע האָר.

באָנדעסען איז געבליבען.

---

## IX.

דאָס איז אמת געוועזען, שאַרלאָטטע און באָנדעסען האָבען זיך געדוצט צווישען זיך, ווען זיי פלעגען אין באָנדעסענס צימער זיין אויף פּאַרקוואַיען, ווען קיינער איז ניט געוועזען מיט זיי. זי איז שוין דאָ פיעל מאָל געוועזען; ווען זיי זענען אַ היים געגאַנגען פון אַרבייטער-פעראיין אין יענעם אָווענד, ווען באָנדעסען האָט פאָלשטענדיג איהר האַרץ בעהערשט, דאַן איז עס צום ערשטען מאָל געשעהן. שפּעטער פלעגען זיי גאַנץ אָפט אַהער קומען אין פערלויף פון הערבסט און ווינטער, פלעגען דאָ בלייבען געוועהנליך אַ שטונדע אָדער צוויי, ווען זיי פלעגען צוריק פאָהרען פון שפּאַציער אויפ'ן וועלאָסיפּעד. און אַז דער ווינטער איז געקומען און אַ שנעע איז געוועזען, פלעגען זיי אין טעאַטער אָדער אין צירק אַוועק, אַבי נאָר דערנאָך, נאָך דער פאָרשטעלונג, צו פערברענגען אַ קורצע צייט אין באָנדעסענ'ס צימער. איהר פלעגט אַזוי היים וועהרען פון געהן, פון דער פרישער לופט, פלעגט זי שטענדיג דעם מאַנטעל אָבשפּילען, ווען זי איז אין צימער אַריין, און באָנדעסען האָט איהר געהאָלפען דערביי. אין אויווען האָט אַ פייער געקנאַקט, און כדי צו מאַבען זיך גאָר בעקוועם פלעגען זיי די לאָמפּ אויסלעשען.

דאָס האָט זיך אַזוי אָפט ווידערהאָלט, אַז באָנדעסענ'ס ערשטע שטאַרקע פערליבטהייט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען פערשוואונדען צו ווערען. ערגער ווי אַלץ איז געוועזען דאָס, וואָס שאַרלאָטטע האָט שוין אָנגעהויבען אַליין צו איהם צו קומען, זיך גאָר ניט שעמענדיג, ווען זי איז אין שטאָדט געגאַנגען איינקויפען. די דאָזיגע אָפענע וויזיטען זענען איהם ניט געפעלען, ער האָט בעסער געוואָלט זי אַליין ברענגען צו פיהרען, אין דער שטיל, אין איינענעם, כדי מיט קיינעם ניט צו טרעפען זיך אויפ'ן וועג

צו'ם דריטען שטאָק. ווען זיי פליגען צו דער טהיר צוגעהן, פלעגט ער זיך שטענדיג זאָרגען זעהר פאָרזיכטיג צו זיין, אַ קוק צו טהון אין דער הויך אויף די טרעפ און זיך צוהערען, צי דאָרט, אין די אויבערשטע עטאַזשען, איז גאַנץ רוהיג. דורך דעם האָט עס יעדעס מאָל אויסגעזעהן ווי אַ קליינע געשעהעניש, ווי אַ פּיקאַנטע אַוואַנטורע. און ווען זיי פלעגען אַזוי בשלום ביז אין זיין צימער דערגעהן און די טהיר פערמאַכט, האָט עס איהם פיעל פערגניגען פערשאַפט דעם אָטעם צו חאַפּען נאָך דער דאָזיגער קליינער אָנשטרענגונג און מיט פיבערהאַפטע הענד איהר מאַנטעל אַבשפּילען. פון דעם אַלעם איז קיין זכר נישט געווען, ווען זי פלעגט פּלוצלונג אין מיטען העלען טאָג אַריינקומען מיט די פעקעלעך אין די הענד, מיט'ן ריח פון די זאַכען, וואָס זי האָט אין די קראָמען איינגעקויפט פאַר איהר מוטערס הויז-ווירטשאַפט. דאָס איז געווען פונקט ווי אַ ווייב, וואָס קומט אַ היים מיט אין אַ פּאַפּיער איינגעוויקעלט פלייש צו מיטאָג. און ווי נישט אַנציהענד עס איז געווען איהר דעם מאַנטעל אַבצושפּילען ביים העלען טאָגליכט פון צוויי פענסטער, אפילו ביי אַ זונענשיין, ווען יעדע מינוט האָט מען זיך געקאָנט ריכטען איפּן ביעף-טרעגער אָדער אַ קאָלעגע, אָדער אפילו אויף דער בעל-הבית'טע, וואָס האָט אין דער פריה געקאָנט פערגעסען איהר באַרשט דעם שטויב אָבצורוימען. ניין, באַנדרעסען'ען איז עס בכלל נישט געפעלען.

ווען ער וואָלט כמעט שוין נישט געווען שאַרלאָטע'ס חתן, וואָלט ער איהר די דאָזיגע וויזיטען פערבאָטען. און זי האָט גאָר נישט בעמערקט, נישט פערשטאַנען, אַז זיין ערשטע היציגע פערליעבעניש איז שוין פערביי, און זי פלעגט אַלץ קומען און קומען. און זי איז שטענדיג געווען גלייך צערטליך און ליעבליך, דאָס זעלבע ווען זי פלעגט אוועקגעהן, ווי בשעת זי פלעגט קומען. אַזאַ בעשטענדיגקייט האָט ער קיינמאָל נישט געזעהן. נאָר ער האָט גאָרנישט געקאָנט העלפען דערצו. וואָס ער האָט זיך שוין מעהר נישט געפיהלט אַזוי גליקליך, ווען זי פלעגט אין זיין צימער אַריינקומען.

ענדרע באַנדרעסען איז געזעסען און געקלערט וועגען דעם

אַלעם, ער האָט עקעל געפֿיהלט צו זיך אַליין און צו אַלעמען.

און דערצו נאָך האָט פֿרעדריק איהם געוויסערמאַסען פֿערפֿיהרט, זיין צוטרויען אָבגענאַרט. ער האָט קיינמאָל נישט געטרוימט צו מאַכען פֿון איהם אויך אַזאַ איבערצייגטען ראַדיקאַל, ווי ער איז אַליין געווען; דערצו האָט פֿרעדריק צו וועניג קרעפֿטען געהאַט. נאָר וויפֿיעל ער האָט זיך נישט בעמיהט, וויפֿיעל ער האָט נישט איינגערעדט, וויפֿיעל ער האָט פֿאַר זיין פֿריינד אין טיש נישט געקלאַפּט, איז יענער דאָך געבליבען דער זעלבער אילען, אַ רעבּיטער, אַ ביוראָקראַט. דעריבער האָט זיך באָנדערסען'ען געוואָלט פֿערלאָזען די אילענס, פֿערפֿיהרען אַנדערע בעקאַנטשאַפֿטען, זיך אַביסעל איבערצוליפֿטערן. עס איז צו שווער געווען אין פֿערלויף פֿון אַזאַ לאַנגער צייט צו זיין דער הויז־פֿריינד פֿון איין און איינציגער פֿאַמיליע. נאָר די אומשטענדען זענען אויסגעקומען געגען איהם, ער האָט געמוזט דאָ בלייבען. דערצו נאָך האָט פֿרעדריק איצט בעקומען אַ שטענדיגע שטעלע אין דער „צייטונג", און באָנדערסען האָט צוליעב דעם געמוזט ווייטער פֿיהרען מיט איהם גוט־פֿריינדשאַפֿט. עס איז קיין צווייפֿעל נישט געווען, אַז ביי איהם אין קאָפּ, ביי באָנדערסען'ען, האָט זיך עפּעס געוועבט, אַז ער האָט זיך געגרייט אָנצושרייבען עפּעס ליעדער, שטימונגען פֿון מעהר ווי אַ מיטעלמעסיגען ווערט; ער האָט שטענדיג געהאַט ברעה געדרוקט צו ווערען דאָס ערשטע מאָל אין דער „צייטונג", אין דעם ראַזיגען אָרגאַן, וואָס אַלץ גרעסערע און גרעסערע מענשען־מאַסען הויבען איהם אָן צו לייענען.

אַלץ איז אויסגעקומען פּונקט קידער־ווידער! ער האָט נאָר וואָס פֿון די אילענס געוואָלט גלייך אַהיים געהן און אַ פּרווו טהון, צי וועט ער נישט קאָנען אָנהויבען די ליעדער צו שרייבען; ער איז געווען אין דער סאַמע פּאַסענדסטער שטימונג. ווען ער איז אין דער פֿריה פֿון בעט אויפֿגעשטאַנען; איצט איז אַלץ פֿערשוואונדען. ס'איז אפֿשר נאַריש געווען זיך צו'ם האַרצען צו נעהמען, נאָך דאָך האָט באָנדערסען דערפֿון געהאַט האַרץ־קלעמעניש. דער דאָזיגער גאָיבראָ האָט איהם אינגאַנצען אויפֿגערעגט מיט זיינע לאַנגע שוין צו שווערפֿעלטיגע ענטפֿערן אויף זיינע בעמערקונגען, און

שאַרלאָטע האָט איהם געצוואונגען פֿאַר אַלעמען זײַערע געהײמע בעציהונגען אויסצוזאָגען. ווען ער וואָלט נאָר נישט אויסגעפּלוי־דערט און איהר „דו“ נישט געזאָגט! איצט זענען זיי נאָך שטאַר־קער געבונדען, און די קייטען האָבען זײַן פֿרײַהייט בערויבט, זײַנע בעוועגונגען געשטערט. ער איז נישט געווען דערצו בעשאַ־פֿען, אַז ער זאָל אין שטענדיגע בעציהונגען שטעהן מיט ווער עס נישט איז, און די פֿערלאָבונג מיט שאַרלאָטע'ן, וואָס ער איז איין מאָל, אין אַ היציגער מינוט, זײַענדיג מיט איהר אַלײן, אַלבערנאַנד, ווירקליך אײַנגעשטימט אויף איהר, האָט איהם נאָר געפּײַניגט אַנשטאָט איהם גליקליך צו מאַכען.

און ווען מאַדאַם אילען איז פֿון קיך געקומען און אָנגעהויבען צו רעדען וועגען זײַטיגען צימער, האָט ער נישט געקאָנט דערפֿרעהען די דאָזיגע וואוילע פֿרוי און גלײַך דעם צימער דינגען.

— עס קאָן זיך טרעפֿען, — האָט מאַדאַם אילען געזאָגט, — אַז נאָכבראָ וועט זיי אין איין שענעם טאָג פֿערלאָזען; זי וועט וועהר נישט גערן זיך שיידען מיט איהם, ער איז געווען אַ אויס־געצייכענטער קוואַרטיראַנט, נאָר ער איז עפּעס אַזאַ מאָדנער מענש געוואָרען. אַז ער וועט זיך אַרויסציהען, וועט דאָס צימער בלײַבען לעדיג.

באַנדרעסענען איז נאָר איין אויגענבליק נויטיג געווען, כדי צו זיך צו קומען. ער האָט געוואוסט, אַז קוים וועט ער זיך אַהער אַריבערציהען, אַזוי וועט ער שוין גאָר די פֿרײַהייט פֿערליערען. זײַנע בעציהונגען צו שאַרלאָטע'ן וועלען גלײַך ענטדעקט ווערען, און דאָס איז שוין אַלץ איינס ווי חתונה האָ־בען. איהם איז אפילו אין קאָפּ נישט אײַנגעפֿאַלען אָבצוזאָגען שאַרלאָט'ען, אין אַזאַ נידריגער זאַך וואָלט איהם קיינער נישט געקאָנט בעשולדיגען, זיי האָבען זיך שוין לאַנג אָבגערעדט, ער האָט איהר אַ וואָרט געגעבען. נאָר אין דער לעצטער צײַט האָט ער גראָד דערפֿיהלט אַ שטרעבונג אַביסעל אַטראַכט צו טהון וועגען דעם, אַרומצוקלערען די דאָזיגע זאַך. אויב אַלץ וועט זיך אויסדרעהען גאָר שלעכט, וועט ער זיך ווידער נעהמען

צו׳ם לעזען און זיך צוגרייטען צו די עקזאמענס.

ביי זיין בעסטען וואונש האט ער נישט געקאנט פערליי־קענען פאר מאדאם אילען, אז ליידער האט ער שוין אבגערונגען דאס צימער אויף פארקוואיען אויף א גאנץ יאהר. איהם טהוט עס זעהר לייד.

דא האט ער דערהערט, אז פרעדריק אין צווייטען צימער איז שוין אויפגעשטאנען, האט ער זיך אויפגעהויבען און איז אריין אהין. אין דעם אויגענבליק איז באנדרעסען מיט אלעם געוועזען אונצופריעדען. עס האט אפילו נישט געהאלפען דאס, וואס מאדאם אילען האט אויך איינגעפונען, אז ס׳איז אביסעל מאדנע, וואס גראד דאס מאל האט ער דאס צימער אבגעדונגען אויף א גאנץ יאהר.

שארלאטע האט איהם נאכגעקוקט אליץ מיט די זעלבע פרעהליכע, צוטרויליכע אויגען. זי איז פלוצלונג געווארען די גליקליכסטע פון אלעמען, אזוי שטארק האט איהר דערפרעהט דאס, וואס באנדרעסען האט פאר אלעמען זייער געהיימנים אויס־געזאגט וועגען דעם דוצען זיך.

זי איז אויפגעשטאנען און באנדרעסענ׳ען אין קארידאר דעריאגט.

— א דאנק! — האט זי געזאגט. — א דאנק!

ער האט זי ארומגענומען. און אט זי האט ער דאס מיט א מינוט צוריק געוואלט אבשטויסען פון זיך! ער האט נישט געוואוסט, וואס איז געוועזען מיט איהם; ער וועט איהר קיינמאל קיין הארץ־קלעמעניש נישט פערשאפען, קיינמאל! ער האט געבעטען ביי איהר ענטשולדיגונג דערפאר, וואס ער האט זיך צעהיצט, און פאר׳ן אוועקגעהן האט ער זיך אנגעבויגען צו איהר אויער און זיך אבגערעדט מיט איהר זיך צו טרעפען אין אוועגד...

פרעדריק איז ארויסגעקומען אין צימער אריין, ער איז געוועזען עטוואס בלאסער ווי געוועהנליך, א ביסעל ערמידעט אין דער לעצטער צייט פון צופיעל אנגעשטרענגטער ארבייט ביי די פאליטישע ארטיקלען. די דאזיגע ארבייט האט איהם

די מעגליכקייט דער לעצטער צו לאכען. ער האט זיך אביסעל איינגעקשנ'ט. נאר צי דען האט ער נישט דאס רעכט געהאט זיך איינצוועקשנ'ען אביסעל, כדי עס זאל איהם לוסטיג ווערען? צי דען מוז מען איהם דאס גלייך אלס זינד אויפווארפען? צי דען איז זיין צייטונג נישט געוועזי דער איינציגער ארגאן, וואס איז ווערט געלייענט צו ווערען? דער „נארוועגער", וואס האט שוין, קאן מען זאגען, געהאלטען א טאג פאר דער פגירה, האט ווידער צבגעזשיפעט און געוואלט לעבען, ער האט אבאנענטען בעקומען און זיך צוגעגרייט צו עקזיסטירען צוזאמען מיט דער „צייטונג"! נו גוט, זאל ער לעבען. טראץ זיינע אלע פעהלערען איז ער דאך אנ'אלטער קאלעגע לויט די איבערצייגונגען, זאל ער לעבען. לונגע וועט איהם קיינמאל נישט מקנא זיין זיינע קבצני־שע ברעקלעך.

ער האט געוואוסט, אז די מעהרהייט אין שטאדט האט געהאלטען פאר איהם, חריסטיאניען האט זיך נישט געקאנט בעגעהן אהן איהם, דא איז ער געוועזן אויף זיין פלאץ, אין זיין היימישען שטעלערעל. און מה רעש, אויב עטליכע פראווינציאלען אדער איינציגע פויערן האבען זיך ענטזאגט פון צו לייענען זיין צייטונג? אנשטאט זיי וועלען קומען נייע לעזער, מענשען, וואס זיין נייע אומגעביטענע ריכטונג איז צוגעפאסט צו זייערע פאליטישע איבערצייגונגען. ער איז שוין שטארקערע קלעפ אויסגעשטאנען.

און ער האט יעדען טאג אויסגעפרעגט לעפארעלא'ן, ווי די שטאדט בעציהט זיך צו דער געשעהעניש: נו, וואס קלערט מען אין שטאדט? וואס זאגט מען אין גראנד?

די שטאדט האט שוין נישט גערעדט נאר וועגען די ארטיקלען וועגען דער אוניאן אליין, לעפארעלא האט חושד געוועזן, אז דער „נארוועגער" האט ווידער פעראינטערעסירט דאס פובליקום מיט זיין מיטטיילונג וועגען דעם זעלבסטמארד פונ'ם קינסטלער דאלבי.

דער דאזיגער זעלבסטמארד האטווירקליך דאס פובליקום פעראינטערעסירט. דאלבי איז געוועזן א יונגער מאן, שטארק בעקאנט צווישען די מאלער. ער האט נאך קיים געענדיגט די

מיטעל־שולע, האָט ער שוין אָבגעדרוקט זײַנע א ליעדער־זאַמלונג, — אזוי ענטוויקעלט און טאַלאַנטפֿול איז ער געווען. אז ער איז אין חריסטיאַניען געקומען, האָט ער גאָר אין גיכען בעקאַנט געמאַכט זײַן נאָמען דורך אײניגע נישט גרויסע סקאַנדאַלען, און א ביסעל שפּעטער האָט ער אויך אַרויסגעשטעלט אײניגע בילדער בײַ בלאָמ־קוויסט'ן. און פּלוצלונג האָט דער דאָזיגער מעגש גענומען און זיך דערשאָסען. א מיטאַרבײַטער פֿון „נאָרוועגער" האָט צופֿעליג געהערט דעם שאָס און ער האָט דער ערשטער מיטגעטײלט די דאָזיגע טרויעריגע נאַכריכט, טרוקען און בעשײדען, אָהן אויסשרײַע און געשרײַען, ווי דער „נאָרוועגער" איז שטענדיג געוואָהנט געווען. די דאָזיגע צײַטונג האָט אויך אויסגעדריקט איהר סימ־פּאַטיע דעם יונגען מאַן, וואָס עפּעס א אונגליק האָט איהם צום טויט דערפֿיהרט. קײן אַנדערע צײַטונגען האָבען וועגען דער געשעהעניש נישט געוואוסט, ביז מען האָט עס נישט איבערגעלײענט אין „נאָרוועגער", — וואו איז געווען די „צײַטונג", וואו, צו'ם טײַוועל, איז זי געווען? איצט האָט זי פֿערשלאָפֿען א לײַט־אַרטי־קעל פֿון גוואַלדיגער בעדײַטונג, אויף דער ערשטער זײַט. און לונגע'ן האָט עס נאָך פֿערדראָסען מעהר, ווי ער האָט זיך געוואָלט מודה זײַן, פֿאַרוואָס אזא פּעט שטיקעל איז איהם פֿון די הענד אַרויס.

נאָר וואָס האָט די שטאָדט געזאָגט? צי האָט מען געהאַלטען פֿאַר'ן קינסטלער?

איך ווײס נישט לעפּאַרעלאָ האָט געקאָנט דערגעהן, האָט די שטאָדט נישט שטאַרק בעדויערט דעם טויט פֿון דעם דאָזיגען יונגען מאַן. פֿיעל האָבען בכלל געצווייפֿעלט אין זײַן טאַלענט, אויסער דעם האָט ער האַלב קאָמפּראָמיטירט אײַן יונגע דאַמע מיט א בעקאַנטען נאָמען.

ערשט האָט זיך לונגע א נעהם געטהון פֿאַר דער פֿעדער. נײַן, „דער נאָרוועגער" וועט נישט האָבען קײן נחת פֿון דער דאָזיגער געשיכטע, וועלכע איז איהם אין די הענד אַרײַנגעפֿאַלען אָהן א שום מיה. ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו פֿערטײדיגען די שטימע פֿון דער עפֿענטליכער מײנונג, געזאָגט, אז דער דאָזי־

גער זעלבסטמאָרד זעהט אוים כמעט ווי לעבערליך, אַזוי אונגעלומפּערט און אונזיניג איז ער, און ער וואָלט דער פּאָליציי געראַטען קלאָר צו מאַכען, צי האָבען די איבעריגע יונגלעך, די חברים פון געשטאָרבענעם, דעם דאָזיגען קינד נישט געקאָנט שטערען זיך דאָס לעבען צו נעהמען. אַזעלכע זאַכען דאַרפען נישט פּאָרקומען אין אַ געזעלשאַפט מיט אַ ציוויליזאַציע און מאָראַל, מען מוז קעמפּפען דערמיט, וואָס די יונגע לייט האַפּען זיך צום רעוואָלווער, אויב די זופּ ביי מיטאָג איז קאַלט געוואָרען.

און אין דעם אויגענבליק איז לונגע ווידער געוועזען אויפגערעגט, דורכגעדרונגען מיט מיטלייד צו דער עפענטליכער מיינונג און צו דער געזעלשאַפט, וואָס האָט אַזוי פיעל געמוזט אויסשטעהן. ער האָט אַריינגעלעגט זעהר פיעל אויפריכטיגע איבערציינגונג אין די דאָזיגע שורות און אַליין איינגעפונען, אַז זיי זענען פּראַכטפול. מענשען וועלען ווידער איבעראַשט זיין פון זיין אונפערגלייכבאַרער פעהיגקייט, שנעל און ריכטיג אויפצוחאַפּען די מיינונג פון פּובליקום וועגען יעדער אַנגעלעגענהייט. אונגעלומפּערט, — יאָ ריכטיג, אונגעלומפּערט און לעכערליך! אין אמת'ען, צו וואָס האָט אַזאַ יונגער מאַן געדאַרפט זיך דאָס לעבען נעהמען?

ווען אילען איז אין רעדאַקציע פון דער „צייטונג" אַריינגעקומען, האָט ער דערהערט אַ הויך געשפּרעך פון רעדאַקטאָרס צימער, און דער סעקרעטאַר האָט געזאָגט לאַכענדיג:

— ער גיט דאָרט אָב איינע פון זיינע פריינדינען!

עטוואָס שפּעטער איז פון לונגע'ס צימער אַרויסגעגאַנגען אַ דאַמע מיט אַלע סימנים פון שטאַרקער גייסטיגער אויפרעגונג. זי איז געוועזען דיק און פעט, מיט אַ אונגעוועהנליך ווייסער הויט און בלויע אויגען. דאָס איז געוועזען מאַדאַם ל., אַ געבוירענע פון בערגען, וועלכע מען האָט איבערגערופען קאַמבאַלאַ, ווייל זי איז געוועזען פעט און געהאַט אַ ווייסע הויט.

מיט פערנייגונגען בעגלייט זי לונגע צו דער טהיר, ער האַלט זיך גאָך הייפליך, בעט זי זאָגאַר אָבצוטרעטען צו איהם אַ מאָל, נאָר ער ווייס, אַז נאָך דער דאָזיגער ערקלערונג וועט זי שוין מעהר קיינמאָל נישט קומען. זיי האָבען שוין נישט געקאָנט

צוריק שלום ווערען, לונגע'ס לײַכטזיניגקײַט און אונבעשטענדיגקײַט האָבען איהר צופיעל לײדען פֿערשאַפֿט. און ער ווידער פֿון זײַן זײַט האָט אונגעדולדיג געוואַרט אויף די דאָזיגע צעשײדונג. איצט איז אַ דאַנק גאָט אַ סוף. די דאָזיגע עלטערע דאַמען, וואָס דער שיקזאַל פֿלעגט איהם שטענדיג בעשענקען, האָבען כלל נישט פֿערשטאַנען, וויפיעל אונאַנגענעהמהײַטען זײ פֿערשאַפֿען אַ מענשען דערמיט, וואָס זײ ווילען איהם פֿון זײערע הענד נישט אַרויסלאָזען. קאַמבאַלאַ האָט איהם זאָגאַר פֿאָרגעוואָרפֿען, אַז ער האָט נישט געהאַלטען זײַנע צוזאָגען, אַז ער האָט זיך ניעדערטרעכטיג אויפֿגעפֿיהרט, אַז ער האָט ליגען געזאָגט. נאָר די פֿיעל-יעהריגע זשורנאַליסטען-טעטיגקײַט האָט איהם אויסגעלערנט צו פֿערטראָגען אַלערלײ אונאַנגענעהמהײַטען, זײַן ווילענס-קראַפֿט איז אַזוי גרויס געווען, אַז ער האָט אפילו די אויגען נישט אַראָבגעלאָזט, ווען זי האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער האָט זײַנע טרײַהײַט און צוזאָגען צעשטערט. אַזוי גרויס איז זײַן ווילענסקראַפֿט געווען.

נאָר צי דען וועט איהם נישט געלינגען צו בעזיעגען אַ הארץ, וואָס קײן אַנדערער האָט נישט געקאָנט בעזיעגען, אַ יונג, בליהענד מעדעל, וואָס זאָל בעסער איהם וועלען ווי יעדען אַנדערען. — צי דען וועט דאָס איהם קײנמאָל נישט געלינגען? פֿאַרוואָס נישט? ער איז אַלט 40 יאָהר, נאָר ער איז נאָך געבליבען ווי אַ יונגער בחור, דערצו נאָך איז ער אימשטאַנד געווען רויט צו מאַכען שאַרלאָטע אילען מיט זײַן אײן בליק, דאָס איז אייך ריכטיג, ווי דאָס, אַז ער הײסט לונגע!

דערבײַ האָט ער זיך דערמאָהנט אָן פֿרעדריק'ן, איהר ברודער, וואָס ער האָט איהם אין די „צײַטונג" צוגענומען, און וואָס איצט האָט ער געוואָלט פֿון איהם פּטור ווערען. און לונגע איז ווידער געוואָרען דער רעדאַקטאָר, דער גרויסער זשורנאַליסט, וואָס האָט אַרויסגעגעבען די סאַמע פֿערשפרײטסטע צײַטונג אין לאַנד. ער האָט די טהיר געעפֿענט און אַרויסגעקוקט, — יאָ, אילען איז אויף זײַן פּלאַץ געזעסען. לונגע האָט שוין נישט געוואוסט צו וואָס קאָן איהם דער דאָזיגער מענש טויגען. די הוצאות פֿון דער צײַטונג זענען זעהר גרויס, און אילען איז שוין קײן נאַאיװנע

ניט געווען און ממילא נישט אזוי אינטערעסאנט; דאס פובליקום האט שוין אויפגעהערט צו טרעפען מיט פערוואונדערונג זיין אריסטאקראטישען נאמען אין לונגע'ס ציימונג. און וואס ווייטער? נאטירליך, נישט פון זיין טובה וועגען אליין האט ער איהם געמאכט פאר א מיטארבייטער פון דער „ציימונג", און דעריבער דארף מען איהם נישט אזא גרויסע בעדייטונג געבען. נו, און די צעהנדליגער אבאנענטען פון צווישען די בעסטע פארשטעהער פון די לינקע, וואס האבען די „ציימונג" פערלאזט און זענען צו'ם „נארוועגער" אריבער, צי דען איז דאס גארנישט, א נארישקייט?

איבריגענס האט לונגע אין קיין פאל נישט געקאנט פערשטעהן די מענשען, וואס האבען געלייענט דעם „נארוועגער", די דאזיגע פערגליווערטע שטיק חלב, וואס האט קיין איין געשיקטען קלאפ נישט געקאנט געבען אדער ארונטערייסען עפעס א אגענט, אפילו ווען פון דעם וואלט זיך זיין לעבען געווענדט. ער האט זיין קאלעגע לויט איבערציינגונגען אל'דאס גוטס געוואונשען, נאר יענער האט איהם דעם וועג פערשטעלט, נישט געלאזט איהם זיך צו ענטוויקלען אזוי, ווי ער וואלט געוואלט. זיין פרינציפ איז געווען צו מאכען די ציימונג אונבעדינגט אינטערעסאנט, און דער „נארוועגער" האט דעם דאזיגען פרינציפ צעשטערט מיט זיין אונערטרעגליכער פאליטישער עקשנות.

פלוצלונג שיקט לונגע נאכ'ן געשעפטס-פיהרער.

עס קומט אריין א ניעדריגער, שווארץ-בערדיגער און מאגערער העדר. ער האט א קליינעם חלק אין דער ציימונג און איז איהר איבערגעגעבען מיט לייב און זעלע.

לונגע האט געהערט, אז די אבאנענטען האבען זיי אנגעהויבען צו פערלאזען?

יא, זיי זענען, דוכט זיך, צו'ם „נארוועגער" אריבער.

לונגע קלערט. דער קליינער געשעפטס-פיהרער קלערט אויך.

— דער „נארוועגער" האט מודעות פון די דאמפפשיף-געזעלשאפטען, — זאגט ער.

— אַזוי גאָר, ער האָט זיי? — ענטפֿערט לונגע מיט אַ פֿרעגענדען טאָן.

— יאָ, דער „נאַרוועגער" האָט אויך מודעות וועגען די קאַנאַלען און פֿרעדריקסהאַל.

— יאָ — ענטפֿערט לונגע פֿלוצלונג. — דאָס האָט ער אייגענטליך נישט בעדאַרפֿט צו האָבען. לויט יושר דאַרף מען דאָך דרוקען די מודעות אין דעם סאַמע פֿערשפּרייטעטען אָרגאַן, און דער סאַמע פֿערשפּרייטעסטער אָרגאַן איז די „צייטונג".

נאַטירליך איז לונגע גאַנץ ווייט פֿון צו ווינשען שלעכטס זיין קאָלעגע לויט איבערצייגונגען; נאָר דער דאָזיגער קאָלעגע לויט איבערצייגונגען שטיצט איהם שוין מעהר נישט אין דער אַלטער פּאָליטיק פֿון די לינקע, פֿערקעהרט, ער שטערט די טעטיגקייט פֿון דער „צייטונג". דעריבער איז ער געצוואונגען צו קעמפֿען מיט איהם, דאָס איז אַ פּרינציפּיעלע פֿראַגע.

זיי האָבען אַביסעל געשמועסט וועגען די אַוועקגעגאַנגענע אַבאָנענטען. לונגע האָט זיך דערוואוסט זייער צאָהל, צווישען זיי זענען געווען פֿיעל בעקאַנטע ליבעראַלען. פֿיעל האָבען אָפֿען אָנגעוויזען אויף די אַרטיקלען וועגען דער אוניאָן, אַז זיי זענען דאָס די סבה, פֿאַרוואָס זיי ענטזאָגען זיך פֿון דער צייטונג.

ווען דער געשעפֿטס-פֿיהרער איז אַוועק, איז אין זיין קליין חיטרער קעפּעל פֿאַרטיג געווען אַ דרייסטער פּלאַן.

---

X.

אין דרויסען הערשט אַ שנעע-שטורם. דער שלאָסבאַרג איז איינגעהילט אין אַ נעבעל. אַלע שטימען, אַלע קלאַנגען, דאָס קלאַפּען פֿון קאָפּיטעס, דאָס קלינגען פֿון די גלעקלעך ווערען פֿערזונקען און פֿערטויבט אין שנעע. די לאַטערנעס ברענען, נאָר לייכטען נישט. און מענשען געהען איבער'ן שטאָדט מיט אויפֿגעשטעלטע קאָלנערס און אויפֿגעהויבענע אַקסלען, איילען אהיים.

אָוונד. לעאָ גאַיבראַ געהט אין שנעע אויפ'ן שלאָסבאַרג, אויסגעגלייכט און פֿיהלט גאַרנישט, ווי אַ בער. ער איז נאָך אַלץ

אָהן אַ מאַנטעל און טראָגט נישט קיין הענדשקעס; נאָר טײַלמאָל ווען זײַן לינקער אויער ווערט מיט שנעע אָנגעפֿילט, רײַניגט ער איהם האַסטיג אויס מיט זײַנע רויטע וואַרעמע הענד און געהט ווײַטער, אָהן אײַלעניש.

גאַיבראַ געהט פֿון באַנק אַהיים. ער איז שוין אַרויס אויף פֿאַרקוואַיען, אַז איין מהיר גיעט זיך האַסטיג אַ עפֿען אויף, עפּעס אַ דאַמע לויפֿט אַרויס אויפֿ'ן גאַס, און די מהיר פֿערמאַכט זיך פֿאָרזיכטיג הינטער איהר. די דאַמע בעמערקט איהם און וויל פֿערשוואונדען ווערען, נאָר ס'איז שוין צו שפּעט, זיי שטעהען פּלוצלונג פּנים אל פּנים. ער דערקענט זי גלײַך, דאָס איז שאַרלאָטע, און ער בעגריסט זי.

צי דען שפּאַציערט פֿרײַלין אין אַזאַ וועטער!

איהר איז שרעקליך און זי שעמט זיך; ער מוז עפּעס חושד זײַן. ווענינער ווי אַלץ וואָלט זי געוואָלט זיך טרעפֿען מיט גאַיבראַ'ן, ווען זי איז פֿון באַנדעסען'ס מהיר אַרויס. ס'איז אַ גליק געווען, וואָס די לאַטערנעס האָבען אַזוי שוואַך געלויכטען, ווען ניט דאָס וואָלט ער באַלד בעמערקט איהר פֿערלעגענהייט.

זי האָט געענטפֿערט אַ פּאָר ווערטער, אַז זי האָט צוליעב עפּעס געמוזט זײַן אין שטאָדט און האָט זיך ליידער פֿערשפּעטיגט.

נאָר גאַיבראַ האָט גערעדט אַזוי רײַנהערציג און גלײַכגילטיג, אַז זי האָט זיך אויך באַלד בערוהיגט. ער האָט איהר גאַנץ צופֿעליג דערצעהלט איין קליינע סצענע, וואָס האָט זיך פּאַסירט בשעת מען האָט געעפֿענט דעם סטאָרטינג, וואו ער איז דעמאָלט געווען, און די דאָזיגע סצענע איז אַזוי קאָמיש געווען, אַז זי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. זי איז גליקליך געווען, וואָס ער האָט זי אין קיין זאַך נישט חושד געווען; ניין, ער האָט געוויס קיין זאַך נישט געקלערט, אויב ער איז אַזוי רוהיג געווען.

זיי געהען געגען שטורם און עס קומט זיי שווער אָן פֿאָרווערטס צו קומען.

— איך ווייס נישט, צי דאַרף איך אײַך מײַן האַנד פֿאָרלעגען, — האָט ער געזאָגט. נאָר דאַן וועט אײַך אפשר לײַכטער זײַן צו געהן.

— א דאנק! — האָט זי געזאָגט, און איהם אונטער'ן האַנד גענומען.

— דערצו נאָך זעהט אונז קיינער נישט, — האָט ער דאַן געזאָגט.

דערויף האָט זי גאָרנישט געענטפערט. ווייס גאָט, וואָס ער האָט געמיינט!

— ס'איז וואונדערבאַר, ווי זעלטען מיר זעהען זיך איצט, — האָט זי געזאָגט.

און ער האָט ווידער געענטפערט, ווי פיעל מאָל פריהער, אַז די אַרבייט, נאָר די אַרבייט, אַ עקסטרא נאַכט-אַרבייט נעהמט איהם צו די גאַנצע צייט.

ער האָט געזאָגט דעם אמת. אין די לאַנגע אָווענדען, ווען ער איז אַליין אין זיין צימער געזעסען, האָט גאָיבראָ האַלב פערענדיגט אַ נישט גרויסע אַרבייט, אַ מין פילאָזאָפיש-פּאָליטישע בראָשורע, וואָס אין איהר האָט ער געשילדערט די אידעאַלע שטרעבונגען פון די לינקע צו אַ פאָלשטענדיגער גלייכהייט אין דער אוניאָן און גלייכצייטיג איז ער היציג בעפאַלען אויפ'ן רעדאַקטאָר לונגע און די טעטיגקייט פון דער „ציימונג". גאָיבראָ האָט ווירקליך שטיל און זאַכט געאַרבייט איבער דאָס דאָזיגע בוך, מאַדאַם אילען האָט זאָגאַר בעמערקט, אַז ער האָט געאַרבייט שפּעט בייַנאַכט און האָט אויסגעברענט אַלץ מעהר און מעהר פּאַראַפין אין לאָמפּ.

נאָר שאַרלאָטע האָט גאָרנישט געוואוסט וועגען די דאָזיגע נאַכט-אַרבייט, זי האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— שטענדיג די דאָזיגע אַרבייט! ווען איך וואָלט אייך נאָר געקאָנט גלויבען!

אַזוי גאָר, זי גלויבט דאָס נישט?

ניין, זאָל ער ענטשולדיגען, נאָר...

אויב אַזוי וועט ער איהר געבען אַ בעוויַיז, ווי נאָר ער וועט אַהיים קומען. אויב זי וועט וועלען.

זיי האָבען ביידע געלאַכט און געגאַנגען געאָרעמט. ווען דער ווינד האָט איהר קלייד פאַנאַנדערגעבלאָזען, האָט זי זיך כמעט

אינגאנצען אבגעשטעלט, איהר איז שווער געווארען צו געהן און זי האט זיך פעסטער אן איהם אנגעהאלטען. ווי וואונדערבאר דאס איז געוועזען, זי איז כמעט נישט אימשטאנד געווען פון ארט זיך צו ריהרען! ער האט זיך צעהיצט און ער איז שווייגענדיג געווארען פאר גליק, וואס ער האט איהר מיט זיין שטארקער האנד געקאנט העלפען ווייטער צו געהן.

— אייך איז קאלט? — האט ער געפרעגט.

— ניין, איצט נישט, — האט זי געענטפערט. — און אייך איז קאלט?

— מיר? ניין!

— נאר אייער האנד ציטערט.

נו, איז וואס אז זיין האנד ציטערט? צי דען האט ער פאר קעלט געציטערט, ווערענד ער האט דאס היטעל אליין מעהר און מעהר געמוזט ארויפרוקען פאר היסקייט? ער האט זיך פלוצלונג דערמאהנט, אז זי איז באנדרעסענ'ס כלה, זי איז פערלאבט מיט אנ'אנדערען; ער האט דעריבער געענטפערט:

— אויב מיין האנד ציטערט, איז עס נישט פון קעלט.

זי איז געוועזען מיעד געווארען, אויב אזוי קאן מען די האנד איבערבייטען.

ער איז איבערגעגאנגען אויף איהר רעכטע זייט און איהר פארגעלעגט די אנדערע האנד.

דאן האבען זיי זיך ווייטער געלאזט געהן געגען דעם שטורם.

— נאר ווי קאנט איהר זיך בעגעהן אהן מאנטעל? — האט זי געזאגט.

— אויב איך בין זיך דעם גאנצען ווינטער ביז איצט בעגאנגען, וועל איך איהם שוין אין גיכען אינגאנצען נישט דארפען — האט ער געענטפערט. — אין צוויי מאנאטען ארום וועט שוין זיין פריהלינג.

איין גאט ווייס, מיט וואס פאר א אונגעדולד נאיברא האט געווארט אויפ'ן פריהלינג. דער דאזיגער ווינטער איז געוועזען אין זיין לעבען דער סאמע לענגסטער. פול ליידען און פינסטערע

טעג. ביטאג איז ער אין באנק הינטער זיין פולט געשטאנען און געארבייט מיט שטענדיגער שרעק, אז אט וועלען זיינע פאלשע אונטערשריפטען ענטדעקט ווערען. ס'איז גענוג געווען, דער דירעקטאר זאל איהם איין ווארט זאגען, איהם עפעס פרעגען, און גאיבערא האט שוין געציטערט, איבערציינגט, אז אט וועט עס איצט געשעהן, זיין פערברעכען וועט ענטדעקט ווערען. צייטענווייז איז ער שוין גרייט געווען מיט פערצווייפלונג זיך מודה צו זיין כדי א סוף צו מאכען דערמיט; נאר ווען דער דירעקטאר איז אריינגעקומען און ער האט געזעהן דעם דאזיגען כבוד'יגען מענשען, וואס האט איהם געשענקט דעם גרעסטען צוטרויען אין פערלויף פון פיעל יאהרען, איז ער געבליבען שווייגענדיג, שטום ווי א שטיין. און טעג זענען נאך טעג פערביי און צו זיינע גרויסע ליידען האט קיין סוף נישט גענומען.

און אזוי האט ער געלעבט טאג איין טאג אוים.

און אין אווענד, ווען ער פלעגט א היים קומען, האט ער געליטען פון א נייען שמערץ. ער האט געוואהנט צוזאמען מיט דער פאמיליע אילען, זיין האפנונגסלאזע נייגינג צו שארלאטע האט העל אויפגעפלאמט, ער פלעגט הערען איהרע טריט אין צימער, איהר שטימע, ווען זי האט גערעדט אדער געזונגען, און יעדעס מאל האבען זיך אין זיין בלוט פאנאנדערגעגאסען קלאנגען פון א פייערדיגער פלייט. דאס איז געווען פיינליך אין שען, אונרוהיג, פול אויפרעגונג, ער האט ביי דער וואנד זיך צוגעהערט, דעם אטעם איינגעהאלטען און זיך צוגעהערט, געפרובט טרעפען, וואס זי טהוט גראד אין דעם איגענבליק, געציטערט פאר פריידיגער שרעק, ווען זי איז אין קארידאר פאר זיין טהיר פערביי. אפשר וועט זי באלד אריינקומען, ווער ווייס, זי קאן אפשר עפעס דארפען צו איהם. און דאך איז זי קיינמאל נישט געווען ביי איהם, קיינמאל.

ניין, ער וואלט שוין לאנג אוועק פון זיי, זיך איבערגעצויגען ווייט, אויפ'ן צווייטען עק שטאדט, ווען ער וואלט געהאט די מיטלען דערצו. נאר כל זמן מאדאם אילען וועט איהם דעם חוב נישט בעצאהלען, אט די הונדערט פונפציג קראנען, קאם

ער אין ערגיץ נישט אַוועק. מיט זײַנע לעצטע פּרוטות, און דערצו נאָך האָט ער פֿערזעצט דעם זייגער און דעם מאַנטעל, האָט ער דעם לעצטען מאָנאַט אין באַנק אויך אײַנגעצאָהלט די ראַטע, נאָר איצט איז איהם שוין מעהר גאָרנישט געבליבען, קיין פּרוטה. אַ דאַנק גאָט, צו'ם קינפֿטיגען טערמין, ווען ער וועט דאַרפֿען אין באַנק די ראַטע צאָהלען, בלייבט נאָר נאָך איין מיטעל: מאַדאַם אילען האָט איהם אַליין איין מאָל געזאָגט, אַז פֿרעדריק פֿערדיענט איצט גאַנץ גוט, וועט זי איהם דעם חוב בעצאָהלען אין מיטען פֿון קינפֿטיגען מאָנאַט. דאַן וועט ער שוין קאָנען דעם גאַנצען חוב בעצאָהלען, און זיין געפֿעהרליכער שווינדעל מיט די אונטערגעשריבענע נעמען וועט אויף אייביג בעגראָבען און פֿערגעסען ווערען, און דאַן וועט אָנקומען פֿריהלינג, מיט העלע טעג און ליכטיגע, שטילע נעכט. גאָט, ווי ער וועט דאַן גליקליך זיין!

— מיר זענען שוין באַלד אין דער היים — האָט שאַרלאָטע פּלוצלונג געזאָגט.

— יאָ.

זי האָט אַ קוק געטהון אויף איהם. נאָר נישט געקאָנט זיין געזיכט בעטראַכטען. ער האָט דאָס דאָזיגע „יאָ“ אַרויסגעזאָגט אַזוי מאָדנע, כמעט טרויעריג, כמעט קלאַנגלאָז. זי האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— איך וואָלט, ווייזט אויס, גאָרנישט געהאַט אַוועקצוגעהן ווייט אין פֿעלד ביינאַכט?

— יאָ, ווען איהר וואָלט געווען מיט מיר, — האָט ער געענטפֿערט, נישט בעקלערענדיג זיך. דאַן האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין ענטפֿער, געמאַכט צוויי דריי צו שנעלע טריט פֿאָרווערטס און געזאָגט קורץ און שאַרף: — נאַרישקייטען! וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייטען איך פּלוידער! נו, אָט זענען מיר שוין אין דער היים.

ער האָט געעפֿענט די טהיר און איז איהר נאָכגעגאַנגען אויף די טרעפּ.

אין קאָרידאָר איז ארויסגעגאנגען מאדאם אילען אליין, די טהיר צו עפענען.

— נאַט, שאַרלאָטע, וואו ביזטו געוועזען אזוי לאנג? — האט זי געזאָגט שטארק אונצופריעדען.

גאַיבראַ איז פּלוצלונג צוגעגאנגען צו איהר, ער האט אַ לאַך געטהון און געזאָגט:

— יאָ, איהר מוזט אונז ענטשולדיגען, מיר האָבען שפּאַציערט, — פריילין שאַרלאָטע און איך, מיר האָבען שפּאַציערט.

און מאדאם אילען האט די הענד פערבראָכען, — הער נאָר עפּעס, אַ שען וועטער אויסגעקליבען אויף צו שפּאַציערען.

גאַיבראַ האט מעהר גאָרנישט געזאָגט, שאַרלאָטע האט אַ קוק געטהון אויף איהם פון דער זייט. צי דען האט ער פערשטאַנען, וואו זי איז געוועזען, און געוואָלט די מאדאם אילען אָבנארען? וועגען אַנרוב וואָלט זיך פאר איהר געעפענט, וואָלט זי איינגעזונקען.

נאָר מאדאם אילען האט אַ סוף געמאַכט צו דער פערלעגענהייט, זי האט די טהיר אין צימער געעפענט און זיי געצוואונגען אריינצוגעהן מיט'ן שנעע, וואס האט זיי בעדעקט. גאַיבראַ האט קיין מאנטעל נישט געטראָגען, נאָר מען האט איהם מיט'ן גאַנצען שנעע אין צימער אריינגעשטופּט. יאָ, יאָ, גלייך אין צימער אריין, — וועה, עס ווייזט זיך נאָר ארויס, אז זיי האָבען געסט, איצט מוז ער שוין האָטש איין מאָל אויף אַנ'אמת העפליך זיין.

אַ יונגע וואונדערשענע דאַמע איז אויף דער סאָפע געזעסען. זי האט פּשוט אָבגעטרעטען צו די אילענס געהעריג פון שטאָרט. זי האט געוואָהנט נאָך ווייטער, אין הענגדערהייגען. זי האט זיך געוואָלט זעהן מיט שאַרלאָטען. איהר שטערן איז געווען צו שטארק ווייס, און די אויגען גרינליבע און גלאַנצענדיגע. אייפ'ן האַלז האט זי געטראָגען אַ שווארצען סאַמעטענעם באַנד, גאָר ווי ביי אַ קינד.

גאַיבראַ האט זיך גלייך בערוהיגט און אויסגעצייכענט די דאַמען פערווייַלט. ער איז ביסלעכווייז לעבענדיגער געוואָרען, געפונען פיעל, וועגען וואס צו רעדען און זיך בכלל ארויסגעוויזען

פון א נייער זייט. אי שארלאטע אי סאפיע זענען געווען פערוואונ-
דערט צו זעהן אזא ענדערונג אין איהם. ער האט אליין געוואוסט,
פארוואס ער האט לוסטיג געשטיפט, ער מוז מאכען, דער יונ-
גער דאמע זאל נישט זיין לאנגווייליג. מען מוז זי שטארק פער-
אינטערעסירען. ביז איצט האט ער ליידער ארויסגעוויזען צו
פיעל אויפמערקזאמקייט צו שארלאטע'ן, היינט אווענד טאר זיך
ביי קיינעם קיין חשד נישט ערוועקען בנוגע צו איהם, ער מוז זיך
קאנען בעהערשען.

שארלאטע האט אפט אויף איהם בליקען געווארפען. פון
דער קעלט אויפ'ן גאס האט זיין געזיכט א שטארקע רויטקייט
בעקומען, ער האט געשיינט, געדערדט זעהר שען. ענדליך האט
זי איהם דערמאהנט, אז ער האט איהר צוגעזאגט געוויסע בעוויי-
זען, צי קאן זי נישט א קוק טהון אויף זיי?

יא, ער וועט זיי אויגענבליקליך ברענגען.

און ער איז אויפגעשטאנען.

און אפשר קאן זי מיטגעהן מיט איהם? שארלאטע האט
זיך אויך אויפגעהויבען. דאן וועט ער זיך ווייטער דארפען
מטריח זיין?

— ניין, — האט ער קורץ געזאגט.

זי האט זיך ווידער שטיל געזעצט.

גאיברא איז שוין הינטער דער טהיר געווען. וואס איז איהר
געשעהן? היינט אווענד האט זי געוואלט אריינגעהן צו איהם,
רעדען מיט איהם, וואס זאל דאס בעדייטען? יא, יא, ער האט
גוט געוואוסט, אז היינט האט ער איהר נישט געשטערט, זיין הארץ
איז איצט געווען רוהיג.

ער איז צוריקגעקומען מיט זיין בראשורע, אויפגעוויקעלט
די פערשריבענע בלעטלעך אויף דער האנד און געזאגט:

— אט דאס זענען עס די בעווייזען, דאס איז א קליינע נאכט-
ארבייט. חא-חא, אייך דוכט זיך נישט געוויס, אז דאס איז א
גרויסע? ניין, איך בין ניש געוועהנט צו שרייבען, איך קלער צו
פיעל, דעריבער געהט די ארבייט אזוי פאמעלעך. נאר איך בע-
שעפטיג מיך ווירקליך ביינאכט דערמיט.

סאָפיע האָט געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס? יאָ, נאָר וואָס איז דאָס אַזוינס?

— ווי זאָל איך עס אייך אָנרופען? — האָט ער געענט־פערט. — אַ פּאָליטיש ווערק, ווירקליך, אַ קליינע וואָרנונג, אַ טרו־מייטען־בלאָז, ווי פיעל די כחות ערלויבען.

— נו, אַלענפאַלס וואָלט עס אינטערעסאַנט געווען איבער־צולייענען.

— ניין, ניין, — האָט ער געזאָגט. — איין גאָט ווייס, צי עס וועט נאָך בכלל עפּעס אַרויסקומען דערפון. נאָר ער וויל פער־ענדיגען די אַרבייט.

— איך בין זיכער, אַז זי וועט זיין גוט, — האָט שאַרלאָטע שטיל געזאָגט.

פון וואַנען האָט זי דאָס געקאָנט וויסען? ער איז רויט גע־וואָרען, ער איז געווען ממש גערירט, געזאָגט אַ דאַנק, מיט אַ געשיקטען שמייכעל, און האָט זיך ווידער געווענדעט צו דער יונגער דאַמע אויף דער סאָפע. דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבען דערצעהלען פון דער שטעלע, וואו ער איז שטעהן געבליבען, ווען מען האָט איהם איבערגעשלאָגען, די דאָזיגע אַוואַנטורע אויף דער יאַגד, וואָס ער האָט אָנגעהויבען; די דאַמע האָט געזאָגט, אַז זי האָט שוין דערפיהלט אין צימער דעם ריח פון פיכטענבוימער. זי איז אויך געווען פון דער פּראָווינץ און נאָר דאָס לעצטע יאָהר האָט זי געלעבט אין חריסטיאַניען, זי האָט דעריבער אַזוי אויפריכ־טיג געקאָנט מיטפיהלען זיין שמחה ביי׳ם דערזעהען וועלדער און פעלדער אונטער אַ פרייען הימעל...

זי האָט גערעדט מיט אַ ווייכער, עטוואָס שוואַכער שטימע.

דאַן האָבען זיך דערהערט טריט אין קאָרידאָר, פרעדריק איז אַ היים געקומען.

פרעדריק איז נישט געווען אין קיין גוטער לוינע. פון זינט דער סטאָרטינג האָט זיך געעפענט, האָבען זיינע געשעפטען אָנגעהויבען נאָך ערגער צו געהן, איצט האָט שוין גאָר קיין רעד נישט געקאָנט זיין וועגען דרוקען אין דער „ציימונג" חאָטש אַ קליין שטיקעלע פון זיין וויסענשאַפט. די „ציימונג" איז ווידער געווען אַ ריין־פּאָליטישער

אָרגאַן, מיט לייט־אַרטיקלען וועגען אַלע וויכטיגע פראַגען און מיט די שטאַרקסטע אָנפאַלען אויף די רעגירונג טאָג טעגליך.

דאָס דאָזיגע מיניסטעריום, וואָס האָט אַזוי געלונגען אָנגעהויבען, וואָס האָט געהאַט אַלס אָנפיהרער אַ פערגעטערטען פאָלקס־העלד, האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר געוואַקעלט. עס וועט זיך נאָך קוים האַלטען ביז דער ענדע סעסיע פון סטאָרטינג, און קיינער איז נישט געווען אַזוי שטאַרק פעראינטערעסירט אין זיין מפלה, ווי די „צייטונג". דאָס זענען ווירקליך געווען אונרוהיגע צייטען, רעוואָלוציאָנערע צייטען. אַ מיניסטעריום, וואָס אַלע ליבעראַלע אָרגאַנען האָבען עס בעשפאָט און פערפלוכט פאַר זיין פעררעט און רעאַקציאָנערען גייסט, וואָס איז געפאַלען אונטער דער שרעקליכער לאַסט פון אַלגעמיינער פעראַכטונג, וואָס איז געווען אָבהענגיג פון חסד פון סטאָרטינג, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ איינגעהאַלטען איהם דעם לעצטען קלאַפּ צו געבען, — און דערצו נאָך אַ שפאַלטונג צווישען די לינקע, וואָס האָבען זיך אַרומגעקריגט צוליעב דעם דורכפיהרען די לעצטע גרויסע רעפאָרמען; דאָס איבערגעהן פון די אַלטע פאָליטיקער אַ מאָל צו איינער, אַ מאָל צו דער אַנדערער פאַרטיי; אונרוהיגקייט, צערודערטקייט און אונזיכערהייט אין די איבערצייגונגען פון אַלע זייטען.

אילען האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען ביז איצט נישט געלעבט אין אַזאַ אויפגערעגטען צושטאַנד. איהם איז אַלץ קלאָרער און קלאָרער געוואָרען, אַז די פאַרטיי־פאָליטיק איז נישט זיין ספּעציאַליטעט געווען, און ער האָט געאַרבייט ווי אַ שקלאַף, כדי נישט אינגאַנצען אַראָבצופאַלען. ער איז בישלעכווייז איבערגעגאַנגען פון בעשרייבען, ווי מען דאַרף אויסניצען געוויסע יאַגאַדעס פאַר מעדיצינישע צוועקען, אַ זאַך, וואָס האָט וואָס אַן אמת דאָס פובליקום נישט פעראינטערעסירט — צו אַרטיקלען וועגען הויז־מיטלען געגען קראַנקהייטען, אַ אויסצוג פון אַ פּאָפולערען מעדיצינישען בוך. ער האָט זיך אַראָבגעלאָזט אַלץ נידריגער און נידריגער, געשריבען וועגען גאַסען־ריינקייט, וועגען קאַנאַליזאַציע, און סוף כל סוף האָט ער שוין געשריבען אַ אַרטיקעל, ווי מען דאַרף האַלטען דאָס פלייש אויפ'ן מאַרק... נידריגער איז שוין

נישט מעגליך געווען צו פאלען: וואס פאר א מהלך פון זיין פאלקס-פראגע פון צוויי מיליאן ביז דער דאזיגער ווארנונג פאר די קצבים פון חריסטיאניען, אז זיי זאלען האלטען זייערע פארטוכער ריין! נאר כדי איהם נאך מעהר צו ערנידריגען האט דער רעדאקטאר איצט פערלאנגט, ער זאל שרייבען פראטאקאלען וועגען געריכט, און דערביי איז לונגע ליידער געווען געצווּנגען איהם אראבצווע-זעצען פון שטענדיגען געהאלט און איהם צאהלען פון דער שורה פאר זיינע אלע קליינע אריגינעלע ארבייטען. דאס אלץ איז געשעהן היינט, גראד איצט, ווען ער איז פון רעדאקציע אוועק.

אילען איז געווען טרויעריג און טריעב; די מוטער האט געפרעגט:

— און פון דער שורה איז דען אזוי שלעכט?

— ניין, מאמא, — האט ער געענטפערט, — עס וואלט געקאנט זעהר גוט זיין, ווען מען וואלט נאר געדרוקט אלץ, וואס איך שרייב.

אין צימער איז שטיל געווארען. אפילו גאבריא איז איין אויגענבליק געזעסען שטום. מאראס אילען וועט אלזא נישט קאנען איהם בעצאהלען דעם קליינעם חוב. וואס זשע וועט איצט זיין מיט דער ראטע אין באנק אויפ'ן קינפטיגען מאנאט? אלנפאר וועט ער היינט אוועגנ נישט ארויסווייזען קיין עגמת-נפש, זאל זיין וואס עס וויל זיך! ער איז צוגעגאנגען צו פרעדריק'ן, אנגעהויבען רעדען מיט איהם פריינדליך, געזאגט, אז אויב מען לערנט זיך נאר אויס צו שרייבען פון דער שורה ווי עס דארף צו זיין, אזוי הויבט מען דאס אן איינצוגעפינען זאגאר פיעל בעסער, מען פיהלט זיך פיעל פרייער, מען קאן אויך ארבייטען אין דער היים.

— יא, — האט פרעדריק געזאגט, — איך וועל דאס טאקי פרובען.

די יונגע דאמע איז אויפגעשטאנען פון דער סאפע, צו געהן. גאבריא האט זיך אנגעשלאגען זי צוהיים צו בעגלייטען, און די דאמע האט איהם הערצליך בעדאנקט פאר זיין גוטסקייט. נאר עס וואלט דאך צו הארט געווען איהם אין אזא וועטער ווידער אויפ'ן גאס ארויסצושלעפען?

ס'הייבט זיך גאָר נישט אָן! אָ, פאַר איהם וועט דאָס זיין אַנ'אמת'ער פערגניגען, פערשאָטען צו ווערען מיט שנעע ווי עס דאַרף צו זיין!

נאָר איצט איז שאַרלאָטע אויך איפגעשטאַנען און אָבגע־רופען די מוטער אין א ווינקעל. איהר ווילט זיך אויך מיט זיי געהן, קאָן זי? נאָר דאָס איין מאָל! גוטינקע!

וועלכער אונזין! וואָס טהוט זיך עפּעס מיט שאַרלאָטע'ן דעם גאַנצען אָווענד? זי האָט ווידער געוואָלט פון שטוב אַוועקגיהן, זי האָט מיט גלאַנצענדיגע אויגען געבעטען א ערלויבניש, צו געהן מיט די דאָזיגע מענשען אין שטורם אריין. די מוטער האָט דעם קאָפּ געשאָקעלט און שאַרלאָטע האָט נישט אויפגעהערט שטילער־הייד צו בעטען.

דאַן חאַפּט זיך גאָיבראָ אויף, וואָס זי וויל, ער שאָקעלט דעם קאָפּ און זאָגט מיט א שמייכעל:

— אָ, ניין! דער דאָזיגער וועטער איז ווירקליך נישט פאַר אייך, פרייליין.

זי קוקט אויף איהם, וואַרפט אויף איהם א האַסטיגען פערדריסליכען בליק און מיט א האַסטיגער בעוועגונג זעצט זי זיך ווידער אויף איהר שטוהל.

ווען גאָיבראָ איז אין אָווענד א היים געקומען נאָכדעם ווי ער האָט די פרעמדע דאַמע בעגלייט, האָט ער געהערט, אַז שאַרלאָטע איז שוין אין איהר צימער געזעסען.

## XI.

אין דער פריה האָט שאַרלאָטע איהר ברודער בעגלייט אין רעדאַקציע אריין. האַלב צעהן האָט ער שוין געמוזט זיין אין געריכט און איז געווען שטאַרק צעטראָגען. צו וואָס האָט ער זיך געלערנט און שטודירט, אויב איצט מוז ער מאַכען קליינע נאָטיצען פון געריכט?

דער רעדאַקטאָר איז נאָך נישט געקומען. דער סעקרעטאַר האָט שאַרלאָטע'ן געגעבען אילוסטרירטע צייטונגען און זשורנאַלען

פון דער לעצטער פאסט, זי זאל דערווײל האבען וואס דורכצוקוקען. עטוואס שפעטער איז ארײנגעקומען דער רעדאקטאר.

ער האט זיך אונטערגעפײפט, זײן הוט איז געװעזען פערדרוקט א ביסעל אויף א זײט, בכלל איז ער װײזט אױס געװעזען אין א װאוילער שטימונג. ער האט זיך פערנײגט, שטײפרעגדיג, געזאגט אילען'ען אײניגע שפאסיגע, פרײנדליכע װערטער און צו'ם סוף האט ער איהם געבעטען, ער זאל דעם בלײפעדער נישט פערגעסען, װען ער װעט אין געריכט געהן.

— עס קאן גאר קײן רעד נישט זײן װעגען דעם, אז איהר זאלט בלײבען בײ דער דאזיגער לאנגװײליגער ארבײט, — האט ער געזאגט, — נאר איהר מוזט אונז הײנט טהון די דאזיגע טובה. איך האב, פערשטעהט איהר מיך, אײן מענשען געמוזט אװעקשיקען אין יעװנאקער אויף דער פערזאמלונג לכבוד בירנסאנ'ען.

דאן איז ער צו זיך אין צימער ארײן.

עטװאס שפעטער האט ער װידער די טהיר געעפענט און געזאגט:

— װילט איהר נישט ארײנגעהן אהער אונטערזיצען א ביסעל, פרײלין אילען?

שארלאטע איז ארײנגעגאנגען, זי איז אין אמת'ען געװעזען זעהר צופריעדען מיט לונגע'ן, װאס האט זי שטענדיג אזוי שען אויפגענומען. אפילו נאכדעם, װי איהר ברודער האט אין צימער ארײנגעקוקט און געזאגט, אז איצט געהט ער שוין אװעק אין געריכט, איז זי שטיל געבליבען זיצען אויף איהר ארט און גערעדט מיט'ן רעדאקטאר, װעהרענד ער האט דערװײל געלײענט די בריעף אדער שנעל דורכגעזעהן א טעלעגראמע.

פלוצלונג רײסט ער איבער די ארבײט. ער שטעהט אויף און געהט צו צו איהר פון א זײט, דאן בלײבט ער שטעהן און קוקט אויף איהר. זי בלעטערט איהר אילוסטרירטען זשורנאל, װארפט אויף איהם א בליק און װערט שטארק רויט. ער איז געשטאנען, דעם קאפ עטװאס אן א זײט אנגעבויגען און די הענד פערלעגט אויף הינטען, זײנע אויגען זענען האלב געװען

פֿערמאַכט און פֿערשמירעט, ווערענד ער האָט געקוקט אויף איהר.

— וואָס פֿאַר א פּראַכטפֿולע האָר איהר האָט! — האָט ער געזאָגט האַלב שטיל און ציטערנדיג זיך צעלאַכט.

זי האָט שוין מעהר ניט געקאָנט זיצען, אין איהר קאָפּ האָט געראוישט, דער צימער האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען אַרום איהר. זי האָט זיך אויפגעהויבען, און גראָד אין דעם אויגענבליק האָט זיך איהר געדוכט, אז זי האָט דערפֿיהלט זיינע הענד אַרום זיך, ער האָט איבער איהר געזיכט געעטעמט.

זי האָט אַרויסגעלאָזט א שוואַכען פֿערשטיקטען געשריי. זי האָט געהערט, ווי ער האָט געזאָגט: „שש"! און דאַן האָט זי זיך ווידער אויפ'ן שטוהל אַראָבגעלאָזט. זי האָט געהאַט א שוואַך געפֿיהל, ווי ער וואָלט זי א קוש געטהון.

ער האָט זיך ווידער אָנגעבויגען איבער איהר, זי האָט ווידער געהערט, אַז ער האָט גערעדט; דאָס זענען געווען שטילע, איינגעהמענדע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט צו איהר, און ווען ער האָט זי ווידער געוואָלט אַרומנעהמען, זי בעריהרט, כלומרשט כדי איהר צו העלפֿען אויפֿצושטעהן, האָט זי זיך אָנגענומען מיט די לעצטע קרעפֿטען און איהם אָבגעשטויסען. דאַן איז זי אויפֿגעשטאַנען, קיין וואָרט ניט געזאָגט. זי האָט שטאַרק געציטערט.

— אַזוי, אַזוי! — האָט ער געזאָגט בערוהיגענד און זיך ווידער צעלאַכט מיט א אונערליבען, ציטערנדיגען געלעכטער.

זי האָט האַסטיג די טהיר איפֿגעפּראַלט און איז אַרויס. זי איז געווען אַזוי צעטראָגען, אַזוי ווע־ניג געוואוסט וואָס זי טהוט, אַז זי האָט ביים אַרויסגעהן וואָגאר איהם א גוטען טאָג געזאָגט.

ווען זי איז אונטען אַראָב, צו דער אויסגאַנגס־טהיר, האָבען איהרע אויגען אָנגעהויבען זיך מיט פֿייכטקייט אָנצופֿילען. זי האָט נאָך געציטערט און איז אַרויף הויך אויפֿ'ן שלאָסבאַרג איידער די רוהיגקייט האָט צוריקגעקעהרט צו איהר.

נײַן, איצט מוז מען מאַכען א סוף דערצו. עס קומט אויס

אזוי ווי אלע וואָלטען געוואוסט, ווער זי איז אַזוינע, און געקאַנט זיך בעגעהן מיט איהר אויף'ן שענדליכסטען אופן. זי וועט אלץ דערצעהלען באַנדעסע'ן און איהם בעטען, ער זאָל גלייך זייער פערלאָבונג פערעפענטליכען. און חתונה האָבען וועלען זיי שפּע־טער, ווען דאָס וועט מעגליך זיין.

זי האָט זיך פלוצלונג דערמאָהנט אָן גאיבראַ'ן. יאָ, געווים האָט ער אויך וועגען איהר געוואוסט אלץ; צי דען איז ער נעכ־טען אָוועגנד נישט ארויסגעטרעטען פאַר איהר און זי נישט פער־טיידיגט? אזוי ווייט האַלט עס שוין. איבריגענס, שפּעטער אין אָוועגנד איז גאיבראַ געווען שוין פשוט אונהעפליך צו איהר, גע־ענטפערט איהר קאַלט, שאַרף, אפילו א דיענסט וואָלט ער נישט געקאָנט ענטפערן מיט מעהר פעראַכטונג, און פריהער פלעגט ער זיך דאָך אזוי גוט בעציהען צו איהר. דערנאָך איז ער אַוועק מיט מימי'ן, צו בעגלייטען די דאָזיגע צעבאַלעוועטע פרוי א היים, אין שטורם און שנעע. נו, פאַרוואָס זאָל ער עס דען נישט טהון? זי — שאַרלאָטע — פון איהר זייט האָט נישט געקאָנט ערוואַרטען עפּעס אנדערש, אַזאַ ווי זי איז געוועזן.

נאָר מימי טראָגט געשירענע האָר, און גאיבראַ האָט איין מאָל בעשטימט געזאָגט, אַז איהם געפעלען נישט דאַמען מיט געשוירענע האָר; טאָ פאַרוואָס איז ער געגאַנגען מיט מימי'ן?

פלוצלונג דערמאָהנט זי זיך דאָס, וואָס האָט זיך היינט פּאַסירט, אין דער לעצטער שטונדע. דאָס איז שוין פאַר איהר געוואָרען אזוי ווי א חלום, זי האָט זיך אָבגעשטעלט אין מיטען שלאָס־פּאַרק און אָנגעהויבען צו קלערען, צי האָט זיך די דאָזיגע סצענע ווירקליך פּאַסירט אין רעדאַקציאָנס־צימער. וועגען וואָס האָט לונגע גערעדט? וועגען א ראַנדעוואו אין אָוועגנד? האָט ער זיך עטליכע מאָל צו איהר ברוסט צוגעריהרט, ווען ער האָט איהר געוואָלט העלפען אויפשטעהן? אפשר האָט זיך דאָס איהר אלץ נאָר געדאַכט?! זי איז שוין נישט געווען זיכער, זי איז מיעד און איבערגעמאַטערט געוואָרען נאָך דער לאַנגער שלאָפלאָ־זער נאַכט. וואָס זי האָט פערבראַכט אין טראַכטען און פערצווייפ־לונג. זי איז ווירקליך קיין איין שטונדע נישט געשלאָפען. אפשר־

אז מען זאָל גוט אַ קלער טהון, האָט איהר לונגע קיין זאך נישט געזאָגט, גאַרנישט געבעטען? ער האָט זי פּשוט געוואָלט בע־רוהיגען, ווען זי האָט געמיינט, אז זי האָט אויף זיך זיינע הענד דערפיהלט? גאָט, הלואי זאָל דאָס טאַקי נישט אמת זיין! אַלענ־פאַלס האָט זי שוין נישט געדענקט, ווי זי איז פון דער רעדאַקציע אויפ'ן גאַס אַרויס.

באַנדרעסענ'ען האָט זי ביי איהם אין דער היים נישט געטראָפען.

מיט אַ שווער הארץ לאָזט זי זיך וויטער געהן, אין אָוועגד וועט זי זיך געוויס טרעפען מיט באַנדרעסענ'ען, זי האָט נישט געוואָלט מעהר וואַרטען, זייערע בעציהונגען האָט מען גלייך גע־מוזט קלאָר מאַכען. איהרע געדאַנקען זענען כסדר בעשעפטיגט געוועזען מיט לונגע'ן. אפשר האָט ער איהר גאָר נישט געזאָגט, זי האָט פּשוט אַ טעות געהאַט; נאָר ער האָט זי אַ קוש געטהון, דאָס האָט זי נאָך געפיהלט, בנאמנות, דאָס האָט ער געטהון. און געהענדיג אהיים האָט זי עטליכע מאָל אויפ'ן טראָטואַר אַ שפּיי געטהון...

ווען זי איז אין קאָרידאָר אַריין, האָט זי ערשטוינט דער־זעהן באַנדרעסענ'ען, וועהרענד ער איז גראַד פון גאַיבראַ'ס צימער אַרויסגעשפּרונגען. זיי קוקען זיך אָן איינס דאָס אַנדערע, ער ווערט איין אויגענבליק צעמישט, דאַן זאָגט ער האַסטיג:

— יאָ. דו ביזט נישט געוועזען, איך האָב דיך אין גאַנצען שטוב געזוכט! נאָר וואָס האָב איך אַ קוק געטהון אין גאַיבראַ'ס צימער אויך.

— דו האָסט געוואָלט עפּעס רעדען מיט מיר? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, איך האָב דיר נאָר געוואָלט אַ „גוטען מאָרגען" זאָגען. איך האָב דיך נעכטען נישט געזעהן.

זי האָט דערהערט דער מוטערס טריט, האָט זי גיך באַנ־דרעסענ'ען אויף די טרעפּ מיט זיך אַרויסגעצויגען און ווידער פערמאַכט די איינגאַנגס־טהיר.

זיי זענען צוזאַמען אויפ'ן גאַס אַרויס, זיי האָבען כמעט נישט גערעדט; יעדער האָט זיך זיינע מחשבות געהאַט.

ווען זיי זענען אין באַנדערסענ'ס צימער אריין, האָט זיך
שאַרלאָטע געזעצט אויף דער סאָפע, און באַנדערסען אויף אַ
שטוהל נעבען איהר. זי איז געבליבען אין אויבער=מאַנטעל, דאָס
ערשטע מאָל אויף דעם דאָזיגען אָרט. דאַן האָט זי אָנגעהויבען
אַרויסצוזאָגען, וואָס זי האָט אויפ'ן הארצען געהאַט; מען מוז
מאַכען אַ ענדערונג, מענשען האָבען אַלץ געזעהן און זי פערטראַכטעט.
געזעהן? ווער האָט דאָס געזעהן?
אַלע, אַלע, גאַיבראָ, לונגע, ווער ווייס, אפשר האָט מיט
אַרענצען אויך עפּעס בעמערקט. זי האָט זי נעכטען אַזוי מיט
איהר בליק געמאָסטען.
באַנדערסען האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז דאָס איז
אַלץ נאַרישקייט.
נאַרישקייט? ניין, ליידער, —און ער מעג איהר גלויבען
זי האָט פּלוצלונג געזאָגט מיט אַ שטימע פון שלאַבצען פערשטיקט
אַז אפילו לונגע האָט זי היינט בעלעדיגט.
באַנדערסען האָט אַ ציטער געטהון. לונגע? זי האָט גע־
זאָגט — לונגע?
יאָ, לונגע.
וואָס האָט ער געטהון?
אַ, גאָט, צו וואָס פּייניגט ער זי? לונגע האָט זי בעלע־
דיגט, אַ קוש געטהון.
לונגע? — באַנדערסענ'ס מויל עפענט זיך ברייט אויף פער
שטוינונג.
— הער נאָר אוים, צו'ם טייוועל — לונגע אַליין! — האָט
ער געזאָגט.
שאַרלאָטע קוקט אויף איהם.
— ווי עם זעהט אוים אַהרט עס דיך נישט אַזוי שטאַרק? —
האָט זי געזאָגט.
באַנדערסען שווייגט אַ קורצע ווייל.
— איך וועל דיר נאָר זאָגען, — האָט ער געענטפערט, —
אַז לונגע איז גאָר נישט אַזאַ, ווי אַלע אַנדערע.
איצט עפענט זי ברייט די אויגען.

— וואס מיינסטו דערמיט? — האט זי עגדליך געזאגט.

נאר ער האט האסטיג און אונגעדולדיג דעם קאפ א שאקעל געטהון און געענטפערט:

— גארנישט, גארנישט! ווי קאנסטו אין אלעם זיין אזוי פאזיטיוו, שארלאטע!

— ניין, וואס מיינסטו דערמיט? — האט זי א געשריי געטהון אויסער זיך און פלוצלונג האט זי דאס געזיכט אין סאפע בעהאלטען און געציטערט פון שלאכצען.

באנדרעסען האט גארנישט געקאנט העלפען, וואס זיינע געפיהלען צו שארלאטע'ן זענען פון טאג צו טאג קיהלער געווא-רען. דעם לעצטען מאנאט האט ער איבערגעלעבט א אינערליכען קאמפף צוליעב דער פראגע, צי נאך אלעם, וואס איז געשעהן צווישען זיי, מוז ער התונה האבען, וואס וואלט פאר איהם זעהר גישט געווען געוואונשען, אדער ער זאל אפען און עהרליך א סוף מאכען צו זייערע בעציהונגען? צי דען קומען נישט פאר אין לע-בען אפענע און עהרליכע איבעררייסונגען פון אלערליי בעציהונ-גען? ווי האט זיך די „ציימונג" אויפגעפיהרט? אז זי האט שוין מעהר נישט געקאנט דינען דער פאליטיק פון שנאה און בייזקייט צו דעם בריטערליכען פאלק אין דער פראגע וועגען דער אוניאן, האט זי מוטיג ארויסגעטרעטען און זיך ענטזאגט פון דער דאזיגער פאליטיק. ווי אנדערש האט ער אליין — באנדרעסען — געקאנט טהון אין בעציהונג צו שארלאטע'ן. אלס עהרליכער מענש? צי דען וואלט ער געדעכט געווען אין בעציהונג צו זיך אליין ווי אויך צו איהר, ווען ער זאל מיט איהר איפ'ן גאנצען לעבען שליעסען א בונד, וואס איז בעגרינדעט אויף ליגען און בעהאלטענע קאלטקייט?

ער האט ווירקליך געווינסענהאפט אלץ ארומגעקלערט און האט א לאנגע צייט א שווערע חרטה געפיהלט; איצט איז ער געקומען צו'ם פעסטען בעשלוס, אז פאר זיי ביידען וועט גלייכער זיין, זיך פרייערליך צו שיידען.

איהם האט זיך זאגאר געדוכט, אז זיין מענשליכע ווערדע איז נאך גרעסער געווארען דורך דעם דאזיגען בעשלוס, ער האט

געפיהלט אין זיך די קראפט פון אמת, ער איז שטארק און ערהאבען געוועזען דורך דעם בעוואוסטזיין, אז ער טהוט וואס מען דארף טהון...

אזוי ווי שארלאטע האט נאך אלץ געוויינט, האט ער געזאגט אויף וויפיעל ער האט נאר געקאנט, ווייך און פארזיכטיג:

— הויב זיך אויף און הער מיך אויס רוהיג. איך וואלט דיר געוואלט עפעס זאגען.

— דו האסט מיך שוין געוויס מעהר ניט ליעב, ענדרע, — האט זי געזאגט גאר שטיל.

דעריבער האט ער גארנישט געענטפערט, ער האט א גלעט געטהון איהרע האר און געזאגט:

— לא'מיר זיך ערקלערען...

נאר איצט האט זי דעם קאפ אויפגעהויבען און א קוק געטהון אויף איהם. איהרע אויגען זענען געוועזען טרוקען, זי האט נאך געחליפעט.

— דאס איז אמת? זאג מיר, דו ליעבסט מיך נישט? אבער ענטפער שוין, נו, ענטפער!

ער האט אין זיך מוט געהאט איהר צו זאגען ווייך און אויפריכטיג, אז ער ליעבט זי שוין נישט אזוי שטארק ווי א מאל, נאר נישט אזוי שטארק; יא, ליידער ליעבט ער נישט. ער קאן גארנישט העלפען דערצו, זי מעג איהם גלויבען. נאר ער שעצט זי זעהר הויך.

אויף עטליכע מינוט איז געווארען שטיל, נאר שארלאטע האט נאך נישט אויפגעהערט צו שלאכצען. איהר קאפ האט זיך אנגעבויגען אויף פארענט, גאר אויף דער ברוסט אראבגעפאלען; זי האט מיט קיין פינגער ניט ריהר נישט געטהון.

איהם איז ווירקליך שמערצליך געוועזען צו זעהן, ווי זי ליידט צוליעב איהם.

ער האט אין געדאנקען געזוכט, מיט וואס ער זאל זיך ערניעדריגען פאר איהר, געזאגט, אז אין אמת'ען דארף זי זיך פרעהען, ער איז איהר נישט ווערט געוועזען, זי האט נישט פערלארען גארנישט, גארנישט. נאר ער האט בעשלאסען, אז אלס

הרליבער מענש מוז ער איהר דעם אמת זאגען, כל זמן ס'איז נאך נישט צו שפעט. און דאן מעג זי טהון מיט איהם, וואס זי וויל.

ווידער האט לאנג געהערשט שטילקייט, שארלאטע האט די הענד צו'ם שטערען צוגעלעגט. די פויזע האט זיך אזוי אונ-ענדליך לאנג פערצויגען, אז ער האט זיין הוט פון טיש גענומען און איהם אנגעהויבען אויסגלייכען.

פלוצלונג האט זי האסטיג די האנד פון געזיכט אבגענומען, א קוק געטהון אויף איהם מיט א פערפרוירענעם, אונפריינדליכען שמייכעל און געזאגט:

— דו ווילסט שטארק, איך זאל גלייך אויעקגעהן?

ער איז פערלעגען געווארען און זיין הוט צוריק אויפ'ן טיש עלעגט.

גאט מיינער, צי דען קאן מען זיך נישט צו זאבען בעצי-הען וועניגער פייערליך? אין אלע לעבענס-בעציהונגען קומען דאך פאר איבעררייסונגען.

— ניין, ס'איז נישטא וואס צו איילען זיך, — האט ער געזאגט עטוואס שארף, כדי מיט קיין זאך נישט אבצושוואבען זיין ענטשלאסענהייט.

איצט האט זי זיך אויפגעהויבען און צו צו דער טהיר. ער האט איהר נאכגעשריען, אז זיי מוזען זיך שיידען ווי גוטע פריינד זי מוז איהם פערצייהען. נאר זי האט דערוויל די טהיר געעפענט און איז ארויס, נישט זאגענדיג קיין איין ווארט, נישט ווארפענ-דיג אויף איהם קיין בליק. ער האט געהערט איהרע טריט איבער די סקריפענדע טרעפ, אלץ ניעדריגער און ניעדריגער, אין צווייטען עטאזש, אין ערשטען עטאזש. ענדליך האט ער זיך געשטעלט הינטער'ן פארהאנג ביי'ם פענסטער און געזעהן, ווי זי איז אויפ'ן גאס ארויס. איהר הוט איז נאך געוועזען אויסגע-קרימט, דערפון וואס זי האט זיך מיט'ן פנים אויף דער סאפע א ווארף געטהון. דאן איז זי אין ראג גאס פערשוואונדען געווא-רען. ווי אויסגעקרימט איהר הוט איז געוועזען!

באדעסען האט מיט ערלייכטערונג אבגעעטעמט. איצט

איז אלץ פֿערביי. וואָס פֿאַר אַ קאַמפף ער האָט געמוזט דעם לעצטען מאָנאַט אויסשטעהן און מיט וויפֿיעל פֿלענער ער האָט זיך ארומגעטראָגען, כדי אויפֿ'ן בעסטען אופן אין אָרדנונג צו ברענגען די דאָזיגע אונגליקליכע בעציהונגען! איצט איז דער קאַמפף געענדיגט.

אנ'ערך אַ האַלבע שעה זיצט באַנדרעסען אונבעוועגליך אויפֿ'ן שטוהל און קלערט וועגען דעם, וואָס איז געשעהן. דעם אמת רעדענדיג האָט עס איהם זעהר געשמערצט, שאַרלאָטע'ן א'א קלאַפּ צו געבען, מען קאָן זאָגען, גלייך אין פנים אריין. פֿאַר איהם וואָלט פיעל גלייכער געווען, לויט זיין וואונש וואָלט פיעל פאַסיגער געווען, ער זאָל איהר נאָר געבען אַ אָנצוהערעניש וועגען דער שיידונג, זיך נעהמען צו דער זאַך זעהר פֿאָרזיכטיג. נאָר זי האָט אַליין געפֿרעגט, און ער האָט געמוזט ענטפֿערן.

עס איז קיין צווייפֿעל נישט געווען, אַז ער, אַלס אַ מענש מיט אַ שטאַרקען ווילען, האָט שטענדיג געמוזט בלייבען טריי אין בעציהונג צו זיך אַליין. ער האָט זיך פֿאַר קיין זאַך נישט געקאָנט קיין פֿאָרוואורף מאַכען, אויסער דאָס, וואָס זיינער צייט האָט ער זיך צו שנעל פֿערליעבט אין דאָס דאָזיגע יונגע מעדעל. דערין איז געווען דער פֿעהלער, ווייל דערפֿון האָט זיך אַלץ אָנגעהויבען! נאָר צי דען קאָן עמיץ אָבלייקענען דאָס רעכט פֿונ'ם הארצען איילינגע בעשלוסען אָנצונעהמען?

באַנדרעסען דערמאָהנט זיך ענדליך, אַז ער האָט נאָך נישט געפֿריהשטיקט. געהענדיג אין שלאָס-פּאַרק טראַכט ער די גאַנצע צייט וועגען דער טרויעריגער סצענע אין דער הויף אין זיין צימער. ער דערמאָהנט זיך אַלץ אַזוי קלאָר, אַלץ, וואָס זי האָט געזאָגט און וואָס ער האָט געענטפֿערט. ער דערמאָהנט זיך אויך, ווי ער'ן האָט שאַרלאָטע'ן בעגעגענט אין קאָרידאָר, זי האָט איהם שיער נישט געחאַפּט אין גאַיבראַ'ס צימער.

ניין, אָבער וואָס פֿאַר אַ פֿערדעכטיגער יונג דער דאָזיגער גאַיבראַ איז! ער האָט געאַרבייט, ער האָט מינעם אונטערגעלעגט, דער גאַנצער טיש זיינער איז געווען פֿול מיט פֿערשריבענע העפֿטע

און בּוינגענס פּאפּיער. און שטעל זיך נאָר פֿאָר, ער האָט געוואָלט אַרויסטרעטען, אַ קאַמפּף פֿערפֿיהרען מיט קיין אַנדערן ווי מיט לונגע'ן אַליין! זאָל איהם גאָט העלפֿען! ער וועט צעטרעטען ווערען, אויף פּיצלעך צעריסען ווערען צווישען לונגע'ס פֿינגער...

און ווי געפֿעלט אייך דאָס, — זי אַ קוש געטהון? לונגע? איז עס שוין אַ מאָל געהערט געוואָרען וועגען אַזאַ דרייסטען טייוועל! ווער וואָלט עס געגלויבּט אויף איהם!

אילען האָט אין גערייבּט הצלחה געהאַט, ער איז אָבּגעזעסען עטליכֿע שטונדען און גאָרנישט געטהון, נאָר ווען ער איז אין רעדאַקציע מיט זיינע פּאַפּיערען געקומען, האָט זיך פֿון דעסט־וועגען אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט אָנגעשריבּען מינדעסטענס צוויי שפּאַלטעס וועגען די קולואַר־רכילות'ען און קליינע נאָטיצען. אַזוי לייבּט האָט ער נאָך קיינמאָל קיין געלד נישט פֿערדינט. לונגע האָט גלייך דורכֿגעקוקט דעם אַרטיקעל און איינגעפֿונען, אַז ער איז אַ"יסגעצייכֿענט...

איצט האָט זיך אילען געווענדעט צו שאַרלאָטע'ן און זי גע־פֿרעגט, צי זי איז היינט אַ מאָל נישט קראַנק געוואָרען אין דער רעדאַקציע פֿון דער „צייטונג". וואָס איז מיט איהר געווען?

שאַרלאָטע איז איינגעשלאָפֿען מיט אַ פֿעסטען שלאָף, ווען זי איז אַהיים געקומען; זי איז אָבּגעשלאָפֿען עטליכֿע שטונדען. איצט איז זי געווען בּלאַס און געפֿיהלט אַ לייכֿטען שווידער, מעהר האָט זי זיך אויף קיין זאַך נישט געקלאָגט.

זי האָט דעם בּרודער געענטפֿערט, אַז ס'איז איהר עפּעס נישט גוט געוואָרען, יאָ, נאָר דאָס איז פֿערבּיי, ווען זי איז אויפֿ'ן גאַס אַרויס.

— לונגע האָט זיך זעהר געשראָקען צוליעב דיר, — האָט פֿרעדריק געזאָגט.

— אין אמת'ען?

פּויזע.

פלוצלונג ערשטוינט זי דעם בּרודער מיט איהר ערקלערונג, אַז זי וועט איהם שוין מעהר נישט בּעגלייטען אין רעדאַקציע אַריין.

און אז ער האט פערלאנגט, זי זאל איהם ערקלערען די סיבה דערפון, האט זי געזאגט, אז זי שעמט זיך נאך א מאל לונגע'ן צו זעהן. ווייל עם איז דאך ארויסגעקומען אזוי נאריש קראנק צו ווערען, קאן מען זאגען, ביי פרעמדע אויף די הענד.

---

## XII.

לונגע איז זעהר נישט צופריעדען געוועזען, וואס ער האט אזוי פריי ארויסגעוויזען זיינע געפיהלען בנוגע צו שארלאטע'ן. דאס הייסט אפילו נישט, אז ער זאל האבען געטהון אפילו אויף איין האר מעהר, ווי ער וואלט זיך געקאנט פערענטפערן, ווען עס וואלט אויסגעקומען זיך צו פערענטפערן; נאר פון דעסטוועגען איז עס איהם אונאנגענעהם געוועזען צו זיין אבגעשטויסען, ערניעדריגט, געצוואונגען צו זיין, זיך אבצוזאגען פון א זאך און נישט אויסצופיהרען דאס ביז צו'ם סוף. שטענדיג האט מען איהם ערניעדריגט, שטענדיג אבגעשטויסען; נאר ביי שטארק פערדארבענע פרויען, נאר ביי פרויען מיט א שטארקער רגילות איז איהם געלונגען צו האבען א געוויסען ערפאלג. ווען ער פלעגט קומען צו זיי, פלעגט מען איהם ארייגלאזען.

וואס אנבעלאנגט צו שארלאטע'ן האט איהם נאך מעהר פערדראסען דערפאר, ווייל ער האט זיך נישט געקאנט בעפרייען פון א געוויסער אנגסט. ביז איצט האט ער זיך קיינמאל נישט געוואגט, זיין גליק צו פרובען ביי יונגע דאמען פון איהר קרייז; איצט האט קיינער נישט געקאנט וויסען, וואס זי וועט טהון. זי האט געהאט קרובים, א גרויסע פאמיליע, ס'קאן א מאל אויסקומען צו האבען שטארקע אונאנגענעהמהייטען, ארייגצופאלען אין א מיאוסע לאגע. נאר אלענפאלס, קיין דריטע פערזאן איז דאך בשעת מעשה נישט געוועזען. און קיין בעוויי הזאט זי אויך נישט.

דאך איז איהם די גאנצע געשיכטע נישט אנגענעהם געוועזען. איצט וועט ער מוזען נאך א געוויסע צייט האלטען ביי זיך איהר אונפעהיגען ברודער; פרעדריק אילענס ארטיקלען וועגען געריכטען אויף אנ'אמת געוועזען אזוי אונמעגליך, אז מען וואלט זיך

פשוט אויסגעלאַכט, ווען ער דרוקט זיי אָב. נאָר ער מוז זיי דרוּ-קען און מוז זאָגאַר בעצאָהלען פאַר זיי אַ גרויסען פּרייז, אַבי דאָס אייגענע געוויסען צו בערוהיגען.

און לונגע האָט זיך געשוואָרען, אַז קיין יונגע דאַמע וועט איהם שוין קיינמאָל נישט צערייצען, אַז ער זאָל זיך נאַריש בע-געהן.

דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט זיך בכלל אָבגעזאָגט פון זיין ענטציקונג פאַר פרויען, אפילו זיי זאָלען שוין זיין גאָר פער-דאָרבענע.

אָט צו'ם ביישפּיעל מאַדאַם דאַגני. זי האָט איהם היינט אין דער פריה אָבגעשטעלט אויף דער גאַס און מיט איין האַנד-דרוק, מיט איין און איינציגען פון איהרע ליעבע שמייכעלעך האָט זי אויסגעפיהרט, אַז זיין נייגונג, וואָס ער האָט פון לאַנג צו איהר געפיהלט, האָט וויעדער אויפגעפלאַמט. ער איז שוין מעהר נישט געווען קאַלט, טראָץ זיין גאַנצען ווילען האָט ער שוין מעהר נישט געקאָנט זיין קאַלט. מאַדאַם דאַגני איז געווען מעהר ווי פריינדליך, זי האָט זיך געקלאָגט, אַז זי זעהט איהם אַזוי עלטען די לעצטע צייט, זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט געבענקט נאָך איהם, אַז זי האָט אויך מיט איהם עפּעס צו רעדען, זי האָט די לעצטע צייט עפּעס אויסגעקלערט.

זיי האָבען זיך אָבגערעדט, אין אָוענד צוזאַמען אין טעאַטער צו געהן, דערנאָך וועט ער זי אַ היים בעגלייטען. לונגע האָט אונ-געדולדיג ערוואַרט דעם אָוענד. איבריגענס האָט זיך מיט איהם פּאַסירט אַ קליינע אונאַנגענעהמהייט. ער האָט אָן אַ זייט אָבגע-וואָרפען די צייטונג, וואָס ער האָט געליעגט, און דעם שטערען פערקנייטשט. די דאָזיגע מיאוסע וועשין פון האַמערסבאָרג, נישט געדאַכט זאָל זי ווערען, האָט איהם נאָך אַלץ גישט אויפגעהערט צו בעאונרוהיגען. איצט האָט זי ענדליך איהר אויפרוף אָבגעדרוקט אין די „טאָג-פראַגען" און האָט רערביי נישט פערשוויגען, אַז די „צייטונג" האָט זיך אָבגעזאָגט צו דרוקען דעם דאָזיגען היַלפס-געשריי.

לונגע האָט מיט דעם אַקסעל אַ קנייטש געטהון. איצט י

צו'ם טייוועל, איז ער ענדליך פטור געווארען פון דער דאזיגער שלעפערקע, וואס פלעגט נאך אויף א צולעג קומען צו איהם מיט אלץ, וואס איהר ווילט, נאר נישט מיט קיין ריין געזיבט! נו, זעהט איהר שוין איצט, צי דען עקזיסטירט אויף דער וועלט דאנק־באַרקייט? צי האט די דאזיגע פרוי מיטגעטיילט גאנץ בעשטימט, אז ער—דער רעדאקטאר לונגע—האט איהר צו'ם אנהויב געגעבען א רעכטע סומע געלד? אפילו קיין זכר נישט, אזוי ווי זי וואלט דאס גאר פערגעסען. די „צייטונג" האט נישט געוואלט דרוקען! דאס האט זי געוואוסט, וויטער גארנישט.

ווי נאר לונגע האט געענדיגט צו טהון דאס נויטיגסטע פאר'ן מארגען-נומער, איז ער פון רעדאקציע ארויס. ער האט געמוזט אריינגעהן צו א פריזירער, און דערנאך געהן גלייך צו מאדאם דאגני. נאר פריהער מוז ער נאך איין שליחות ערפילען. לונגע האט זיך געלאזט געהן אין רעדאקציע פון „נארוועגער".

אין רעדאקציע פון „נארוועגער"!

איהם איז ליידער אויסגעקומען צו פעררירכטען איינע נישט קיין גאנץ פיינע זאך; נאר וואס אנ'אמת די דאזיגע זאך האט איהם גאר נישט אזוי שטארק געאהרט. די מעשה דערפון איז אזוי: זיין קליינער געשעפט-פיהרער, וואס האט נאר איין זארג, אז די „צייטונג" זאל בליהען, האט גענומען און אבגעטהון א נארישע זאך. ער האט פשוט צעשיקט צירקולארען צו אלע אנאנסען-געבער, צו די שיפ-געזעלשאפטען, סוחרים, צו דער קאנאליזאציאנס-קאמפאניע אין פרעדריקסהאל, און אין די צירקו־לארען האט ער פערגלייכט די צאהל אבאנענטען פון דער „צייטונג" און פון „נארוועגער" און האט בעוויזען דעם פובליקום, אז ס'איז גלייכער צו דרוקען די מודעות אין דעם פערשפרייטסטען ארגאן. ער האט דעם דאזיגען פלאן אויסגעטראכט אליין מיט זיין אייגע־נעם היטרען מוח, נאר ער האט איהם אויסגעפיהרט אזוי גראב און אפען, אזוי נישט דעליקאט, ער האט אפילו נישט געגעבען א אנצוהערעניש וועגען עפעס א פרינציפיעלער פראגע, און איצט האט זיך דער רעדאקטאר אליין געמוזט אריינמישען אין דער זאך. וואס וועט זיין, אויב דער „נארוועגער" וועט דאס מאל האבען

אין זיך גענוג מוט און וועט אפטהין א נארישקייט! וואס וועט זיין, אז ער וועט איהם בעשולדיגען אין אונעהרליכקייט בנוגע צו'ם קאלעגע לויט איבערצייגונגען, צו א ארגאן, וואס קאנקורירט מיט איהם עהרליך! לונגע האט אין קיין פאל נישט געוואלט, אז זיין ציימונג זאל מען פארווארפען אזעלכע ניעדריגע זאכען.

ער קומט שנעל דורך מיט'ן רעדאקטאר פון „נארוועגער". ער איז רוישיג אריינגעלאפען אין רעדאקציע, ווי איינער פון די סאמע בעקאנטע פאצעטען אין שטאדט, געזאגט דאס און יענץ, דאס איז געווען מיאוס, שענדליך, ער האט וועגען דעם גארנישט געוואוסט ביז איצט, געבעטען ענטשולדיגונג און צוגעזאגט, אז מעהר וועט זיך אזא זאך נישט ווידערהאלען. דערמיט איז אל'ץ געווען געענדיגט. דער רעדאקטאר פון „נארוועגער" האט געזאגט א פאר ווערטער, וואס מען האט גענארפט זאגען, זיך עטליכע מאל פערנייגט, ווי מען דארף זיך פערנייגען, און א סוף. ער איז זאגאר געווען זעהר צופריעדען, וואס איהם איז געלונגען זיין בע־ריהמטען קאלעגע א טובה צו טהון.

דאן האט לונגע געזאגט: „אויף ווידערזעהן" און איז אוועק. נאר דער רעדאקטאר פון „נארוועגער" איז גלייך אריין צו זיין סעקרעטאר און איהם דערצעהלט, וואס איז געווען. ער האט געפיהלט א בעדערפניש עמיצען זיינע געדאנקען ארויסצוזאגען, און אויסער דעם סעקרעטאר איז קיינער נישט געווען.

לונגע האט אויסגעמיידט די געפאהר. ער איז געגאנגען איבער'ן גאס מיט לייכטע טריט, דעם הוט פעררוקט אויף א זייט, און איז אריין צו א פריזירער. א ביסעל שפעטער איז ער ווידער ארום אויפ'ן גאס, אבגעגאלט, צוגעקעמט, פיעל יונגער און פרעה־ליך. היינט אוועגד איז ער דאך פריי, ער האט קיין ארבייט נישט, האט נישט וואס צו זארגען. אבגעהענדיג נאך אביסעל וויטער, בעמערקט ער פלוצלונג, אז ער האט קיין מאנשעטען נישט, ער האט זיי ביי'ם פריזירער פערגעסען. פור פערדרום גיעט ער זיך עטוואס שארף א דרעה אום צוריק, געהט צוריק אויפ'ן זעלבען וועג; אין עטליכע מינוט ארום טרעפט ער זיך מיט זיין פרוי.

זי איז איהם גלייך אקעגען געגאנגען.

יאָ, יאָ, געוויס! צו'ם טייוועל זאָל עס גיין! האָט ער גראָד איצט געדאַרפט די מאַנשעטען פערגעסען! איצט האָט ער אין ערגעץ זיך ניט געקאָנט איבערדרעהען, ס'איז ניט געווען קיין צייטיג געסעל. זיך אַריינצוכאַפּען אַהין, זיין פרוי איז אַלין געשטאַנען צוגעקוקט און איהם גלייך אין פּנים געקוקט.

ער האָט זי בעגריסט מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— דו ביזט אין שטאָדט?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט. — הער, ווייסט אפשר היינט אָוועגד געהן מיט מיר אין טעאַטער אַריין? איך וואָלט אַזוי געוואָלט געהן.

ער איז פערלעגען געוואָרען.

אין טעאַטער? ניין, ער קאָן ניט.

אין אמת'ען? און איהר האָט זיך אויף אַן'אמת אַזוי פערוואָלט אין טעאַטער געהן.

נאָר זי קאָן דאָך אַליין געהן?

זי האָט אַ קלער געטהון און פערטראַכט געזאָגט: „יאָ". נאָר פאַרוואָס קאָן ער איין מאָל אויך ניט געהן מיט איהר? צי דען בעט זי איהם דאָס אַזוי אָפט!

ניין, היינט אָוועגד האָט ער אַ פערזאַמלונג.

יאָ, אָבער נאָר אויף צוויי אַקטען? אַלענפאַלס קאָן ער זי דאָך בעגלייטען אַהין?

ער האָט אַ שאָקעל געטהון דעם קאָפּ און געזאָגט שוין עטוואָס אונגעדולדיג, אַז ער מוז זיך ענטזאָגען פון פערגניגען ווען ער האָט וואָס צו טהון. ס'איז שוין איצט ניט אַזעלכע צייטען, אַז מען זאָל זיך קאָנען מיט נאַרישקייטען בעשעפטיגען. דאָס מיניסטעריום מוז אַראָבגעזעצט ווערען, דער טאָג איז שוין בעשטימט.

זי האָט אַ ווײַלע געקלערט.

— נו גוט, אויב אַזוי וועל איך אַליין געהן — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, געה. הער, צי וואָלסטו ניט געקאָנט מיטנעהמע

וועלכעס איז קינד מיט דיר ? אח ניין, אמת, היינט אָווענד איז דאָך נישט פאַר קינדער. יאָ, יאָ, איך האָב פערגעסען די מאַני-שעטען ביים פריזירער, גער איך איצט צו איהם אָבנעהמען זיי.

זיי זענען זיך צעגאַנגען.

נו, צי דען איז פאַר איהם נישט קיין גליק געווען, וואָס ער האָט זיין פרוי געטראָפען, איידער ער איז אין טעאַטער געגאַנגען! אמת, זי פלעגט זיך אויך פריהער מיט איהם טרעפען ביי אין טעאַטער, ביי יוף קאָנצערטען, און פלעגט קיין וואָרט נישט רעדען, אפילו ווען ער איז געווען צוזאַמען מיט דער אָדער יענער דאַמע; נאָר אַלענפאַלס עס איז פאַר איהם געווען אונבעקוועם, אזוי ווי ער וואָלט שוין געווען געפענטעט, ער האָט זיך שוין נישט געפיהלט גאַנץ פריי.

ווען לונגע איז אריינגעקומען אין מאַדאַם דאַגני׳ס האנסענס וואָהנונג, האָט זי איהם בעגעגענט מיט אַ פריידיגען אויסשריי. ס׳איז זעהר שען פון זיין זייט, וואָס ער האָט צייט געפונען זיך אריינצוחאַפען צו איהר, אין אזעלכע אונרוהיגע צייטען.

אין צימער איז געווען נאָך איין מענש, עפּעס איינע אַ פרייליין גודע, אַ פרוי מיט גאָר ווייסע האָר. לונגע האָט זי הערצליך בעגריסט, ער פלעגט זיך שוין פריהער דאָ איך טרעפען מיט איהר, זי האָט געוואָהנט צוזאַמען מיט מאַדאַם דאַגני, ווי אַ שוועסטער, ווי אַ חבר׳טע איבריגענס איז פרייליין גודע גלייך פון צימער אַרויס. אזוי פלעגט זי שטענדיג טהון, ווען פרעמדע זענען געקימען.

די לאָמפען זענען געווען אָנגעצונדען, אַ רויט לעמפעל איז געהאַנגען און געברענט אין ווינקעל, איבער דער סאָפע, און ביי דער צווייטער וואַנד איז אויפ׳ן טיש געשטאַנען אַ לאָמפ מיט אַ ווייס ליכט פון דעם ווייסען זיידענעם שיין. אין אויווען האָט פרעהליך אַ פייער געקנאַקט.

מאַדאַם דאַגני האָט זיך אויף דער סאָפע געזעצט אונטער דעם רויטען לעמפעל, און לונגע האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל, איהר געגענאיבער. זיי האָבען גערעדט וועגען די לעצטע שטאָדט-נייעס, וועגען דעם אָנפאַל אויף סאַנדוויקען, וואָס די „צייטונג” האָט זיך

מאָרגען געגרייט צו דרוקען וועגען איהם אַ גרויסען לייטאַרטיקעל. ווי קאָנען דאָס מענשען זיין אַזוי האַרטהערציג איינער צו'ם צווייטען! מאַדאַם דאַגני האָט אַ ציטער געטהון, ווען זי האָט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען דעם. זי האָט געוואָהנט איינע אַליין אין גאַנצען עטאַזש, נאָר מיט פריילין גורע און מיט אַ דינסט, צי דען קאָן איהר אַ מאָל אויך נישט טרעפען אַ אונגליק!

לונגע האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— איינע אַליין — דריי דערוואַקסענע מענשען! — איבריגענס האָט ער איינגעשטימט צו איהר, אַז אויב עס וועט זיך טרעפען אַ אונגליק, אַזוי...

נו, אַלענפאַלס וועט קיינער נישט אַזוי אונרחמנות'דיג זיין, ער זאָל איהר קאָנען שלעכטס טהון, ס'איז נאָר גענוג אַ קוק צו טהון אויף איהר. ער קאָן דאָס גאָר נישט גלויבען. ניין, זי האָט געדאַרפט צו זיין אויף זיין אָרט! אַנאָנימע בריעף, סטראַשונקעס, זידלערייען כמעט יעדען טאָג!

און מאַדאַם דאַגני האָט ווידער אַ ציטער געטהון.

גאָט אין הימעל! וואָס זשע טהוט ער מיט אַזעלכע בריעף?

לונגע האָט מיט פעראַכטונג די אַקסעל אַ קוועטש געטהון, צוויי מאָל אַ קוועטש געטהון מיט די אַקסעל און געענטפערט גלייכגילטיג.

— איך לייען זיי כמעט נישט.

— וואָס רעדט איהר! נאָר ווי אַזוי וואָגט איהר עס, ווי וואָגט איהר זיך צו געפינען אין אַזעלכע אומשטענדען?

ער האָט געענטפערט מיט אַ שטאָלצען שפּאַס:

— יאָ! מיר זענען איבעראַל אין געפאַהר, וואו מיר זאָלען נישט געהן.

פּלוצלונג דערמאָהנט זיך מאַדאַם דאַגני, אַז זיי דאַרפען דאָך אין טעאַטער געהן, זי שפּרינגט אויף. ניין, אָבער זי האָט דאָך שיער נישט פערגעסען!

לונגע קוקט אויפ'ן זייגער. ער האָט זיך עטוואָס אָבגעהאַלטען מיט זיין ענטפער. אין אמת'ען גערעדט איז שוין שפּעט, דעם ערשטען אַקט האָבען זיי שוין אַלענפאַלס פערשפּעטיגט. ווען

זײ װעלען קומען אַהין, װעט שױן דער זײגער זײן אַזױ פֿיעל אַז אַזױ פֿיעל. דערצו נאָך האָט ער הײנט אָװענד גאַנץ װעניג צײט אויב ער זאָל שױן דעם אמת זאָגען... און ער האָט דער מאַדאם דאַגני געזאָגט דעם זעלבען ליגען, װאָס ער האָט זײן פֿרױ געזאָגט: ער מוז דאָך זײן אויף דער נאַכט־פֿערזאַמלונג, אײדער ער װעט אַהײם געהן; ער קאָן נישט די פֿערזאַמלונג דורכלאָזען; נאָר מאַדאם דאַגני דאַרף נישט בעז זײן אויף איהם, ער װעט מיט'ן גרעסטען פֿערגניגען אַנ'אַנדערש מאָל אין טעאַטער געהן, דאָס קאָן זי אַלײן גאַנץ גוט פֿערשטעהן, חאָטש אַפֿילו מאָרגען אָװענד. זי מוז איהם פערצײהען, װאָס ער האָט לײדער אַזױ לאַנג געמוזט בלײבען אין רעדאַקציע. ס'איז איצט דאָ אַזױ פֿיעל צו טהון.

און מאַדאם דאַגני האָט זיך װידער געזעצט. זי האָט געקלערט. נו, אויב ס'איז דאָ עפּעס אַ שטערונג, איז נישט דערפֿאַר אָבער אין אַ צװײטען אָװענד! דאַן װעט שױן קײן שום תירוץ נישט העלפֿען!

נאָר די נאַכט־פֿערזאַמלונג האָט זי נײגיעריג געמאַכט, איהר האָט זיך פֿערװאָלט דערװיסען זיך עפּעס גענױערעס װעגען איהר. צי דען װעט ער װירקליך גלײך פֿון איהר אויף אַ נאַכט־פֿערזאַמלונג געהן? נו, זאָגט אַלײן, װי גרױס און געהײמניספֿול דער דאָזיגער מענש איז! אויף װאָס פֿאַר אַ געביעטען ער פֿערשפּרײט אַלץ זײן טעטיגקײט! זי האָט געזאָגט:

— זענט איהר הײנט עס געקומען נאָר כּדי צו זאָגען, אַז הײנט אָװענד קאָנט איהר מיט מיר אין טעאַטער נישט געהן?

— נײן, — האָט ער געענטפֿערט, — נישט צוליעב דעם. קודם כּל בין איך געקומען אַהער דערפֿאַר, װאָס איהר זענט אַזױ גוט געװען און מיר דערױף אַ ערלױבניש געגעבען, און דאַן בין איך געקומען צו הערען, װאָס איהר װילט רעדען מיט מיר.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — װען איך װאָלט זיך נאָר געקאָנט װאַגען, אײך אַרױסצוזאָגען דאָס אָפֿען.

דאַן האָט זי דערצעהלט, װאָס זי האָט געטראַכט די לעצטע צײט, די מעשה, פֿערשטעהט איהר, איז אַזױ, איהר מאַן איז אין דער הײם נישט געװען, ער איז געװען אויף דער רײזע, ער

וועט צוריק קומען א היים ערשט אין עטליכע מאנאטען ארום. און דאגני'ן האט זיך אזוי געוואלט איהר מאן א קליינעם פערגניגען פערשאפען, ווען ער וועט א היים קומען; מעגליך, אז זי איז נישט געוועזן אזוי ווי זי האט געדארפט צו זיין בשעת ער איז נישטא. נו, איבריגענס, וועגען דעם איז שוין גלייכער צו פערשווייגען. נאר איצט האט זי געמיינט, אז לונגע, וואס האט אזא גרויסען איינפלוס אויפ'ן מיניסטעריום, וואלט איהר א ביסעל געקאנט העלפען...

לונגע שאקעלט דעם קאפ...

זי וויל, דער מאן זאל העכער שטייגען אין זיין דיענסט?

ניין, דאס איז אוודאי נישט מעגליך? אמת? דערין פערשטעהט זי גארנישט. נאר זי וואלט זעהר וועלען איהר מאן א קליין פערגניגען פערשאפען, איהם דערפרעהען מיט עפעס. דעם אמת רעדענדיג האט זי, — וועגען אזעלכע זאכען איז אוודאי א חרפה צו רעדען; — נאר זי האט געקלערט וועגען אנ'ארדען פאר איהם, וועגען א קרייץ פאר אויסצייכנונג.

דאס אלץ האט דאגני ארויסגעזאגט אין דער פארם פון איין לאנגער פראגע און די גאנצע צייט האט זי אכטונג געגעבען אויף לונגע'ס געזיכט, וועהרענד זי האט גערעדט. עס איז נישט קענטיג געוועזן, אז ער זאל רעכענען איהר אנצוזאגען, אדרבא, עס האט אויסגעזעהן, אז ער איז כמעט גרייט געוועזן איהר א האפנונג צו געבען.

ער האט זיך צעלאכט און געזאגט:

— א ארדען? אייער מאן א ארדען? צי דען האבען אזעלכע זאכען א ווערט פאר אייך?

זי האט ענערגיש דעם קאפ א שאקעל געטהון.

— ניין, ניין! — האט זי א געשריי געטהון. — נישט פאר מיר, דאס ווייסט איהר גאנץ גוט. נאר, גאט מיינער, אויב פאר איהם האט דאס א ווערט? ווייל ער איז דאך איינער פון דעם סארט מענשען.

— אזוי! — האט לונגע געזאגט.

ער איז שטיל געבליבען א געוויסע צייט. ביידע האבען געשוויגען.

— דאס גאנצע אונגליק איז נאר דאס, — האט ער ווייטער

געזאָגט, — וואָס דאָס מיניסטעריום געהט אראָב, אָנשטאָט איהם וועט קומען אַ רעכטעס מיניסטעריום, און דאַן וועל איך כמעט גאָרנישט קאָנען אויפטהין.

זי שווייגט. בײדע שווייגען.

— ווי פערדראָסיג דאָס איז! — האָט זי ענדליך געזאָגט. — ווען נישט דאָס, וואָלט איהר דאָס געווים געטהון, אמת? זאָגט, איהר וואָלט דאָס געוואָלט טהון?

— איך וואָלט אלעספאלס געטהון אלץ, וואָס איך וואָלט נאָר געקאָנט, — האָט ער געענטפערט.

— אַ דאַנק.

און דער דאָזיגער „דאַנק" האָט זיין האַרץ געריהרט, ער האָט געפרעגט:

— עס אַהרט אייך שטאַרק, וואָס איהר קאָנט נישט דער־פרעהען אייער מאַן מיט דעם דאָזיגען סיורפריז?

— אָ, אין אמת'ען גערעדט, זעהר, — האָט זי געענט־פערט, און אין די אויגען האָבען זיך איהר שיער נישט טרעהרען געשטעלט. — איך וואָלט איהם אַזוי געוואָלט זעהן אַ צופריעדע־נעם. ווייל דעם אמת זאָגענדיג, כין איך אָפט, זעהר אָפט צו־פריעדען געוועזען, וואָס ער איז אין דער היים נישטאָ... נו, לאָמיר מעהר נישט רעדען וועגען דעם! — האָט זי געזאָגט און אָנגעהויבען מיט אַ פרעהליכען טאָן. — צי קאָן איך אייך נאָך עפּעס פרעגען?

— גאָט מײנער, פרעגט, געווים!

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַכט-פערזאַמלונג, וואו איהר דאַרפט זיין? — איהר וועט מיר נישט זאָגען?

— דאָס איז אַ פּאָליטישע פערזאַמלונג, — האָט ער גע־ענטפערט נישט טראַכטענדיג.

— אַ פּאָליטישע פערזאַמלונג? אַזוי שפעט? מען מוז בע־שליסען עפּעס זעהר וויכטיגעס?

און ווידער האָט ער געענטפערט נישט טראַכטענדיג:

— עס האַנדעלט זיך וועגען אראָבזעצען דאָס מיניסטעריום. מיר מוזען זיך אָברעדען דעם טאָג און כלומרשט די סיבה.

לונגע האָט זיך ניִשט געוואָלט מודה זיין, אַז זיין פּאָליטישע הערשאַפט איז אַ ביסעל אָבגעשוואַכט געוואָרען. צווישען די פיהרער פון די לינקע האָבען זיך איינינגע אָנגעהויבען צו בעציהען מיט חשד צו'ם גרויסען רעדאַקטאָר פון זינט זיינע בעריהמטע אַרטיקלען וועגען דער אוניאָן. עס איז אונמעגליך געווען אַנצווייזען בעשטימט, אויף וועמ'ס זייט ער איז געשטאַנען. די בעראַטונגען זענען פאָרגעקומען אָהן איהם. דער פאָרזיצענדער פון סטאָרטינג האָט איהם קיין איין מאָל ניִשט בעזוכט פון זינט דער פּאַרלאַמענט איז געעפענט געוואָרען, לונגע איז שוין מעהר ניִשט נויטיג געוועזן. איצט פלעגט ער זיך שוין נאָר משער זיין, אַז אַ מאָל דאָ אַ מאָל דאָרטען קומען פאָר געהיימע פערזאַמלונגען ביי די הויפט-פיהרער, אין די געדאַנקען איז ער געווען אויף זיי, זיך ווי פריהער בעטייליגט אין די וכוחים, אַרויסגעזאָגט זיינע שאַרפינ מיינונגען און ווי שטענדיג איז ער אויף איין צאָל פון זיינע פּרינציפּען ניִשט אָבגעטרעטען. היינט אָוועַנד איז גאַנץ געוויס אַ בעראַטונג געוועזן, לעפּאָרעלאָ האָט שוין דערשמעקט, און דאָס אַראָבזועצען דעם מיניסטעריום איז, נאַטירליך, געוועזן בעשלאָסען, ביי אַזאַ געשעהעניש האָט ער נאַטירליך געמוזט זיין, זעלבסט פערשטענדליך געמוזט זיין.

— אַזוי גאָר! אַראָבזועצען דאָס מיניסטעריום! — האָט מאַדאַם דאַגני געזאָגט.

זי האָט זיך שטאַרק פערטראַכט. זי האָט זיך אַזוי קלאָר דערמאָהנט, ווי שטאַרק דאָס דאָזיגע מיניסטעריום איז געשטיצט געוואָרען מיט עטליכע יאָהר צוריק, דאָס ערשטע ליבעראַלע מיניסטעריום אין דער געשיכטע פון לאַנד. איהר פאָטער, דער פּראָבסט קיעלאַנד, האָט פערזענליך דעם פּרעמיער-מיניסטער געקענט, ווי אָפט ער פלעגט רעדען מיט זיינע קינדער וועגען דעם דאָזיגען מעכטיגען נאַרוועגישען קעמפּפער, וואָס קיין גלייבען צו איהם איז נאָך אין פּאָטערלאַנד ניִשט געבוירען געוואָרען! דאָס גאַנצע לאַנד איז אין פערלויף פון אַ גאַנצען דור פול געוועזן מיט די אָבקלאַנגען פון זיין שטימע, די הערצער, ציטערענדיג פאַר ענטציקונג, האָבען זיך צו איהם געצויגען, ווען ער האָט זיינע

קאַמפּפּס־רעדעס געהאַלטען. גאָט דו גערעכטער, ווי דאָס אַלץ איז אומעטיג, אויב אַפילו אַזאַ מענש ווי ער קאָן זיך נישט האַלטען אויף זיין פּאָסטען! אַז מען טהוט נאָר אַ קלער, דאָס מען וועט איהם פשוט נעהמען און אָבוואַרפען אין אַ זייט, ווערענד ער האָט זיינע גאַנצע כּרעפטען פאַר דאָס פאָטערלאַנד אָבגעגעבען.

מאַדאַם דאַגני האָט איהם אין האַרצען בעדויערט. זי האָט געזאָגט:

— הייסט עס, דאָס מיניסטעריום וועט ענדליך פאַלען? דער פּרעמיער־מיניסטער אויך?

לונגע האָט געענטפערט קורץ און שאַרף, אָהן דעם מינדעסטען שפור פון סענטימענטאַליטעט:

— געוויס.

הייסט עס, ער וועט אַראָב! דערנאָך וועט מען איהם פערגעסען, מען וועט זיך קיינמאָל נישט דערמאָהנען אָן איהם, מען וועט איהם קיינמאָל אויף'ן גאַס נישט בעגריסען! ער וועט זיין ווי אַ געשטאָרבענער מענש. מאַדאַם דאַגני האָט געציטערט, ווי זי האָט נאָר אַ טראַכט געטהון וועגען דעם.

זי האָט זיך אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר יעדער קאַטאַסטראָפע; נאָך יענעם אונגליקליכען צופאַל מיט'ן אוואַנטורִיסט נאַגעל אין פאָריגען יאָהר, האָט זי מעהר נישט געקאָנט פערטראָגען קיינע ערשיטערונגען, און איצט איז געפאַלען איינער פון די גרעסטע לייט פון נאָרוועגען, מען האָט איהם אַרויסגעוואָרפען, ווי אַ זאַך, וואָס איז שוין אויסגענוצט געוואָרען. יעדע נישטיגע צייטונג אין לאַנד וועט מיטטיילען דעם פאַקט, און דאַן וועט מען וועגען דעם אייביג שווייגען.

— גאָט, ווי דאָס דוכט זיך מיר אוּם טרויעריג! — האָט זי ענדליך געזאָגט.

דער אויפריכטיגער שמערץ, וואָס האָט אין די דאָזיגע ווערטער נעקלונגען, האָט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאַמקייט, זיין אַרטיסטיש האַרץ האָט מיטליידיג אַ צאַפּעל געטהון, ער האָט אַ קוק געטהון אויף איהר כמעט אויך מיט פייכטע אויגען און געזאָגט:

— יאָ, אין טײן אויך אזוי, נאָר . . .

זי איז פּלוצלונג פון דער כאָפּע אויפגעשטאַנען, צו צו איהם, גלײך צו זײן שטוהל, אַרויפגעלעגט איהרע הענד אויף זײן אַקסעל און געזאָגט:

— צי קאָנט איהר איהם נישט רעטען? איהר קאָנט.

ער איז צעמישט געוואָרען, איהר נאָהנטקײט, איהרע ווערטער, דער ריח פון איהר אָטהעם האָבען איהם אויף אַנ'אמת אויף אײן אויגענבליק צעטומעלט.

— איך? — האָט ער געזאָגט.

— יאָ ... אָ, ווען איהר וואָלט דאָס געטהון

— איך וועל דאָס געוויס נישט קאָנען, — האָט ער נאָר געזאָגט.

ווען ער האָט אין דער זעלבער צײט איהרע הענד אָנגענומען, איז זי פּאַמעלעך אָב פון איהם און אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער'ן צימער, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט, און איהם האָט זי ווידער אַלײן געלאָזט.

— ער האָט אונז געדאַרפט צו פאָלגען און מעהר בלײבען געטרײ זײן פערגאַנגענהײט, — האָט לונגע געזאָגט. — דאַן וואָלט ער געקאָנט רעגירען זײן גאַנצען לעבען.

— יאָ, געוויס איז עס אזוי. — מאַדאַם דאַגני האָט זיך ווידער געזעצט אויף דער סאָפע. דאַן האָט זי געזאָגט: — נאָר צי דען איז גלײכער צו האָבען אַ רעכטע רעגירונג?

— יאָ, אַלענפאַלס, אויב נאָר זי ווערט נישט ברעכען די טרײהײט און איהרע פערשפּרעכונגען, — האָט ער געענטפערט.

נאָר פון דעסטוועגען האָט זיך לונגע פערטראַכט וועגען די דאָזיגע ווערטער. צי דען איז פין שטאַנד־פּונקט פון די לינקע פיעל גלײכער געווען צו האָבען אַ רעכטע רעגירונג? נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט ער געזאָגט:

— נאָר איבריגענס זענט איהר גערעכט. מיך האָט איבעראַשט דאָס, וואָס איהר האָט געזאָגט.

זי איז האַלב געלעגען אויף דער סאָפע, זי איז געווען שעהן, איהרע אויגען האָבען געקוקט אויף איהם ווי צווײ בלויע שטערען.

לתּגע האָט געצאַפּעלט, איהם איז שווער געווען בײַצו־שטעהן פֿאַר אַ פֿרוי. דער דאָזיגער מענש, וואָס איז אַזוי שטרענג און אונרחמנות'דיג געווען, וואָס די פֿעסטקײַט פֿון זײַנע פּרינציפּען האָט שוין פֿון לאַנג אַ שם בעקומען, וואָס האָט אַזוי אָהן רחמנות געריינעגט די געזעלשאַפֿט פֿון איהרע אויסוואורפֿען, דער דאָזיגער מענש האָט געציטערט אין האַרצען, ווען ער האָט נאָר געהערט דעם קלאַנג פֿון אַ פֿרויען־שטימע. זי איז גערעכט געווען, ס'איז זעהר מעגליך, אַז ס'איז שוין גאָר נישט אַזוי גוט צו האָבען אַ רעגירונג פֿון בלויז רעכטע. און זײַן לעבהאַפֿטער שׂכל הויבט מאָמענטאַל אָן צו אַרבײַטען, אין זײַן קאָפּ פֿליהען דורך אַלערלײַ מעגליכע פּלענער, ער ברענגט צונויף פֿײַנדליכע פּאַר־טײַען, צעוואַרפֿט טיעפֿזיניגע און זעהר זאָרגפֿעלטיג צונויפֿגע־שטעלטע קאָמבינאַציעס, ווי קינדערשע שפּיעלעכלעך, בעשטימט מיניסטאָרען, ווײַזט אָן, בעפֿויהלט, רעגירט דאָס לאַנד...

ער האָט זיך אויפֿגעהויבען, ווײַל ער איז נישט אים שטאַנד געווען צו בלײַבען רוהיג, און געזאָגט מיט אַ שטימע, וואָס האָט געציטערט פֿאַר אויפֿרעגונג:

— איהר האָט מיר אויף עפּעס אַרויפֿגעבראַכט, מאַדאַם. איך בין אונענדליך ענטציקט פֿון אײַך. איך רעכען עפּעס אונטערצונעהמען...

זי איז אויך אויפֿגעשטאַנען. זי האָט איהם קיין זאַך נישט געפֿרעגט, ער וועט איהר אפשר מעהר נישט וועלען זאָגען, ווײַל דער דאָזיגער מענש איז דאָך אַזוי אונדורכדרינגליך; זי האָט איהם די האַנד דערלאַנגט און ערלויבט זי צו האַלטען. און פּלוצלונג, מיטגעריסען פֿון זײַן היציגקײַט, פֿון זײַן ערפֿינדערי־שען גײַסט, האָט זי אויסגעשריען:

— גאָט מײַנער, וואָס פֿאַר אַ ערהאַבענער מענש איהר זענט!

נאָך מיט אַ פֿיערטעל שעה צוריק, זאָגאַר פֿינף מינוט צוריק וואָלטען די דאָזיגע ווערטער איהם בעוועגט, ער זאָל צוגעהן צו דער דאָזיגער יונגער דאַמע און טהון נאַרישקײַטען; איצט אָבער איז ער שוין געוואָרען דער רעדאַקטאָר, אַ אָפּיציעלע

פערזענליכקייט, וואס איז בעשעפטיגט נאר מיט זיינע פלענער, וואס געפינט זיך אין דער מאכט פון יענע פערצווייפעלטע מעשים, וואס ער האט געפלאנט. אפילו זיינע אויגען זענען פערגליווערט געווארען, די דאזיגע יוגענדליכע אויגען, אונבעוועגליך און דונקעל, זענען געוועזען אנגעשטעלט אויף די לאמפ מיט'ן ווייסען ויידענעם שיין, און די הויט אויפ'ן שטערן האט לייכט אויפגעציטערט. איהר האט זיך פערוואלט נאך א מאר דערמאהנען וועגען ארדען, וועגען קרייץ, זאגען איהם, אז דאס איז פון איהר זייט געוועזען א קינדערשער קאפריז, און בעטען איהם, ער זאל דאס פערגעסען; נאר זי האט איהם נישט געוואלט שטערען, און אויסער דעם האט ער דאס שוין מסתמא פערגעסען. נאר ווען זי איז שוין ביי דער טהיר געשטאנען און לונגע איז שוין אויף דרויסען געוועזען, האט זי זיך נישט געקאנט איינהאלטען און געזאגט:

— און וואס אנבעלאנגט צו'ם קרייץ, אזוי איז דאס צו נאריש געוועזען, לא'מיר דאס פערגעסען; איהר הערט, לא'מיר דאס פערגעסען?

איצט האט זיין פריהעריגע היציגקייט צוריקגעקעהרט צו איהם, זיין צערטליכקייט האט זיך אויפגעחאפט, און ער האט האסטיג די יונגע פרוי ארום די טאליע אנגעהאפט. און אז זי האט אבגעטרעטען צוריק, זיך ארויסגעריסען, האט ער געענטפערט:

— פערגעסען? איך פערגעס קיין זאך נישט!

דאן האט ער איהר א גוטע נאכט געזאגט און איז אוועק. זי איז אויף די טרעפ געבליבען שטעהן און האט איהם נאך א מאל אראבגעשריען:

— מיר וועלען זיך נאך זעהן?

און ער האט פון אונטען געענטפערט:

— אין עטליכע טעג ארום.

לונגע איז פערטראכטערהייד געגאנגען אין די רעדאקציע פון זיין „ציימונג". אין זיין קאפ האט אלץ געראושט און געזידט, פלענער זענען בעשאפען געווארען, וויכטיגע בעשלוסען זענען

אָנגענומען געיאָרען; איינִיגע מאָל האָט ער זיך שִׁיער נִישט אָנגעשטויסען מִיט מענשען אויף דער גאַס. עס אִיז ערשט געהען עלף דער זייגער, די שטאָדט אִיז נאָך געווען אויף, אַלע לאַמטערען האָבען נאָך געברענט.

לונגע האָט זיך געגרייט נאָך אַ מאָל צו אִיבּעררַאשען דאָס לאַנד.

טראָץ אַלעם, נִישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט געאַרבּייט און אַגיטירט איין מאָנאַט נאָכ'ן אַנדערן, האָט ער איצט, פּונקט פֿערקעהרט, געוואָלט רעטען דאָס מינִיסטעריום. ער האָט געוואָלט פֿאָרלעגען אַ ראַדיקאַלען שינוי, אִיבּערלאָזען דעם פּרעמיער און איינעם אָדער צוויי פֿון די שטאַטס-ראַטען, די אִיבּעריגע מוזען אַלע אומגעביטען ווערען אויף נייע מענשען, און דאָס אַלץ — כּדי נִישט צו דערלאָזען. עס זאָל זיך בּילדען אַ רעכטעס מינִיסטעריום. צי דען קאָן אַנ'אמת'ער ליבּעראַל זיך אַנדערש אויפֿפֿיהרען? צי דען קאָן ער זיך בּעשליסען צו שאַפֿען פֿאַר'ן לאַנד אַ רעגירונג פֿון בּלויז רעכטע, איצט, ווען עס מוזען דורכגעפֿיהרט ווערען וויכטיגע רעפֿאָרמען? לונגע האָט שוין אין זינען געהאַט וויכטיגע פֿאָרשטעהער פֿון די לינקע, וואָס דאַרפֿען בּעשטימט ווערען אין נייען מינִיסטעריום, זיין מינִיסטאָרען-צעטעל אִיז שוין גרייט געווען, ער וועט אַליין אָנווייזען אויף די פּערזאָנען, ווען די צייט וועט קומען.

און ווידער וועלען דער „נאָרוועגער" און די דאָגמאַטישע אָנפֿיהרער פֿון די לינקע מִיט די צייהן קריטשען, פֿאַרוואָס זייערע בּעשלוסען ווערען אָבּגעוואָרפֿען. אהאָ, ווי זיי וועלען זיך צעשרייען! נאָר וואָס מאַכט עס אוים? צי דען אִיז ער נִישט געוואָהנט קיין שטורם אויסצושטעהן? ער וועט זיי ווייזען די דאָזיגע וואוילע מענשען, אַז מען קאָן נִישט אונבּעשטראָפֿט פֿערגעסען אָן אִיהם — דעם רעדאַקטאָר לונגע — און נִישט איינלאַדען אִיהם אויף זייערע נאַכט-פֿערזאַמלונגען. זיין שאַרף אויג האָט גוט בּעמערקט, אַז דער פּערזאָן פֿון די לינקע האָט אַ קאָאַליציע איינגעאָרדענט אין „ראָיאַל" אָהן אִיהם. אִיהם האָט מען געוואָלט אויסמייַדען, אויפֿ'ן הינטערשטען פּלאַן אָבּרוקען; ער וואָלט נאָר וועלען זעהן, ווער

עס וועט געווינען פון אזא מין חוצפה. צו דען האט ער כמעט א
האלב לעבען זיינס נישט געדינט דעם פאטערלאנד און די פארטיי
ווי א שקלאף?

לונגע האט אין דעם אויגענבליק נישט געלייקענט פאר זיך
אליין, אז אינ'ם צוטרויען פון פאלק צו זיין פאליטיק איז א ענ-
דערונג פאר געקומען. געוויס, דאס פאלק האט זיך געענדערט,
דאס האט ער גוט געזעהן. דאס פאלק איז שוין נישט געווען איי-
נגאנצען אין זיינע הענד, עס האט זיך צעטיילט, איינינע זענען
געווען פאר איהם, אנדערע געגען איהם, מען האט וועגען איהם
וכוחים געפיהרט, און דאס אלץ איז געווארען צוליעב די דאזיגע
אונגעלונגענע ארטיקלען וועגען דער אוניאן. נו, ער וועט נאך
דאס פאלק צווינגען זיך מישב צו זיין, ער האט וויעדער דעם אייזען
אויפ'ן פייער געלעגט און וועט הייסען דעם האמער טאנצען אויף
איהם, שפיעלען אויף איהם אזא שפיעל, אז די גאנצע וועלט
וועט ערשטוינט זיין. אין דער פראווינץ האט מען נאך דעם נא-
מען פון פרעמיער-מיניסטער געליעבט, מענשען, וואס פלעגען
זיין לויב הערען, האבען דאס גאנצע לעבען איהם פון הארצען
נישט געקאנט ארויסרייסען. און אט וועט לונגע קומען ווי א
שטורם-ווינד, וועט ראקעטען אנצינדען, וועט וויעדער דעם הוט
אין די הויך א ווארף טהון און ביי די קלאנגע פון מוזיק וועט ער
וויעדער דעם אלטען העלד אויף זיין פיעדעסטאל אויפהויבען.
דאס פאלק וועט זיך מיט אמאל אנהויבען צוהערען צו די דא-
זיגע קלאנגען, דאס זענען בעקאנטע קלאנגען, אין זיי ליעגט א
מאכט, און ער וועט וויעדער שאלען ווי פריהער, ווי אין אמאליגע
צייטען. יא, לונגע האט געוואוסט וואס ער טהוט.

„מיר וועלען זיך נאך מסתמא זעהן?" יא, זיי וועלען זיך
נאך זעהן. אין די עטליכע טעג וועט ער דער מאראם דאגני אזא
טובה טהון, וואס קיין אנדער מענש אין גאנצען לאנד וואלט נישט
אימשטאנד געווען צו טהון פאר איהר, זי וועט פאר זיין מאכט
פערטומט ווערען, פערגליווערט בלייבען. זיך אליין וועט ער
אויך טהון א קליינע טובה: ער וועט מאכען, מען זאל איהם האבען
צו געדענקען, דאס וועלען זיין שווערע דריקענדיגע ערא‌ינערונגען,

און נישט אזוי ליבּט וועט מען איהם שוין ווידער פערגעסען · די אויפמערקזאמקייט. וואס ער וועט צוציהען צו זיך, מוז איהם אויף א לאנגע צייט פערהיטען פון יעדען שאדען, און ער האט שוין געקלערט א ביסעל צו פערגרעסערן די „צייטונג“, גרעסער מאכען איהר פארמאט אויף איין צאל, אין אנפאנג פון נייען קווארטאל וועט דאס איבערראשען די טויזענדער נייע אבאנענטען, וואס דארפען איצט צוקומען.

און וואס וועלען מענשען זאגען, וואס וועט די גאנצע וועלט זאגען? די צייטונגען, זיינע קאלעגען, זיינע קאנקורענטען; די לינקע פרעסע וועט זיין דערצארנט; פארוואס נישט? דאס גראד וויל ער דאך טאקי, אז מען זאל כסדר ובוחים פיהרען ארום זיין נאמען און זיין צייטונג. איבריגענס האט ער געקענט די לינקע פרעסע, זי האט זיך פערנייגט, ווי מען האט זיך געדארפט פערנייגען, ווען ער האט גערעדט; זי האט זיך געהאט א גרופע פון בכבודיגע רעדאקטארען, וואס זייער קראפט איז כלל נישט געווען אין זייער קאפ. ער האט זיי אזוי אפט פערבלענדעט, זיי האבען זיך גענייגט פאר איהם, גערעדט דאס זעלבע, וואס ער האט גערעדט; ווען ער וואלט זיי געהייסען זיינע שקאפעטען פערריכטען, וואלטען זיי פערריכט. דער איינציגער ארגאן, וואס וועט אפשר צעטומעלט ווערען און וועט בעטען, מען זאל איהם צייט געבען זיך צו בעקלערען, וועט זיין דער „נארוועגער“. ווען לונגע וועט ארויסטרעטען מיט זיין נייען פלאן פון א מיניסטעריום, וועט דער רעדאקטאר פון „נארוועגער“ אויף איין אויגענבליק צעטומעלט ווערען, דאן וועט ער רעדען די ווערטער, וואס מען דארף רעדען, איינרוימען זיינע ספיקות מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט און וועט זיך פעסט האלטען ביי דאס זייניגע. א, לונגע האט איהם געקענט. און זאל דער „נארוועגער“ פרובען זאגען, אז זיין גאנצע וויכטיגע און פיינע דיפלאמאטישע קאמבינאציע איז נישט מעהר ווי א פערראט געגען זיינע אייגענע איבערצייגונגען— וועט ער איהם צוריק א קלאפ טהון ווי עס דארף צו זיין. ניין, דאס איז נישט געווען קיין פערראט געגען די איבערצייגונגען, פערקעהרט, גראד אלס איבערצייגטער לינקער מוז ער דעם דאזיגע

שריט מאכען; דאס איז נישט געווען קיין פעררעט געגען די איבערצייגונגען, דאס איז געווען א פאליטיק אין פאליטיק, דער זעלבער מארש, נאר נאך אנ'אנדער טעמפא.

לונגע איז שוין צוגעגאנגען צו דער טהיר פון רעדאקציע דא איז ער שטעהן געבליבען און אנגעהויבען צו קלערען. אייגענטליך איז עס דאך גאר איבעריג עפעס אנצוהויבען היינט אוונד; דער מארגען-נומער פון דער „צייטונג" איז שוין איבערפול, און אויסער דעם וועט ער אפשר מוזען איין נאכט ארומקלערען די פרטים. ער איז שוין כמעט גרייט געווען צוריק צו געהן, נאר פון זיין שטענדיגער רגילות האט ער געעפענט דאס בריעף-קעסטעל און ארויסגענומען די אנגעקומענע קארעספאנדענץ: די צייטונגען האט ער איבערגעלאזט.

ער איז צוגעגאנגען צום טויער און דורכגעקוקט די בריעף ביי'ם שיין פון א לאמטערען. ער האט זיך לענגער אבגעשטעלט ביי איין גרויסען געלען פאקעט, וואס איז געווען פערשטעמפעלט מיט טריוואקס, און האט איהם געעפענט מיט א געוויסער נייגיעריגקייט.

פלוצלונג איז לונגע אויפגעציטערט געווארען, אויף איין אויגענבליק האט ער זאגאר דעם אטעם איינגעהאלטען. דער פרעמיער-מיניסטער! דער אנפיהרער פון מיניסטעריום וויל רעדען מיט איהם, וויל זיך מיט איהם דורכשמועסען ווי מעגליך שנעלער ביינאכט צי ביטאג. דער בריעף איז צוגעשיקט געווארען מיט א שליח.

וואס פאר א גליק דאס איז, וואס ער האט פשוט אינסטינקטיוו בעשלאסען אין רעדאקציע אפצוטרעטען! א שמועס ביי טאג אבער ביינאכט, דאס איז געווען עפעס וויכטיגעס, אפשר פיהלט זיך זיין עקסעלענץ צו שוואך אויף זיין שטוהל? נו איז נאך בעסער, דאן וועט לונגע'ס נצחון נאך גרעסער, נאך בערייטענדער זיין. אויב מען האט איהם אויסגעמיידט אויף די געהיימע בעראטונגען ביי די פיהרער פון די לינקע, וועט ער דערפאר האבען זיין נאכט-בעראטונג, דער פרעמיער-מיניסטער אליין האט איהם גערופען.

לונגע האט א דראָזשקע גענומען און איז האסטיג געפאָהרען אויף די טאָ־באָר־גאס. דאָ איז ער אראָב און איז צו פוס געגאנגען אויף סטיפּטסהאָרדען. איז נישט א מאָל דאָ אויך געוועזען עמיץ פון זיינע בעקאנטע, וואָס זאָל זעהן, וואוהין ער געהט אום האלבע נאַכט? ער האָט זיך ארומגעקוקט: די גאס איז געוועזען לעער, עס איז נישט געוועזען קיינער, וואָס וואָלט איהם געקאָנט זעהן. ער האָט אָנגעקלונגען, די טהיר האָט זיך געעפענט, מען האָט געוואַרט אויף איהם, מען האָט איהם אָהן מעלדונג אריינגעלאָזט.

דער אַלטער גרויער „עקסעלענץ״ האָט איהם אויפגענומען אין זיין פריוואַטען קאַבינעט.

— איך האָב מיך געוואַגט אייך מטריח צו זיין. איינצולאַדען אייך אהער, ווייל עס שטעהט פאָר עפּעס וויכטיגעס, — האָט ער געזאָגט. — איך דאַנק אייך, וואָס איהר זענט געקימען.

די דאָזיגע שטימע, די דאָזיגע שטימע! לונגע האָט זי שוין נישט איין מאָל פריהער געהערט אין זאַל פון פּאַרלאַמענט, פון דער טריבונע, פאַר א מאַסע מענשען. לונגע האָט געצאַפּעלט.

זיי האָבען זיך געזעצט איינער געגען אנדערן.

— איך האָב גערעכענט, — האָט זיין עקסעלענץ געזאָגט, — אַז איהר וועט היינט אין אָווענד אַבטרעטען אין די רעדאַקציע, ווען איהר וועט צוריק געהן פון דער בעראַטונג.

לונגע האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר מיט'ן קאָפּ א שאָקעל געטהון. ביי אזא געשעהעניש ווי די דאָזיגע בעראַטונג האָט ער נאַטירליך געמוזט זיין, דאָס איז זעלבסט פערשטענדליך — ער איז געוועזען.

— איך ווייס לייידער, — האָט זיין עקסעלענץ ווייטער גע־רעדט, — אַז די לעצטע צייט איז צווישען אייך, הערר רעדאַק־טאָר, און מיר געוועזען פיעל מיספערשטענדניסען. איך בעדויער דאָס און וויל אין קיין פאַל נישט מיינע פעהלערען פערטיידיגען אין דער שווערער צייט פון קריזיס. ווען דאָס ערשטע ליבעראַלע מיני־סטעריום אין לאַנד האָט אין איהרע הענד די רעגירונג איבער־גענומען, האָבען מיר, רעגירונגס־לייט, געהאַט פיעל מעהר ארבייט, ווי עמיץ קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען, מען האָט געמוזט

שטארק אבטונג געבען, אז מען זאל זיך נישט אויסגליטשען, קיין טעות נישט האבען, ווייל דער בארען איז דאך גליטשיג געווען, הערר רעדאקטאר, איך רעד דאס, נישט כדי צו פערטיידיגען זיך, נאר פון דעסטוועגען מיין איך, אז דאס דארף אביסעל לייכטער מאכען די שולד.

— זעלבסט פערשטענדליך, עקסעלענץ...

— אין אמת'ען איז דאך נישט געמאכט געווארען קיין איין פעהלער, וואס מען זאל איהם נישט קאנען פעררינכטען, — האט זיין עקסעלענץ ווייטער גערעדט אל מיט דעם זעלביגען, כמעט הארציגען טאן. — ביי א גוטע, ווי גן וואלטען דאס אלע געקאנט איינזעהן, און ווייטער וועט די געשיכטע אורטיילען. פיעל קאן מען שוין איצט פעררינכטען, זיין לאנגע טעטיגקייט האט בעוויזען, ווי אונערמידליך זיין ווונש איז דעם לאנד צו דינען. און איצט עקסעלענץ האט נישט געוואוסט, וואס דער הערר רעדאקטאר דאט געוואוסט, איהם איז נישט בעקאנט געווען די רעזאלוציע, וואס די אפאזיציע האט היינט אוועגד אנגענומען בנוגע צום מיניסטעריום, נאר אויב זי האט בעשלאסען ארגאניזירען דאס מיניסטעריום גראד איצט, אזוי וועט מארגען די זון אויפשיינען איבער א פאלק, וואס ווייס אליין נישט, וואס עס האט אבגעזהין, שווער וועט זיין די פעראנטווארטליכקייט צו טראגען. און ווידער האט דער מיניסטער געבעטען ענטשולדיגונג דערפאר וואס ער האט דעם הערען רעדאקטאר געצוואונגען צו קומען אזוי שפעט אין סטיפטסהארדען. ווייל ער האט זיך דאך שוין משער געווען, אז מען וועט די רעגירונג צווינגען זיך אנצוגעבען אין דימיסיע אין איינעם פון די נעהנטסטע טעג, און אפשר שוין מארגען.

— עקסעלענץ, ס'איז מעגליך, אז איהר האט קיין טעות נישט, — האט לוננע געזאגט.

איבריגענס האט ער שוין עטליכע מאל געוואלט איבערשלאגען דעם מיניסטער, געוואלט ערקלערען, אז נאך איידער ער איז אהער געקומען, האט ער שוין אלענפאלס בעשלאסען צו לאזען דעם הויפט פון דער רעגירונג אויף זיין פאסטען; נאר

דיזער אלייניגע פארלאמענטארישער פיהרער האט איהם נישט געלאזט
צום ווארט קומען, געוואלט איהם איבערצייגען, זיין ווידערשטאנד
בעזיעגען. לונגע האט איהם געלאזט ווייטער רעדען.

דער מיניסטער האט זיך אויף זיין שטוהל געזעצט אין א
מאיעסטעטישער און שענער פאזע, ער האט גערעדט שארפזיניגע
זאכען, לעבהאפטע בעוועגונגען געמאכט, א רעדע געהאלטען.
מיט פיעל געניטקייט און היץ האט ער ענטוויקעלט זיינע מיינונ־
גען וועגען דער איצטיגער לאגע, געפרעגט, געצוואונגען לונגע'
צו ענטפערן און ווייטער גערעדט ערהאבענע ווערטער. ער האט
זעהר געאכטעט לונגע'ס טאלאנטפולען ווידערשטאנד, די טיעפען
אויפריכטיגקייט פון זיינע אנפאלען; אזעלכע אנפאלען קאנען
ארויסשטאמען נאר פון טיעפער און הייליגער איבערצייגונגס-קראפט,
און ער מעג מיט זיי שטאלצירען. נאר איצט וועט ער איהם
פרעגען, אין גראד דערפאר, ווייל דער העררר רעדאקטאר האט
אזוי אויסגעצייכענט געקאנט זיין זאך, ווייל ער איז אין זיין ארט
געוועזן דער איינציגער טאלענט אין דער פארטיי, וועט ער איהם
פרעגען, צי קאן מען זיך, לויט זיין מיינונג, ערלויבען, מיטצו־
העלפען אריבערצוגעבען די מאכט צו א רעכטער רעגיערונג גראד
איצט, ווען די אלע זאכען, וואס צוליעב זיי האט דער העררר
רעדאקטאר, ווי אויך ער אליין און אלע פערזענליגטע לינקע, האבען
אין פערלויף פון די אלע לאנגע יאהרען געארבייט, אט די זאכען
האבען איצט געהאלטען אויסגעפיהרט צו ווערען? צי קאן ער דאס
פערטיידיגען?

דער מיניסטער האט די גאנצע צייט, וואס ער האט גע־
רעדט, געוואוסט, וואס פאר א ווערטער ער דארף צו געברויכען.
ער האט לונגע'ן געקאנט דורך און דורך, קיין זאך אין איהם איז
נישט געוועזן פערהוילען פון דעם אלטען היטרען עקסעלענץ.
ער האט אכטונג געגעבען אויף לונגע'ס פאליטישע קאמבינאציעס
אין דער פראגע וועגען דער אוניאן, און האט די מינוט אפשר
געוואוסט, אז לונגע איז כלל נישט געקומען פון דער בעראטונג,
אז די לינקע האבען איהם שוין בכלל נישט בלינד צוגעטרויט.
נאר עקסעלענץ האט גאנץ וואויל געזעהן די שרעקליכע אז

ערשטוינענדיגע זשורנאליסטישע געשיקטהייט פון דעם דאזיגען רעדאקטאר. צווישען פאלק האט זיין נאמען נאך אלץ געהאט זיין אמאליגע קראפט און רוהם. זיין צייטונג האט מען געליינט און זיך ענטציקט פון איהר, די פראווינציעלע פרעסע האט נאך אלץ מיט בעוואונדערונג ציטירט זיינע זיבען־שורות׳דיגע נאטיצען. עקסעלענץ האט געוואוסט, אז דער דאזיגער מענש וואלט איהם געקאנט נוצען ברענגען, יא, ער איז כמעט געווען איבערצייגט, אז אויב לונגע זאל זיך נעהמען צו דער זאך ווי עס דארף צו זיין, וועט זיין מיניסטעריום בלייבען אויף זיין פאסטען, טראץ אלע געהיימע בעראטונגען פון היינט אוועגד.

ער איז אויפגעשטאנען און לונגע׳ן א ציגאר פארגעלעגט.

דער רעדאקטאר איז נאך געזעסען, פערשביר׳ט פון די אבקלאנגען פון מיניסטערס שענע ווערטער. יא, אט אזוי האט ער איהם אויך פריהער נישט איין מאל געהערט, אין זאל פון פארלאמענט, אויף די פאלקס־פערזאמלונגען, מיט יאהרען צוריק. גרויסער גאט, ווי פעהיג דער דאזיגער מענש איז געווען אויפצוהיצען און מיטרייסען מיט זיך מענשען אויף טאפפערע מעשים.

ער האט אויפריכטיג געזאגט, אז די ארבייט אייף אויסצוברעטען א וועג פאר א רעכטע רעגיערונג איז פאר איהם גאנץ וועניג געווען אנציהענד. ער האט שוין אייך געקלערט, צי איז נישט מעגליך צו געפינען א מיטעל, ווי דאס אויסצומיידען. און ס׳איז ביי איהם געבליבען, אז ס׳איז מעגליך אומצובייטען די איבעריגע מיניסטארען.

— איך האב געקלערט וועגען אומבייטען די פערזאנען פון מיניסטעריום פון אייער עקסעלענץ.

— זעלבסט פערשטענדליך! — שלאגט איהם האסטיג איבער דער מיניסטער. — זעלבסט פערשטענדליך מוזען מיר בעזייטיגען מעהר ווי א העלפט פון אונזערע ראטען און אויף זייערע ערטער בעשטימען נייע מענשען, וואס קאנען און ווילען דינען דעם לאנד אין פערלויף פון דעם דאזיגען קריזיס.

און זיי זענען אין אלגעמיינעם געקומען צו אן איינשטימיגג.

זיי האבען נאך א גאנצע שטונדע געשמועסט, פערניכטעט

און בעשאפען, צוזאמען ארומגערעדט די פרטים און געדאנקט איינער דעם צווייטען פאר יעדען וויכטיגען און געלונגענעם געדאנק. נאר וואס אנבעלאנגט צו דער צייטונגס-פאלעמיק האט עקסעלענץ געוואלט זיך אינגאנצען פערלאזען אויפ'ן רעדאקטאר. ער אליין האט נישט געקאנט שרייבען, ער האט א מאך געטהון מיט די הענד און שפאסיג געזאגט:

— עס איז קיין פערגניגען נישט אונטער אייער פעדער ארונטערצופאלען, העהר רעדאקטאר!

לונגע'ן זענען שוין איף דער צונג געלעגען איינינע ווערטער וועגען דער געשיכטע מיט'ן ארדען, מיט'ן קרייץ פאר מאדאם דאנני'ס מאן, וואס דער מיניסטער וואלט איהם איצט, נאטירליך, מיט פערגניגען צוגעזאגט; נאר עס איז צו לייכטזיניג געווען צו רעדען וועגען אזא אונבעדייטענדער, קינדערשער זאך אין אזא ערנסטען אווענד. לונגע וועט אונטערווארטען, דערויף וועט אויך קומען א צייט, שפעטער. ווען ער האט זיך געזעגענט מיט'ן מיניסטער, האט ער וועגען ארדען נישט דערמאהנט.

בײ'ם טהיר, דריקענדיג לונגע'ס האנד צו'ם לעצטען מאל, האט עקסעלענץ נאך א מאל געזאגט:

— איך דאנק אייך נאך א מאל, וואס איהר זענט געקומען. מיר האבען היינט אווענד נארוועגען א גרויסע טובה געטהון.

און לונגע איז ארויס.

די גאס איז געווען וויסט, אלע גאסען זענען געווען וויסט, די שטאדט איז געשלאפען. לונגע האט זיך געלאזט געהן אין רעדאקציע אריין.

ער האט געוואלט צו רעכט מאכען זיין ערשטען ארטיקעל נאך היינט, ווען זיין פלאם האט העל געברענט. דאס, וואס ער וועט איצט אנשרייבען, מוז אלעמען ערשטוינען, עס וועט געלייענט ווערען איבעראל און אומעטום וועט מען רעדען וועגען דעם, מען וועט עס אונענדליך מאל וויעדערהאלען, איף אויסענווענדיג אויסלערנען. מען מוז די אויפגאבע גוט אויספיהרען.

לונגע האט געוואוסט, אז ער האט זיך איצט צוגעגרייט נאך איין קלאפצו געבען זיין איינענער פאליטישער בעדייטונג.

נו איז וואס? דאס וועט אבער טויזענד מאל לויגען צוליעב יענעם גרויסען נצחון, וואס ער קלערט זיך דערמיט צו פערשאפען. ער האט זיך שוין פארגעשטעלט אין געדאנקען, אז זיין צייטונג איז די סאמע גרעסטע אין לאנד, האט צעהנדליגער טויזענד אבאנענטען, א אייגענעם טעלעגראף, א אייגענע באהן, א עקספעדיציע צו ענטדעקען דעם נארד-פאל, אבטהיילונגען אין אלע טהיילען פון דער וועלט, לופט-באלאנען, פאסט-טויבען, א אייגענעם טעאטער און א אייגענע קירכע נאר פאר די אייגענע דרוק-אנגעשטעלטע. ווי קליינליך איז אלעס איבעריגע געזען אין פערגלייך מיט אזעלכע ריעזיגע זעהונגען! וואס מאכט עס אויס. אויב ער וועט פערליערען א טהייל צוטרויען פון גוטע מענשען? נארישקייטען, נארישקייטען! זאל ער אפילו דעם גאנצען צוטרויען פערליערען, ער וועט זיך אויף אנ'אנדער וועג געהן. און וואס פאר א לויהן האט ער דאס בעקומען פאר זיין אונערמידליכע מיה לטובת די ראזינע העלדען, וואס דינען כלומר'שט דעם פאטערלאנד?

צי דען האט עס איהם פערשאפט יענעם כבוד, וואס ער האט אייגענטליך געוואלט האבען? צי דען האבען איידעלע מענשען פאר איהם דעם הוט געצויגען? צי דען האבען בישאפען און גענעראלען איהם בעגריסט? צי דען איז ביי זיערע טעבלעטער אין די אויגען דונקעל געווארען פאר פערוואונדערונג, ווען ער איז פאר זיי אויפ'ן גאס פערבייגעגאנגען? אח, אלעקסאנדער לונגע, טראץ אלע גוטע זאכען, וואס ער האט אויפגעטהון, איז פון אומעטום געווען אויסגעשלאסען. אפילו די שטאלצע ליבעראל'ען האבען אנגעהויבען אהן איהם פערזאמלונגען צו מאכען. אדער צו'ם ביישפיעל, אט דעם גענעראלס טאכטער, וואס האט אליין אנגעטריבען פיער פערד אין קאפענהאגען, — צי דען האט זי געגעבען צו מערקען, אז זי קען איהם, ווען זי איז פערביי געגאנגען? ניין, אבסאלוט נישט, חאטש ער האט וועגען איהר אזא פיינע נאטיץ געגעבען אין זיין צייטונג.

ניין, מיט איהם טאר מען נישט שפאסען, בנאמנות, מען טאר נישט. ער איז אויף אלץ געווען פעהיג, קיינער האט נישט געקאנט זיין חאראקטער און זיין קראפט. ער וועט זיעגען אין זיין

נײַער פּאָליטיק, מענשען וועלען זיך ווידער בויגען פאַר איהם, ער וועט זייער פיהרער זײַן, ער וועט זיי צווינגען זיך צו'ם שכל צו נעהמען. ווידער וועלען זיך גאַנצע מאַסע'ן צו זײַנע בעשלוס'ן צוהערען אין אַלע אַנגעלעגענהײַטען.

לונגע איז אַרײַן אין רעדאַקציע. ס'איז פינסטער געווען. ער האָט ליכטיג געמאַכט און בעקוקט דעם אויווען, דער אויווען איז געווען לעדיג, דאַן האָט ער זיך צו'ם טיש געזעצט און זיך צו דער פעדער גענומען. זײַן אַרטיקעל מוז זײַן שווער און פלאַם, ער מוז פעהיג זײַן צו ערשטוינען און אויפצופלאַמען. ער טונקט אײַן די פעדער, וויל אָנהויבען, נאָר שטעלט זיך אָב.

זײַן בליק פאַלט אויף די בלויע בוכשטאַבען אויף זײַן האַנד, די דאָזיגע שאַנד-פלעקען, וואָס האָבען זײַן האַנד גראָב געמאַכט. פון אַלטער רגילות און גאַנץ מעכאַניש הויבט ער זיי אָן צו רײַבען, עטעמט אויף זיי און רײַבט זיי ווידער. ענדליך לאָזט ער דאָס אָב.

און דער רעדאַקטאָר לונגע שרײַבט. ער זיצט אין דעם דאָזיגען קאַלטען צימער, וואו דאָס פײַער אין אויווען איז פערלאָשען, און שרײַבט מיט זײַנע שאַנד-בעפלעקטע הענד ביז שפּעט-שפּעט בײַנאַכט.

---

## XIII.

אין פערלויף פון פיעל טעג איז צווישען לונגע'ן און די לינקע געפיהרט געוואָרען אַ וכּוח וועגען מיניסטעריום. אין יענע טעג האָט מען זיך צו'ם וועניגסטען ווי אַלץ גערעכענט מיט'ן „טאָן פון דער פּרעסע". דער טאָן פון דער פּרעסע איז אין אמת'ען געווען נישט אַזוי, ווי ער האָט געדאַרפט צו זײַן; נאָר ווען די רעכטע האָבען איראָניש געפרעגט די „צײַטונג", וואָס זי האָט מיט איהר טאָן געמאַכט, האָט לונגע'ן געמאַכט אַ מינע, ווי איהם ווילט זיך כלל נישט ענטפערן אויף אַזאַ שפּאַס. ער מוז זײַנע קרעפטען צו אַנדערע צוועקען אויסניצען.

איבריגענס איז עס אַלץ צוגעגאַנגען אַזוי, ווי לונגע האָט

זיך פֿאָרויס משער געווען. די לינקע זענען צו'ם אָנהויב פּשוט צעטומעלט געוואָרען פֿאַר גרויס שטוינונג, דאַן האָט דער „נאָרוועגער" שטיל איינגערוימט זיינע ספֿיקות, און אין גאַנצען לאַנד האָט אַ האַרטער קאַמפּף אויסגעבראָכען. דערווייל אָבער איז לונגע גישט אָהן שטיצע געבליבען, ער איז כּלל נישט אַליין אויף זיין פּאָזיציע געשטאַנען. זיינע משרתים פֿון צווישען די לינקע דעפּוטאַטען פֿון סטאָרטינג און פֿון דער פּראָווינציעלער פּרעסע האָבען איהם זייער האַנד צו הילף דערלאַנגט, אויף וויפֿיעל זיי זענען דאָס אימשטאַנד געווען. דער רעדאַקטאָר פֿון איין אָפּלאַנדישער צייטונג, אַ מענש, וואָס זיין עהרליכקייט איז אַזוי גרויס געווען, אַז מעהר ווי אַ האַלב לאַנד האָט געצווייפֿעלט דערין, דער דאָזיגער מענש האָט איינגעפֿונען, אַז מען טאָר נישט לונגע'ן אַליין אין קאַמפּף לאָזען, און ער איז פּשוט אַריבער אויף דער זייט פֿון דער „צייטונג" און צוזאַמען מיט איהר געקעמפּפֿט.

לעפּאָרעלאָ האָט פֿלייסיג געפֿאָרשט די שטימונג פֿון שטאָדט. ער איז אין „גראַנד" געגאַנגען, זיך צוגעהערט צו די שמועסען ביי „גסאַוועסען", זיך נאָכ'ן טעאַטער צו „אינגבערעט'ן" אַריינגעהאַפּט, אויפֿ'ן נאַס איין דעפּוטאַט פֿון סטאָרטינג אינטערוויואירט, אַלץ כּדי צו דערגעהן די שטימונג פֿון שטאָדט, און וואָס האָט די שטאָדט געזאָגט? די שטאָדט איז געשלאָפֿען אָדער געשוויגען, די שטאָדט האָט זיך אין דער דראַמע בעטהייליגט אָדער פּשוט געקוקט אויף איהר. לונגע אָבער האָט אין קיין פֿאַל נישט מנצח געווען.

אַהאַ, מען שטעלט זיך איהם אַקעגען, מען וויל איהם דעם וועג צו'ם זיעג פֿערשטעלען? לונגע האָט אַלע זעגלען פֿון זיין שיף אויפֿגעהויבען און אָנגעמאַכט אַזאַ גוואַלדיגען טומעל, אַז אַ קורצע צייט האָט מען אויף אַנ'אמת נישט געקאָנט וויסען, מיט וואָס די מלחמה וועט זיך ענדיגען. דאָס מיליטער פֿון זיינע משרתים איז אין פֿערלויף פֿון צוויי טעג נאָך אַמאָל אַזוי גרויס געוואָרען. לונגע'ס פֿעדער האָט אויפֿגעטהון אַ גרויסע אַרבייט, וואָס האָט אַכטונג-פֿערדינט, נאָר ווי מאָדנע דאָס איז געווען, דאָס האָט נישט געגלאַנצט! עס זענען נישט געווען קיין פֿונקען, נישט שטענדיג

ניִשט אונבעֶדיִנגט! עֶס האָט זיִך געֶרוכ͏ֿט, אַז דאָס גאַנצעֶ פֿײַעֶר איִז אויסגעֶגאַנגעֶן.

לונגעֶ האָט אָנגעֶשריִבעֶן עֶטליִכעֶ ארטיִקלעֶן, וואָס איִן זײַ האָט עֶר געֶפּרובט אויסצודריִקעֶן איִן אַ שוואַכעֶר פֿאָרם, ווי גוואַלדיִג גרויס איִז זײַן עֶנטציִקונג פֿוּן פּרעֶמיעֶר־מיִניִסטעֶר. אָפֿט האָט זײַן צײַטונג לײַדעֶר געֶרעֶדט צוּ שאַרפֿעֶ ווערטעֶר, ניִשט שטעֶנדיִג האָט מעֶן איִן די אָנפֿאַלעֶן געֶהיִט די מאָס, ווי עֶס פּאַסט פֿאַר אַ אָרגאַן פֿוּן אַזאַ הויכ͏ֿעֶר בעֶדײַטונג ווי די „צײַטונג", נאָר איִצט איִז קײַן צײַט ניִשט צוּ קלעֶרעֶן וועֶגעֶן אַזעֶלכ͏ֿעֶ זאַכ͏ֿעֶן, איִצט מוזעֶן די ליִנקעֶ פּרובעֶן אויפֿצושטעֶהן ווי אײַן מאַן אויף צוּ בעֶשיִצעֶן דאָס לאַנד פֿוּן אַ רעֶכ͏ֿטעֶר רעֶגיִערונג. מעֶן מוז די מאַכ͏ֿט וויִעדעֶר אָבגעֶביִן איִן די העֶנד פֿוּן פּרעֶמיעֶר-מיִניִסטעֶר, איִהם עֶרלויבעֶן נאָך אַמאָל צוּ פּרובעֶן רעֶגיִערעֶן דאָס לאַנד צוזאַמעֶן מיִט מעֶנשעֶן, וואָס דאָס פֿאָלק שעֶנקט זײַ צוטרויעֶן, מיִט די בעֶסטעֶ פֿאָרשטעֶהעֶר פֿוּן די ליִנקעֶ. דאָס איִז געֶוועֶן דעֶר אײַנציִגעֶר אויסגאַנג, קײַן אַנדעֶר ברירה איִז ניִשטאָ. און לונגעֶ האָט זאָגאַר עֶרנסט ציִטיִרט די ווערטעֶר, וואָס אײַנעֶר אַ אויסלעֶנדעֶר האָט צוּ איִהם איִן שפּאַס געֶשריִבעֶן, — מעֶן מוז זיִך פֿעֶסט האַלטעֶן מיִט דעֶר רעֶגיִערונג, וואָס נאָרוועֶגעֶן בעֶזיִצט, דאָס איִז דעֶר סאַמעֶ עֶרהאַבעֶנסטעֶר אמת דערמיִט ווײַזט מעֶן אַרויס אַ ווידעֶרשטאַנד דעֶר גאַנצעֶר רעֶאַקציעֶ איִן אײראָפּעֶ.

דעֶר „נאָרוועֶגעֶר" האָט זיִך מיִט עקשנות, אונעֶרשיִטעֶרליִך בײַ זײַנס געֶהאַלטעֶן, אַזוי ווי שטעֶנדיִג, עֶר האָט געֶפֿרעֶגט, צי האָט עֶר אַמאָל נישט פֿעֶרהעֶרט, צי האָט די „צײַטונג" אין אמת'עֶ בדעה צוּ לאָזעֶן אויף זײַן פּאָסטעֶן דעֶם דאָזיִגעֶן פּרעֶמיעֶר־מיניסטעֶר וואָס זי האָט איהם יאָהר איַן יאָהר אוים און טאָג אײַן טאָג אוים געֶזיִדעֶלט אַלס פֿעֶררעֶטעֶר און ליגנעֶר?

נאָר לונגעֶ האָט דעֶם אַלטעֶן שוטה מיִט אַ הויכ͏ֿמוטיִגעֶן שפּאַס געֶעֶנטפֿעֶרט: יאָ, צי איִז דאָס ניִשט וואונדעֶרבאַר? טראַץ דעֶם, וואָס צוויי מאָל צוויי איִז פֿיִער, טראָץ דעֶם הונגעֶר איִן חינאַ, טראָץ דעֶם טויט פֿוּן קעֶניִג פֿעֶרדיִנאַנד, בלײַבט עֶר דאָך בײַ דאָס זײַניִגעֶ, אַז מעֶן מוז נאָר די מיִניִסטאָרעֶן אומבײַטעֶן,

נאָר לאָזען דעם פּרעמיער, כּדי די רעכטע זאָלען די מאַכט נישט בעקומען. האָט שוין דער „נאָרוועגער" איצט פֿערשטאַנען?

נאָר אין זאַל און אין די קולואַרען פון סטאָרטינג האָט אין יענע טעג געהערשט די פּיינליכסטע אונרוהיגקייט, די דעפּוטאַטען האָבען איינער דעם צווייטען פאַר א קלאַפּע אָנגעכאַפּט, געשטאַנען איינער פאַר'ן צווייטען און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, פול מיט די אונערשיטערליכסטע איבערצייגונגען און מיט א ווייטיגען מיין אין האַרצען.

ווען זיי וואָלטען נאָר געקאָנט וויסען, ווער פון די ביידע צדדים וועט מנצח זיין! ווער איז גערעכט? זיי האָבען געקלערט וועגען די וואַהלען און נישט געוואוסט, וואָס צו טהון. דער אַלטער פאָרזיצענדער האָט זיי כּלל נישט געקאָנט קיין איין וואונק מיט'ן פינגער געבען, דאָס איינציגע, וואָס זיי האָבען געקאָנט פּועל'ען פון איהם, ווען ער איז פערביינגעגאַנגען, דעם קאָפּ אָן א זייט פערבויגט און די הענד אויף הינטען פערלעגט, איז געוועזען דאָס, וואָס ער האָט זיי לײדער גאָרנישט געקאָנט זאָגען. ער האָט זיך אויף קיינעמס זייט נישט גענייגט, זיין געוויסען איז אין דער הינזיכט ריין געוועזען, נאָר אויב איהם וואָלט אויסגעקומען זיך אויף עמיצענס זייט צו נייגען, וואָלט ער זיך אויף ביידע זייטען גענייגט.

און לונגע האָט געקלאַפּט און געשטיערט דעם אייזען, געפלאָזט הערען די בעקאַנטע קלאַנגען, דעם הוט געהויבען; נאָר ווי מאָדנע דאָס איז געוועזען: דאָס פאָלק איז איהם נישט נאָכגעגאַנגען און דער אייזען איז קאַלט געוועזען! ער האָט נאָך קיינמאָל נישט אזוי פלייסיג געאַרבייט. ער האָט געוואוסט, אז ער האָט פּיעל אין קאָן איינגעשטעלט, אז אויב ער וועט פערשפּיעלען וועט עס איהם טייער קאָסטען. עס איז כּמעט טראַגיש געוועזען צו זעהן, ווי די דאָזיגע א מאָל בעריהמטע פערזענליכקייט קעמפּפט מיט די רעשטלעך פון זיין טאַלענט פאַר א צווייטע פערזענליכקייט, וואָס איז א מאָל בעריהמט געוועזען. ס'האָט אויסגעזעהן, אז קיין זאַך האָט נישט געהאָלפען, לעפּאָרעלאָ האָט יעדען טאָג געבראַכט אַלערלײ טרויעריגערע ידיעות וועגען דער שטימונג אין שטאָדט, און לונגעס

מונטערקייט איז ביסלעכווייז פערוואנדעלט געווארען אין א שטומען צארן. וואס איז דאס, מען האט זיך אין „גראנד" געוואגט צו לאכען פון איהם? ציי דען מוז מען נישט אבשטעלען די רעאקציע אין איראפע?

און אלס צולעג צו דעם גאנצען טומעל, איז געקומען א מענש נאך מיט א נייער טרויעריגער בשורה. דער דאזיגער מענש פערנייגט זיך טיעף פאר'ן רעדאקטאר און זאגט, אז ער איז באנדעסען, ענדרע באנדעסען... יא, דער רעדאקטאר קען איהם. ער האט איהם געקענט אלס ראדיקאל און לינקען, אלס קאלעגע ליוט איבערצייגונגען, וואס פיהלט צוזאמען מיט איהם אנ'אמת'ען שרעק פאר א רעכט מיניסטעריום.

באנדעסען פערנייגט זיך ווידער. דער העררר רעדאקטאר האט קיין טעות נישט געהאט אין איהם. און דאס פרעגט איהם. ער איז אייגענטליך טאקי געקומען, כדי אויסצודריקען זיין צושטימונג מיט לונגע'ס איצטיגער פאליטיק. איבריגענס האט ער נאך אנ'אנדער אנגעלעגענהייט, — נאר יא, קודם כל האט ער א נאטיץ וועגען א שריפה אויף דער בערנדט אנקער-גאס, צי קאן דאס אמאל דעם רעדאקטאר נישט צו ניץ קומען?

לונגע לייענט דורך דעם קליינעם ארטיקעל און בעמערקט גלייך, אז ער איז אינטערעסאנט. דאס איז געווען א פראכטפולער ארטיקעל, מיט לעבהאפטיגקייט, מיט דראמאטיזם; איינער א סטודענט איז שיער נישט פערברענט געווארען, ער איז ניצול געווארען נאר ווייל ער איז ארויסגעשפרונגען פון דריטען עטאזש. ער איז אין איין העמד ארויסגעשפרונגען, און אין די הענד האט ער זיינע עלטערנס פארטרעט געהאלטען. צי דען איז עס נישט שען געווען? און לונגע, וואס האט נישט געוואוסט, אז אין אט דער גאנצער לעבהאפטער נאטיץ איז קיין איין אמת ווארט נישט געווען, אויסער דער שריפה גופא, איז זעהר דאנקבאר געווען פאר דער דאזיגער טובה, וואס מען האט זיין צייטונג געטהון.

דאן איז באנדעסען צוגעטרעטען צו זיין הויפט-זאך, צו זיין גרעסטען בעדויערן האט ער זיך דערוואוסט וועגען א פערשווערונג געגען לונגע'ן, געגען איהם גרייט זיך א אנפאל, א בראַ-

שירע, וואָס דרוקט זיך שוין און וועט וואַהרשיינליך די טעג ער־שיינען, באַנדרעסענ'ען האָט זיך זעהר געוואָלט דעם רעדאַקטאָר די דאָזיגע ידיעה מיטטיילען. עס טהוט וועה דאָס האַרץ צו זעהן, ווי עפּעס אַ באַלוואַן וואַגט זיך צו בעוואַרפען מיט שמוץ איינעם פון די שענסטע מענשען אין לאַנד; אויף אַזאַ זאַך איז פעהיג נאָר אַ פשוט'ער רויבער.

לונגע האָט די דאָזיגע מיטטיילונג רוהיג אויסגעהערט. נו איז וואָס איז דאָ עפּעס בעזונדערעס? צי דען בעפאַלט מען נישט אויף איהם אַזוי אויך אַלע טאָג? נאָר אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ סכנה עס איז, אויב די בראָשורע געגען איהם וועט ערשיינען גראָד איצט, ווען עס האַנדעלט זיך אום לעבען אָדער טויט פון זיין פּאָליטיק אין דער מיניסטעריום־פראַגע. ער האָט געפרעגט, וואָס פאַר אַ אינהאַלט די בראָשורע האָט, וואָס פאַר אַ אָנפאַלען דאָס זעגען, דאָס איז אַ פּאָליטישע בראָשורע?

כמעט יאָ. אַ שענדליכער פּאַמפלעט, באַנדרעסען האָט איהם געהאַלטען פאַר דאָפּעלט שענדליך, ווײַל נאַטירליך וועט ער גע־דרוקט ווערען אַנאָנים.

און העדר באַנדרעסען קען דעם אויטאָר?

צו'ם גליק איז באַנדרעסען אימשטאַנד צו ערקלערען, אַז דער אויטאָר איז לעאָ גאָיבראָ, וואָס דיענט אין דער און דער באַנק. אפשר געדענקט נאָך דער רעדאַקטאָר דעם מענשען, וואָס איז איין מאָל אין אַרבייטער־פעראיין אַרויסגעטרעטען געגען די לינקע און האָט זיך צווישען די איבעריגע זאַכען, וואָס ער האָט גערעדט, פערגלייכט מיט אַ בלאָנדזשענדען קאָמעט? דער דאָזיגער מענש איז געווען גאָיבראָ.

יאָ, לונגע האָט איהם געדענקט; ער האָט נאָך דעמאָלט געוואָלט אָבשפּאָטען פון איהם, חוזק מאַכען פון דעם אונפעהיגען רעדנער, נאָר מאַדאַם דאַגני האָט זיך אָנגענומען פאַר איהם, און זי יענעם אָוועגד האָט ער זיך געטראָפען מיט מאַדאַם דאַגני, און זי האָט איהם געבעטען פאַר דעם דאָזיגען מענשען, יאָ, ער גע־דענקט איהם: אַ שוואַרצער, ווי אַ נעגער, אַ בער. מיט אונגע־

לויטערטע איברים, א מענש, וואָס לייענט נישט די „צייטונג״, יאָ?

גאַנץ ריכטיג! באַנדערסען איז ערשטויגט, וואָס פאַר א גלענצ׳נדען זכרון דער העדר רעדאַקטאָר האָט.

לונגע בעקלערט זיך.

נאָר די בראָשורע בעריהרט זיין פערזענליכקייט? זי איז נישט בלויז א אָנפאַל אויף זיין פאָליטיק?

די בראָשורע בעריהרט זיין פערזענליכקייט אויך.

לונגע בעקלערט זיך ווייטער, זיין שטערן קנייטשט זיך, ווי שטענדיג ווען ער קלערט עפּעס נישט אַנגענעהמעס. אַזוי ווייט האַלט עס שוין, מען לאָזט אַרויס געגען איהם בראָשורען, דעם רעדאַקטאָר לונגע בעשפּאָט מען אויף זיין אייגענער שפּראַך. נאָר צי האָט זיך אַזא מין שוואַרצער בער בעקלערט וואָס ער טהוט, איידער ער האָט זיך געוואָגט דערויף? וואָס ווערט זיין אויב ער וועט זיך אַ הויב טהון אין זיין איבערנאַטירליכער גרויסקייט? גאָט דו גרויסער, בעשיץ אַלע קליינע ווערעמלעך, וואָס וועלען אויף זיין וועג ליגען.

ער האָט געפרעגט:

— דער דאָזיגער מענש הייסט גאָיבראָ?

— לעאָ גאָיבראָ.

לונגע פערצייכענט דעם נאָמען אויף אַ פּאַפּיער. דאַן וואַרפט ער אַ בליק אויף באַנדערסענען. אַזוי פיעל טרייַשאַפט, אַזא איי־דעלקייט פון אַ מענשען, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט קיין געלעגענהייט געהאַט איהם עפּעס אַ טובה צו טהון! לונגע האָט נישט געקאָנט בלייבען גלייכגילטיג, ער איז געווען גערירט, זיין יונג הארץ האָט אַ צאַפּעל געטהון, און ער האָט געפרעגט, צי קאָן ער נישט פון זיין זייט דעם העררן באַנדערסען עפּעס אַ טובה טהון. עס וועט פאַר איהם אַ פערגניגען זיין, אויב ער וועט איהם אַ מאָל קאָנען שטיצען ביי אַ געלעגענהייט.

באַנדערסען פערנייגט זיך מיט שמחה און בעט אַ ערלויבניש צו קומען נאָך אַ מאָל, אויב עס וועט נויטיג זיין. ער האָט ברעה גאָר אין ניבען זיינע ליעדער אָנצושרייבען, זיינע שטימונ־

גען, איצט איז ער זיכער געווען, אַז עס וועט איהם געלינגען זיך אָבצודרוקען.

— יאָ, קומט אַרײַן, קומט אַרײַן אַנ'אַנדערש מאָל. איך דאַנק אײַך אַז פֿאַר די נאָטיץ אַז פֿאַר די מיטטײלונג. — און פֿלוצלונג האָט ער זיך דערמאָהנט די ווערטער, וואָס זײַן עקסעלענץ דער פּרעמיער-מיניסטער האָט איהם געזאָגט בשעת ער האָט זיך געזעגענט מיט איהם, און לונגע האָט צוגעגעבען געהיימניספֿיל און מאַיעסטעטיש: — עס קאָן זײַן, אַז איהר האָט הײַנט אַ טובה געטהון נישט נאָר מיר אַלײן.

איצט איז באַנדערסענען נאָר געבליבען צו בעטען, אַז מען זאָל איהם נישט אויסגעבען. ווי די זאַך וועט ערשט זײַן, ווײַל ער נישט זײַן אַרײַנגעמישט אין דעם אַלעם, וואָס וועט געשעהן: ער האָפֿט אונבעוואוסט צו בלײַבען.

געוויס, געוויס, די „צײַטונג" וועט וויסען ווי פֿאָרזיכטיג צו זײַן. נאָר ליתר בטחון פֿרעגט לונגע פּלוצלונג, ווי איז עס פֿון דעסטוועגען באַנדערסענ'ען געלונגען זיך צו דערוויסען דאָס דאָזיגע געהיימניס?

און באַנדערסען ענטפֿערט: צופֿעליג, אַ דאַנק אַ גליקליכען צופֿאַל. נאָר דאָס איז אונבעדינגט אַלץ ריכטיג, ער גיעט זײַן עהרענוואָרט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט דערצעהלט, איז ריכטיג.

דאַן איז באַנדערסען אַוועק...

אַהאַ, מען סוד'עט זיך, מען מאַכט פֿערשווערונגען! אָט וועלען מיר זעהן, וואָס דערפֿון וועט אַרויסקומען! לונגע האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטהון אויף גאַיבראַ'ס נאָמען און דעם פּאַפּיער אין טיש-קעסטעל בעהאַלטען. עס שאַדט נישט צו וויסען מיט וועמען מען האָט צו טהון; דאָס קאָן אַמאָל נוצען ברענגען, דאָס פּובליקום וועט אַלענפֿאַלס ענטציקט זײַן, ווי גוט אינפֿאָרמירט די „צײַטונג" איז. אַהאַ, מען וויל זיך צוחאַפּען צו איהם, מען וויל איהם בעזײַטיגען; די מיאוסע ווערעם ווילען נישט אין אַ זײַט אָבטרעטען, זיי זעצען זיך פֿאַר איהם אויף די הינטערשטע לאַפּעס און וואַיען! נײַן, זײַן פֿעהלער בעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס ער איז צו ווייך געווען, צו לאַנג אַלץ געדולדיג פֿערטראָגען. אַ מענש מיט דער

שאַרפסטער פעדער אין לאַנד בעדאַרף נישט אַלץ פערטראָגען.
שפעטער וועט דאָס אַלץ אַנדערש ווערען!

אָט זיצט ער דער דאָזיגער אילען דאָרט אין יענעם צימער און מאַכט קאַליע טינט אָהן אַ שום נוצען; לונגע האָט איהם נאָך אויף דער שטעלע געהאַלטען בלויז אויס רחמנות. איצט מוז מען איהם אָבזאָגען. וואָרום צו וואָס, צו׳ם טייוועל, זאָל ער האַלטען דעם דאָזיגען מענשען, אויב אפילו זיין געלע שוועסטער האָט זיך אויפ׳ן גאַס בעמיהט איהם אויסצומיידען? און צי דען האָט די „צייטונג״ צוליעב זיינע אַרטיקלען וועגען דער אוניאָן קיין אַבאָנענטען נישט פערלאָרען? איצט האָט מען איהם אַראָבגעזעצט צו אַרבייטען פאַר דעם קלענסטען האָנאָראַר פון דער שורה, און אַ העלפט פון זיינע אידיאָטישע נאָטיצען וועגען מאַרק, וועגען די בזאַרען זענען כלל נישט געדרוקט געוואָרען. נאָר דער דאָזיגער מענש האָט גאָרנישט פערשטאַנען, ער האָט זיך נישט אויפגעהויבען און נישט אַוועק אינגאַנצען, פערקעהרט, ער האָט נאָך מעהר אָנגעשטרענגט די כחות, אַבי חאָטש עפעס צו פערדינען, וויַיטער געזעסען און אַלץ מאָגערער און מאָגערער געוואָרען. ער, לונגע, איז צו גוט געווען, שפעטער מוז דאָס אַלץ אַנדערש ווערען.

און ער האָט זיך ווידער גענומען צו זיין אַרבייט וועגען אומבייטען דאָס מיניסטעריום. ער איז גראָד געווען אין דער ריכטיגער שטימונג, אַז ער זאָל נישט מורא האָבען צו בענוצען צו שטאַרקע קוילען, און ער האָט אין איינינגע אויגענבליקען אָנגעשריבען אַזעלכע דריי שטאַרקע, פערניכטענדיגע נאָטיצען, ווי ער האָט נאָך פאַר דער גאַנצער צייט פון דער דאָזיגער פאָלעמיק ביז איצט נישט אָנגעשריבען. דערמיט האָט זיך די זאַך געזאָלט פערענדיגען.

אין אָוועם, איידער לונגע איז פון רעדאַקציע אַוועק, האָט ער זיך שוין מעהר נישט געקאָנט איינהאַלטען, ער האָט צוגערופען צו זיך זיין סעקרעטאַר און געזאָגט:

— די טעג וועט ערשיינען אַ בראָשורע געגען מיר. איך וויל, אַז וועגען דער בראָשורע זאָל געדרוקט ווערען אַזאַ רעצענ-

זיך, ווי זי וואלט גאר נישט געגען מיר געווען אנגעשריבען.

דער סעקרעטאר קאן אזא בעפֿיהל נישט פֿערשטעהן. דער רעדאקטאר וועט דאך דער ערשטער די בראשורע אין די הענד בעקומען, די גאנצע פאסט ווערט דאך אין זיין צימער צוגע־שטעלט.

— מען מוז זיין העכער פֿון אזעלכע זאכען, — האט דער רעדאקטאר ווייטער געזאגט, — מען מוז ארויסווייזען אידעלקייט.

נאר כדי צו ערקלערען, פֿארוואס ער האט שוין איצט גע־קלערט וועגען דער בראשורע, וואס איז נאך אפילו נישט ערשינ־נען, האט ער צוגעגעבען:

— איך האב מורא געהאט, איהר זאלט א מאל נישט אפ־דרוקען א שלעכטע רעצענזיע, ווען איך וועל נישט זיין; עס קאן זיין, איך זאל זיך אויף עטליכע טעג איבערפֿאהרען א היים, אין דארף.

יא, איצט האט שוין דער סעקרעטאר פֿערשטאנען דעם בעפֿיהל.

נאר לונגע האט גאר נישט געקלערט אין דארף צו פֿאהרען און איז טאקי נישט געפֿאהרען.

---

XIV.

אין די קארידארען און קאבינעטען פֿון סטארטינג זענען ארומגעגאנגען די דעפוטאטען, אלע צוזאמען—די רעכטע און די לינקע—בעשעפֿטיגט מיט יענער גרויסער געשעהעניש, וואס איז איצט פֿארגעשטאנען. אויף אלעמענס געזיכטער איז געווען אנגע־שריבען א טיעפֿע ערנסטקייט. די רעדאקטארען, די קארעספאנ־דענטען, שלוחים, פֿארגעהמע געסט, דעפוטאטען האבען זיך אויסגעמישט אין איין מאסע, זיך געסוד'ט אין די ווינקלען, גע־שאקעלט די קעפ, פֿערטיידיגט זייערע מיינונגען און נישט געוואוסט, וואס צו טהון. לונגע האט געחאפט א מאל איינעם, א מאל א צווייטען פֿון די צווייפֿלענדיגע, איהם געשטארקט, אויפֿגעמונטערט און זיך געריבט אויף א נצחון פֿון זיינע אנהענגער.

דער רעדאקטאר פון „נארוועגער" איז אויך ארומגעגאנגען א מאל מיט איינעם, א מאל מיט א צווייטען. ער איז געווען אויפגערעגט, גאר בלאס; צוליעב דער פייערליכקייט פון מאמענט האט ער כמעט גארנישט גערעדט און אונגעדולדיג די מינוטען געצעהלט. איצט האט אין זאל דאס ווארט בעקומען וועטלע וועטלעסען, קיינער האט איהם נישט געהערט, ער האט גערעדט וועגען אסיגנירען געלד פאר א נייען לייכט-טהורם אויפ'ן ברעג פון ים. נאר אלע האבען געוואוסט, אז ווען וועטלע וועטלעסען וועט ענדיגען, וועט געשטעלט ווערען די אינטערפעלאציע, די רעכטע וועלען א אנפראגע מאכען. דער רעדאקטאר פון „נארוועגער" האט וועניגער ווי ווער נישט איז געוואלט זעהן, ווי דאס דאזיגע א מאל געליעבטע מיניסטעריום וועט אזא שענדליכע מפלה בעקומען; נאר אויב די רעכטע וועלען זיין פלאץ פערנעהמען, וועט עס זיין גאר על פי יושר. דאס קאן מען נישט און דאס דארף מען נישט אבלייקענען. די רעגירונג האט זיך גאנצע יאהרען אויפגעפיהרט געגען די וואינשען פון די לינקע, זי האט געפיהרט א רעאקציאנערע פאליטיק אין די קירכען-פראגען, זי האט נישט ערפילט איהרע צוזאגען, זיך אויסגעלאכט פון יושר און ערהליכקייט, — זי מוז פאלען.

לונגע האט ביסלעכווייז אנגעהויבען די האפנונג צו פערלירען. ביי'ם סאמע סוף האט ער פערפיהרט א געשפרעך מיט'ן פאבריקאנט בערגעלאנד, נאר דעם דאזיגען ערהליכען מענשען האט ער אויף א האר נישט געקאנט פון זיין פאזיציע אראבשטויסען. ער האט געקוועטשט מיט די אקסלען, נאר ער האט זיך שוין נישט געפיהלט אזוי זיכער. פערקעהרט, ער איז מיעד געווארען. איהם האט דאס אלץ דערעסען און ער האט זיך שלעכט געפיהלט אין דער דאזיגער מאסע פון אומעטיגע ערנסטע מענשען, וואס האבען זיך בעצויגען צו דער זאך מיט א שרעקליכער פייערליכקייט. לונגע האט נישט אויסגעהאלטען, זיין יונגעלשע נאטור האט נישט געקאנט פערטראגען די דאזיגע זארגען וועגען לאנד, ער האט שוין מעהר נישט געקאנט זיך אבגעבען מיט טרויעריגע געדאנקען. און דעם ערשטען מענשען, וואס ער האט בעגעגענט,

האָט ער עפּעס אַ קליינעם שפּאַס געזאָגט װעגען דעם רעדנער װיטשעלעסען.

און װען דער רעדאַקטאָר פֿון „נאָרװעגער" איז גראָד פֿאַרבײַגעגאַנגען, אײַנגעהױקערט, אײַנגעבױגען אונטער דער לאַסט פֿון טיעפֿען שמערץ, איז לונגע נישט אימשטאַנד געװען צו בלײַבען ערנסט. ער האָט אָנגעװיזען אױפֿ'ן רעדאַקטאָר און געזאָגט:

— טהוט נאָר אַ קוק אױף דאָס דאָזיגע גאָטס לעמעלע, װאָס טראָגט אױף זיך די לאַסט פֿון דער גאַנצער װעלט.

נײַן, עס איז אוממעגליך געװען אין דער דאָזיגער ענגשאַפֿט צו בלײַבען! לונגע האָט אױפֿ'ן זײגער אַ קוק געטהון: ער האָט הײַנט אָװענד זיך געדאַרפֿט טרעפֿען מיט מאַדאַם דאַגני, זײ האָבען זיך ענדליך הײַנט בײַשׁ(?) אַסען צוזאַמען אין טעאַטער צו געהן; די צײַט רוקט זיך, ער האָט נישט געװאָלט צו שפּעט קומען, װי דעמאָלט; דער סוף פֿון הײַנטיגען קאַמפּף איז צװײפֿעלהאַפֿט, נאָר צי דען װעט ער קלערער װערען, אױב ער װעט דאָ בלײַבען? דאָס קאָן נאָך דױערן אַ גאַנצע האַלבע שעה. אמת, װעטלעסען האָט שױן זײַן רעדע געענדיגט און די דעפּוטאַטען האָבען זיך אַ שאָט געמיהון אין זאַל אַרײַן, די שטימען אָבצוגעבען; נאָר לונגע האָט שױן װײַטער בשום אופן נישט געקאָנט בלײַבען, סײַ װי קאָן ער דאָך דאָ גאָרנישט אױפֿטהון.

און לונגע איז אַװעק אין טעאַטער.

און אינװעניג אין זאַל פֿון סטאָרטינג, איז די אָבשטימונג פֿאָרגעקומען אונגעהױער פֿאַמעלעך. אַזױ װי אַלע װאָלטען מורא געהאַט צו ענדיגען דאָס שנעלער און פּלוצלונג צו שטעהן פֿאַר עפּעס נײַעם.

עס איז געװאָרען אַ קלײנע פּױזע.

די גאַלערעע איז געװען אָנגעשטאָפּט מיט מענשען. לעאָ גאָיבראָ האָט זיך אַ פּלאַץ געפֿונען אין דער אַמאָליגער זשורנאַליסטען-לאָזשע, ער איז געזעסען און כמעט נישט געעטעמט. אַלע מענשען אױף דער גאַלערעע האָבען געװאוסט, װאָס עס דאַרף איצט געשעהן, און זענען געזעסען אונרוהיג.

אָט שטעהט אױף דער אָנפֿיהרער פֿון די רעכטע.

— הערר פּאָרזיצענדער !

די דעפּוטאַטען פֿערזאַמלען זיך אַרום איהם, בילדען אַ קרייז אַרום דעם רעדנער, שטעהען פֿאַר איהם, קוקען איהם אין פּנים אַריין, די אָנפֿראַגע איז געוועזען קורץ און בינדיג, אַ פֿראַגע, אַ אונטערגעשטריכענע פֿראַגע, אַ פֿאָדערונג צו געבען אַ ענטפֿער. און ווען דער אָנפֿיהרער פֿון די רעכטע האָט זיך געזעצט, האָט דער אַלטער פֿאָרזיצענדער געקוקט אַ מאָל אויף דעם, אַ מאָל אויף יענעם, גאָר אויסגעפּייניגט דורך זיין וואונש זיך אויף ביידע זייטען צו נייגען. ענדליך האָט ער די אינטערפּעלאַציע איבערגעשיקט ווייטער, לויט איהר ריכטיגען אדרעס, צו'ם פּרעמיער-מיניסטער אַליין, וואָס איז אויף זיין פּלאַץ געזעסען און דורכגעקוקט עפּעס פּאַפּירען, ווי עס וואָלט גאָר קיין אָנפֿראַגע נישט געמאַכט געוואָרען.

זיין עקסעלענץ האָט איין איינגענבליק געשוויגען. צי האָט ער איצט געוואַרט אויף יענע שטיצע, וואָס לונגע האָט זיך ווי עס איז בעמיהט צו שאַפֿען? פֿאַרוואָס איז קיינער אויף זיין זייט נישט געווען, קיין איין מענש? אַמאָליגע צייטען האָט דאָך קיינער נישט געקאָנט אַזוי ווי ער די הערצער ציטערענדיג צו מאַכען, צו צווינגען די אויגען אויפֿצופֿליצען אין דעם דאָזיגען זאַל. איצט איז אַלץ שטיל געווען; נאָר הינטער זיך אין גרויסען זאַל האָט ער געהערט ווי די דעפּוטאַטען עטעמען.

זיין עקסעלענץ איז אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט עטליכע ווערטער. צי וועט אַ מאָל נישט מעגליך זיין אויסצומיידען דעם דאָזיגען שטורם מיט אַ קליינעם פּאַרלאַמענטאַרישען שפּיצעל? ער האָט געפּרובט זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען זיין לאַנגען אַרבייטס-פֿולען לעבען, ערקלערט, אַז אויב דאָס לאַנד בעדאַרף שוין נישט מעהר זיין דיענסט, אַזוי וועט ער שוין אַליין וויסען, ווי צו געפֿינען אויף דער עלטער אַ ערי מקלט אין אַ אָברוה און וועט נישט דאַרפֿען אָנקומען צו די עצות פֿון די רעכטע. ווען ער האָט זיך געזעצט האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט געזאָגט פֿיעל ווער-טער, נאָר גאָרנישט געענטפֿערט. זיין געשיקטהייט איז זעהר גרויס געוועזען.

נאָר דער אָנפֿיהרער פֿון די רעכטע האָט איהם ניִשט גע־לאָזט אַרויסדרעהען זיך. יאָ אָדער ניין. אַ ענטפֿער, אַ בּעשטימטען ענטפֿער.

און ווידער וואַרט זיין עקסעלענץ איין אויגענבּליק. איף וואָס האָט ער געוואַרט, ווי באַלד אַז קיינער פֿון די משרתים האָט זיך ניִשט געוואָגט דער ערשטער צו זאָגען אַ שאַרף וואָרט איהם צו פֿערטיידיגען. קיינער הויבּט זיך ניִשט אויף, קיינער געהט ניִשט צו צו איהם.

דאַן מאַכט זיין עקסעלענץ אַ סוף צו דעם פּיינליכען צו־שטאַנד.

מאָרגען וועט דאָס מיניסטעריום זיך אָנגעבּען אין דימיסיע. איבּריגענס איז זיין מאַיעסטעט דער קעניג שוין פֿאַרויס געווען צובּערייטעט דערצו.

און זיין עקסעלענץ פֿערמאַכט זיין פּאָרטפֿעל, נעהמט איהם אונטער'ן אָרעם און פֿערלאָזט דעם זאַל, קאַלט, רוהיג, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר קיין אָנפֿראַגע ניִשט געווען. זיינע ראַטען געהען איהם נאָך פֿאַרוויִז.

דאָס מיניסטעריום איז געווען אַראָבּגעזעצט.

גאַיבּראַ האָט זיך בּעמיהט פֿון זיין לאָזשע אַרויסצוגעהן, און ענדליך איז ער קוים מיט מיה צו'ם אויסגאַנג צוגעקומען. אַזוי הייסט עס, דאָס מיניסטעריום איז געפֿאַלען, לונגע'ס קאָמבּינאַציעס האָבּען עס ניִשט געקאָנט רעטען. מיט וואָס פֿאַר אַ נייער פֿראַגע וועט איצט לונגע צו זיך אויפֿמערקזאַמקייט צוציהען?

גאַיבּראַ איז נאָר וואָס אין שטאָדט געווען און זיין בּראָשירע פֿאַנאַנדערגעשיקט. זי איז ניִשט ערשינען צו דער צייט, אַז זי זאָל קאָנען מיטווירקען בּיי'ם אַראָבּזעצען דאָס מיניסטעריום, און דאָס איז גאָר ניִשט נויטיג געווען, ווייל די איבּערצייגטע לינקע האָבּען דאָך מנצח געווען, די רעקלאַמען־פּאָליטיק פֿון דער „צייטונג" האָט אַ מפּלה געהאַט.

און גאַיבּראַ האָט זיך אין האַרצען געפֿרעהט, די לינקע זענען נאָך איפּ'ן ריכטיגען וועג געווען.

ער האָט קיין חרטה ניִשט געהאַט איף קיין איין וואָרט

פון זיין בראשורע, אפילו איצט וואלט ער אויך קיין איין זאץ נישט אומגעביטען. ער האט פארגעשטעלט לונגען אלס א פערפאלענעם מענשען, אלס טאלאנטפולען גייסטיגען באנקראט, וואס איז נאך אין די בעסטע יאהרען זיינע פערדארבען געוועזען און איצט האט ער זיך ארויסגעלאזט ביז צו זיין א משרת ביי דער שטאדט, ביי'ם גאסען-פובליקום. וואס האט די שטאדט געזאגט? די גאנצע שטאדט האט זיך נעכטען פעראייניגט אין איין געלעכטער צוליעב די ערניעדריגענדיגע מיינונג, וואס די רעכטע האבען ארויסגעזאגט וועגען דעם פארזיצענדען פון פארלאמענט; די וואך איז די הויפט-טעמא פון די שמועסען אין שטאדט געוועזען די נייעס פון דער „צייטונג" וועגען דעם אנפאל אין סאנדוויקען; עס איז אינטערעסאנט צו וויסען, צי אנדערע מענשען אין שטאדט האבען אויך אזוי פיעל פערגניגען פון די ארטיקלען פון דער „אווענד-פאסט", ווי די „אווענד-פאסט" אליין.

קוים פאסירט זיך נאך עפעס, אזוי קומט שוין לונגע צו לויפען, פערנייגט זיך, פרעגט זיך די הויך-געאכטעטע שטאדט וועגען איהר הויך-געאכטעטער מיינונג. און אז ער דערוויסט זיך, פערנייגט ער זיך ווידער.

נו, געגען דעם האט מען נאך אייגענטליך קיינע טענות נישט געקאנט האבען.

נאר בעמערקט אט וואס: דער דאזיגער מענש אהן איבערצייגונגען, אהן אויסגעהאלטענהייט, רעגיערט איבער מענשען און זאכען בלויז דורך זיין פעהיגקייט זיך צוצוהערען צו דער מיינונג פון שטאדט. זיין פערזענליכע לייכטזיניגקייט האט פערקלענערט דעם ווערט פון עפענטליכע וכוחים, אריינגעבראכט א צוטומעלטקייט איבעראל, וואו מען זאל זיך נאר א קעהר טהון, און אבגעשוואכט דאס געפיהל פון פעראנטווארטליכקייט ביי מענשען. פון וועג אראב, לונגע וויל דורכגעהן, לונגע וויל איבערראשען דאס פובליקום מיט א נייער אינטערעסאנטער זאך! ער ווייזט זיך ארויס פון א אונבעקאנטער זייט, ער ערשטוינט, ער דרעהט איבער פערקעהרט אלץ, וואס איז פעסט און בעשטענדיג, אפילו צו זיין אייגענער מיינונג בעציהט ער זיך אהן דער מינדעסטער אכטונג.

ער לאכט זיך אויס פון איהר לייכט און פריי, צעשטערט זי מיט א שפאסעל און לאזט זי דאן פערגעסען ווערען.

פאר אזא מענשען איז די מאראלישע בעשטענדיגקייט אין די מיינונגען נאר א שענע און אנגענעהמע מעלה, ווי א מין הויז־ציערונג, פאליטישע טרייהייט און אמת'דיגקייט איז נאר א פראזע, א ווארט, און ער פיהרט זיך אין דער הינזיכט אויף אזוי ווי עס פאסט פאר איהם. מיט זיינע אונגעריכטע שפיצלעך מאכט ער די עהרליכע ארבייט פון די לינקע פאר צווייפעלהאפט, פערליערט יעדע אנשטענדיגקייט, ניעט דער פרעסע פון שוועדען פאלשע פארשטעלונגען וועגען דער מיינונג פון נארוועגישען פאלק און רוקט אונז אב אויף גאנצע יאהרען צוריק אין די אונטערהאנדלונגען מיט די שוועדען וועגען אונזערע רעכטע.

ער וויל נישט פערניכטען די לינקע. ער וויל פשוט זיין אייגענע, אייגענארטיגע מעלאדיע אין קאנצערט שפיעלען, כדי מען זאל זיין צייטונג לייענען; ער וויל זיין אייגענע ראלע האבען, ער וויל, מען זאל רעדען פון איהם. א ניין, ער וויל כלל נישט די לינקע פערניכטען, דאס וואלט צו גראב געווען, ער נעהמט אב פון איהר איהר אינערליכען אינהאלט, איהר גאנצע בעדייטונג און דאן לאזט ער זי לעבען. אויב ער איז דריי מאנאטען געווען א וואוילער ליבעראל, אזוי וועט ער אויפ'ן פיערטען אויסקלערען א מיטעל צו איבערראשען דאס פובליקום און וועט ארויסלאזען א נומער, וואס אין איהם וועט ער גענצליך פערדרעהען דעם שטאנד־פונקט פון די לינקע און וועט די רעכטע פערשאפען פערגניגען דורך האלב־בעהאלטענע הנחות.

אזוי ארום וויל זיך לונגע ארייַנקריעגען צו די רעכטע. ער וויל האבען אבאנענטען צווישען די רעכטע, ער וויל צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון די רעכטע. און די רעכטע ווייזען איהם נישט די טהיר. די רעכטע — העפליכע לייט — ווארפען איהם נישט ארויס. צי קאן ער זיי פעראינטערעסירען? לא'מיר זאגען, אז ער איז ווירקליך אינטערעסאנט, ער מאכט זיי זאגאר הנחות, און רעכטע, וואס וואקלען זיך, די אונבעוואוסטזיניגע מיטגליעדער פון דער פארטיי, לאזען זיך נייגעריג דעם קאפ פערדרעהען

פֿון דעם דאָזיגען מענשען מיט הנחות.

אומעטום קריעכט לונגע אַריין מיט זיין בלומרשטער עהרליכקייט, די „ציימונג" שטעהט אויף אַ ריכטיגען שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע וועגען זעלבסטמאָרדען און מאָראַלישע פערברעכען, די „ציימונג" לאָזט נישט פערשידענע קאָרטענוואַרפערקעס און אַגענטען איינזינקען אין זינד, זי ענטדעקט זייערע מעשים אָפען און אָהן אַ שום מיין, מיט קאַלטער אונפּאַרטיייליכקייט, וועקט פערשאַכטונג צו זיי אין אַנדערע מענשען און דאַדורך רייניגט זי אָב די געזעלשאַפט פון פערברעכען און אויסוואורפען.

נאָר עפּעס האָט דאָך געמוזט זיין אין דעם דאָזיגען מענשען, וואָס האָט זיך בעשאַפען אַזאַ שטאַרקען נאָמען אַלס רעדאַקטאָר? דאָס איז געוועזען דאָס, וואָס ער איז אַ לאַנגע צייט געוועזען אַ טאַלענטפולער זשורנאַליסט אין אַ לאַנד, וואָס איז אַזוי אָרעם אין טאַלענטפולע זשורנאַליסטען. אין זיין צייט האָט ער ענטוויקעלט אַ שטאַרקע אַניטאַציאָנס־אַרבייט. ער האָט געשאָסען מיט זיינע שאַרפע ווערטלעך מיט אַ יונגער היציגקייט, די שאָסען האָבען זיך געהערט, די שאָסען האָבען געבילדעט אַ ווידער־קול אין דער הייך, צווישען די בערג, און אונטען צווישען די טהאָלען, די שאָסען זענען דרייסט געוועזען, קיינער האָט זיי נישט געקאָנט נאָכאַהמען. הויכע און נידריגע, גרויסע און קליינע, אַלע האָבען געמוזט דיענען אַלס ציעל פאַר זיינע פיילען, נאָר די סאַמע הויכע פערזענליכקייטען, די גרעסטע פּאָעטען, די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרען, די גרעסטע כפאָרט־לייט, די דאָזיגע פּאָפּולערע העלדען פון אַלע סאָרטען, וואָס די מיינונג פון שטאָדט האָט זיי געשיצט, נאָר זיי האָבען אויסגעמיידט לונגע'ס שפּיציגע ווערטלעך. נאָר דערפאַר האָט ער זיין פּאָזיציע בעפעסטיגט: ער איז בעפאַלען אָהן רחמנות. ער האָט געשאָסען, ער האָט צו'ם שאַנד־זייל אַרויסגעשטעלט — יאָ, נאָר ער האָט געשוינט די יעניגע, וואָס האָבען פערדיענט געשוינט צו ווערען.

און קיינעם איז, דוכט זיך, גאָר נישט איינגעפאַלען, אַז נאָר אין אַ לאַנד, וואו די זשורנאַליסטיק איז אַזוי נישט ענטוויקעלט ווי אין נאָרוועגען, האָט דער דאָזיגער מענש געקאָנט אַ ראָלע

שפּילען. אין אַ גרויס לאַנד וואָלט ער געזעסען אין אַ רעדאַקציע פון אַ קלײן בלעטעל און וואָלט אַרויסגעשניטען נאָטיצען פון אַנדערע צײַטונגען. אין אַפגאַניסטאַן וואָלט ער געקאָנט דערגרײכען צו דער לאַגע פון אַ דאָרפישען כישוף-מאַכער און וואָלט געמאַכט פּאָקוסען אויפ'ן זאַמד.

נאָר איצט מוזען די לינקע פּאָרזיכטיג זײַן מיט דעם דאָזיגען מענשען. כל זמן די לינקע זענען אַ צעוואָרפענע פּאַרטײ און זענען בעשעפטיגט מיט די וכוחים וועגען דער אוניאָן, וועט לונגע דרײ מאָנאַטען זײַן אַ לינקער און דעם פירטען כמעט אַ רעכטער; אויב אָבער, פערקעהרט, די לינקע וועלען זיך אין אײן שײנעם טאָג פעראײניגען, וועט לונגע ווידער געהערען צו דער סאַמע גרעסטער פּאַרטײ פּאָלשטענדיג און אונבעדינגט. נאָר מיט אַזעלכע קעמפּפער דאַרף זיך די עהרליכע און אידעאַלע אידעע פון די לינקע נישט בענוצען, לונגע האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ צו גרויסען שפּעקולאַנט, פון איהם קאָן מען זיך אַלץ ריכטען. ער איז אימשטאַנד צו טהון אַלץ, וואָס איהר ווילט נאָר. אין אונזערע עפענטליכע דיסקוסיעס האָט ער די ערנסטקײט געמאַכט פאַר אונגוטיג און בעשאַפען אַ שענדליכע לײכטזיניגקײט אין בעציהונג צו מענשען און זאַכען, אַ לײכטזיניגקײט, וואָס ביז איצט האָט מען קײן גלײבען צו איהר נישט געזעהן אין פאָטערלאַנד. צו איהם מוז מען זיך בעציהען ווי צו יענעם שיכּור, וואָס איז פון שלאַכטפעלד אַנטלאָפען און האָט אַלע פרויען אין לאַנד ערשטוינט מיט די פיעל בלוט, וואָס איז אויף זײַנע מלבושים געוועזען. און אַז די פרויען האָבען געפרעגט, ווי האַלט עס דאָרט, האָט ער געענטפערט: „ווי ס'האַלט? איך האָב דערשאָסען צעהן טויזענד און מעהר האָב איך שוין נישט געקאָנט, אַלץ האָט זיך מיר שוין אָנגעהויבען אויסצוווײזען רויט, נאָר איך וועל ווידער געהן אַהין איך שווער ביי גאָט, איך וועל געהן.. ווי נאָר די לאַגע וועט דאָרט אַביסעל בעסער ווערען".

אָט דאָס איז געוועזען דער אינהאַלט פון גאַיבראַ'ס בראָשורע.

איבריגענס האָט זי געהאַט אין זיך פיעל זאַכען פון אַ מעהר פערזענליכען כאַראַקטער, סודות, וואָס גאַיבראַ האָט זיך דער-

וואוסט פֿון מענשען, וואָס זענען זעהר נאָהנט געוועזען צו לונגע'ן, פֿון לעפּאָרעלאָ'ן, וועגען די ליעבעס-בעציהונגען פֿון רעדאַקטאָר אין שטאָדט און אויסער דער שטאָדט. אין אַלגעמיינעם האָט ער געשילדערט לונגען מיט היץ, מיט אַ הייסען שפּאָט. דער דאָזיגער גרויסער מענש, וואָס איז אין זיין רעדאַקציע געזעסען און אַרויס־געגעבען זיינע מיינונגען וועגען אַלץ און אַלעמען, איז געוועזען אַ גאַסען-יונגעל, וואָס האָט קוים אַ רייַנע נאָז געהאַט. אין סוף פֿון זיין באַדשורע האָט גאָיבראָ ערקלערט, אַז דער צוועק פֿון דעם דאָזיגען זשורנאַל איז אַראָבצורייסען די מאַסקע פֿון לונגעס זשורנאַ־ליסטישער ליידענשאַפֿטליכקייט און אַרויסצושטעלען צום שאַנד־זייל זיין שענדליכע פּאָליטיק. די לינקע פּאַרטיי איז איצט נישט גע־שטאַנען אַזוי פֿעסט, אַז זי זאָל זיך נישט שטאַרק נויטיגען אין טרייַשאַפֿט און מאָראַלישער איידעלקייט פֿון איהרע אָנהענגער, דאָס האָט איהר ציעל געפֿאָדערט און דאָס אויך פֿערדיענט...

דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט איז גאָיבראָ אַהיים געגאַנגען. אין אַ וואָך אַרום קומט אָן דער טערמין פֿון זיין לעצטער ראַטע אין באַנק. ער איז נישט אימשטאַנד צו בעצאָהלען, אויב קיין נס וועט נישט געשעהן; עס איז קיין אויסגאַנג נישט געוועזען. מאַראַם אילען האָט צוויי מאָל מיט איהם וועגען איהר חוב גערעדט, פֿרעדריק פֿערדיענט שוין איצט כמעט גאָרנישט אין דער „צייטונג", דעם לעצטען מאָנאַט האָט ער בעצאָהלט לויט רעכנונג פֿאַר ברויט, — נאָר מעהר האָט ער נישט געקאָנט צוהעלפֿען. און מאַדאַם אילען איז אַפּילו נישט אימשטאַנד געוועזען זיך אָבצוזאָגען פֿון די דירה-געלד, וואָס גאָיבראָ האָט איהר יעדען מאָנאַט געגע־בען; געווים, זי איז גאָיבראָ'ן שולדיג די הונדערט פֿונפֿציג קראָנען, נאָר וואָס קאָן זי טהון, אַז פֿאַר איהר איז אַ שלעכטע צייט אָנ־געקומען?

די גוטע פֿרוי אילען איז ווירקליך ווערט געוועזען בעדויערט צו ווערען, און ווען גאָיבראָ האָט איהר פֿאַר'ן צימער בעצאָהלט, האָט זי נישט געקאָנט נישט נעהמען דאָס געלד. עס וועט נאָך אַ מאָל אַ בעסערע צייט קומען; אין ערגסטען פֿאַל קאָן פֿרעדריק אַוועקפֿאָהרען אין אַמעריקע, אַזוי פֿיעל גוטע מענשען זענען

דאָך אהין געפאָהרען.

נאָר דאָס אַלץ האָט גאַבראָ'ן גאַנץ ווענִיג געהאָלפען. ער האָט געמוזט אַריינגעהן צו'ם דירעקטאָר פון באַנק אַליין, איהם דערצעהלען זיין נויט און בעטען, מען זאָל איהם אָבוואַרטען נאָר נאָך דעם מאָנאַט. ער האָט נישט געוואָלט אַלץ ערקלערען, נישט געוואָלט זיך אויסגעבען, נאָר בעטען אַ פּראָלאָנגירונג, איף איין מאָנאַט נאָר, כּדי צו געפינען עפּעס אַ מיטעל. ווי פּיינליך דאָס איז געווען, ער האָט אַזוי פּינקטליך אויסגעצאָהלט זיינע אַלע ראַטען אין דעם בעשטימטען טאָג, און איצט, גראָד ביי דער לעצטער ראַטע, איז ער געבליבען הילפלאָז? נאָך אַ גאַנצען מאָנאַט שרעק; ווער ווייס, אפשר גראָד אין דעם מאָנאַט וועט אַלץ ענטדעקט ווערען.

גאַבראָ איז צוגעקומען אהיים פריהער ווי ער האָט דאָס אַליין בעמערקט. ער עפענט די איינגאַנגס-טהיר און בעגעגענט זיך מיט שאַרלאָטע'ן, וואָס געהט אַרויס פון צימער מיט אַ שיסעל אין די הענד. ער האָט שוין נישט גערעדט מיט איהר עטליכע וואָכען, זי איז אויך געווען אַזוי שווייגענדיג און שטיל. גאַבראָ האָט בעמערקט, אַז ענדרע באַנדעסען האָט שוין אָנגעהויבען איפּ-געהערט צו קומען צו די אילענס, און ער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך.

ער בעגריסט, שאַרלאָטע ענטפערט. גלייכצייטיג דאַנקט זי איהם פאַר די בראָשורע, וואָס גאַבראָ האָט נעכטען זיי אין וואָה-נונג אַריינגעשיקט, זי האָט זי מיט פיעל אינטערעס איבערגע-לייענט. נאָר פרעדריק האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ, ווען ער האָט די בראָשורע דערזעהן, און איז זאָגאַר אין כּעס געוואָרען.

דאַן געהט זי אַוועק מיט דער שיסעל אין קיך אַריין, און גאַבראָ צו זיך אין צימער. ער זיצט זיך אין שאָקעל-שטוהל און פערשמורעט האַלב די אויגען... ווי בלאַס און בלוי זי איז גע-וואָרען, די קליינע רויטע פלעקען אויף איהר געזיכט צייכנען זיך שאַרפער אויס, די ליפּען האָבען קוים בעמערקבאַר געציטערט.

ניין, עס לוינט זיך נאָר צו דערמאָהנען די ערשטע צייט וואָס ער האָט אין דעם דאָזיגען הויז פערבראַכט, ווי זי האָט דאַן

געלאַכט און געשײַנט! איצט איז אפילו איהר שטימע שטילער געוואָרען און זי האָט אויסגעמײַדט מענשען אין די אויגען צו קוקען. און דאָך האָבען פּלײטענ־קלאַנגען אָנגעהויבען צו שפּיעלען אין איהם, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, און דאָס איז טראָץ איהר אָבגע־לאָזענהײַט, — זי האָט אפילו איהרע האָר נישט פערפלאָכטען.

פּלוצלונג קלאַפּט עמיץ צו איהם, ער שרײַט:

— אַרײַן!

דאָס איז ווידער געוועזען שאַרלאָטע. זי האָט זיך אָרומגע־וואַשען, זיך אויסגעפּוצט, ווי אין אַמאָליגע צײַטען, איהרע הענד זײַנען געוועזען פײַנע און ווײַסע.

ענטשולדיגט, זי האָט נישט געשטערט? זי האָט נאָר גע־וואָלט פרעגען: צי האָט לונגע געוואוסט, ווער עס האָט די בראָשורע אָנגעשריבען?

— מעגליך, אַז נאָך נישט, — האָט גאָיבראָ געענטפערט, — נאָר ער וועט זיך דערוויסען... צי וויל זי נישט זיך צוזעצען? ביטע! — ער איז אויפגעשטאַנען און איהר דעם שאָקעל־שטוהל פאָרגעלעגט.

זי האָט זיך געזעצט און איז געבליעבען זיצען אין שאָקעל־שטוהל גאַנץ רוהיג.

— מען וועט אײַך וואַהרשײַנליך אין געריכט אָנקלאָגען? — האָט זי געפרעגט. — איך ווײס נישט, וואָס דאָס בעדײַט, נאָר געווים וועט געמאַכט ווערען אַ אויספאָרשונג.

— אַזוי מײנט איהר? — האָט ער געענטפערט און זיך צע־לאַכט. — אײַך דאַכט זיך, אַז איך בין זיך מיט'ן רעדאַקטאָר צו האַרט בעגאַנגען?

נאָר שאַרלאָטע האָט געשוויגען. שאַרלאָטע, וואָס האָט אויך געקענט לונגען, האָט איהם מיט קײן וואָרט נישט פערטײ־דיגט. הויך און שלאַנק איז זי אין שטוהל געזעסען, כמעט די אויגען נישט געעפענט. נאָר וואָס איז דאָס, וואָס האָט עס זי אַזוי שעמעוודיג געמאַכט? איבריגענס, פאַרוואָס איז זי עפּעס גראָד איצט צו איהם געקומען?

— איך האָב צו אײַך אַ גרוס פון מײַנע אַרענצען, — האָט

זי געזאָגט און האסטיג אַ קוק געטהון אויף גאַיבראַ'ן.

נאָר גאַיבראַ האָט שוין כּמעט גאָר פֿערגעסען, ווער מימי אַרענצען איז: ערשט נאָך איניגע פֿראַגען האָט ער זיך דער־מאָהנט, אַז היינטיגען ווינטער האָט ער איין מאָל אין אָוועֶנד אויס העפֿליכקייט אַ יונגע דאַמע אהיים בעגלייט אין שנעע און שטורם.

— אַ, אַ דאַנק! — האָט ער געזאָגט. — יאָ, איצט האָט ער זיך שוין גוט דערמאָהנט, זי איז געוועזען אונגעוועהנליך שען, ער האָט זיך דערמאָהנט איהר אונשולדיג געזיכט, עס איז געוועזען אַזוי אונשולדיג און ריין; אמת? אמת, זי האָט געהאַט געשוירענע האָר, נאָר...

שאַרלאָטע האָט זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען פֿון דער ערד אַ פֿאָדעם פֿון דיוואַן.

— יאָ. זי איז אשענע, — האָט זי געזאָגט.

— וואונדערבאַר, — האָט ער ווייטער גערעדט, — ווי דער דאָזיגער שטעמפעל פֿון אונשולדיגקייט קאָן איינענטליך פֿיעל אויפטהון, מען מעג זיין מיאוס, עקעלהאַפֿט, נאָר פֿערטרויליכע אויגען, אַ אונשולדיגער שטערן מאַכען דאָך שען, אנציהענד.

שאַרלאָטע האָט זיך מיט דער געלעגענהייט בענוצט, כּדי צו ענטפֿערן איהם:

— יאָ, מען זאָגט, אַז אַזוי איז עס.

— געוויס, — האָט ער געענטפֿערט, — פֿיעל דוכט זיך אַזוי אויס. איניגע אַלטע ווייבער. און איך בין אויך איינער פֿון זיי.

מעהר איז איינענטליך נישט געוועזען צו זאָגען אין דער הינזיכט, נאָר שאַרלאָטע איז פּלוצלונג אויפגערעגט געוואָרען, זי האָט אָנגעהויבען רעדען מיט ביטערקייט, אויפגערעגט, נישט זייענדיג אימשטאַנד זיך איינצוהאַלטען:

— עפּעס עהנליכעס האָט איהר שוין איין מאָל געזאָגט. גאָט מיינער, נאָר וואָס זאָל מאַכען פֿון זיך דער, וואָס... איך האָב נישט געקלערט, אַז איהר זאָלט זיין אַזאַ באַנאַלער מענש, גאַיבראַ.

ער האָט פֿערוואונדערט אַ קוק געטהון אויף איהר. צו דען

האָט זי שוין אויך אָנגעהויבען פֿערטיידיגען אויסגעלאַסענהייט ? ווייל אַ מאָל איז זי דאָך, נאַטירליך, געווען איינשטימיג מיט איהם, ער האָט זיך אייך צעהיצט און געזאָגט :

— באַנאַל ? געוויס, איך בין נישט קיין אָנהענגער פֿונ'ם ראַדיקאַליזם פֿון נאָרוועגער ראַדיקאַל ענדרע באַנדעסען — אויב איהר האָט פֿון איהם איבערגענומען די דאָזיגע מיינונגען. נאָר דאָס איז דאָך נישט פֿון איהם ? ניין, ניין, נישט מיהר וואָס איהר שטימט נישט איין מיט מיר. — אַ ווײַלע שפּעטער האָט ער ווײַטער גערעדט : — בכלל האָט מען אין אונזער פֿאָטערלאַנד אַלץ ווייניגער און ווייניגער זיך אָנגעהויבען צו שעמען צו פֿער-הייראַטען זיך מעהר אָדער ווייניגער פֿערדאָרבענערהייד. צו אַ אונ-שולדיג מעדעל בעציהט מען זיך כּלל נישט מיט מעהר אַכטונג ווי צו אַ אויסגעלאַסענער. — ענטשולדיגט ! די אויסגעלאַסענע געהט זיך אויך אַרום אַזוי פֿרײַ און אונגעצוואונגען אויף דער קאַרל-יאָהאַנ-גאַס, ווי יעדע אַנדערע. הײַנט בעגריסט זי פֿרײַ און אָפֿען פֿאַר דער גאַנצער וועלט איהר געליבטען, און אַלע זעהען דאָס. אין מוזיק שפּיעלט דערבײַ, מאָרגען האָט זי חתונה מיט אַ צווייטען. איך זאָג נאָר : איך וואָלט נישט געקאָנט מיט איהר חתונה האָבען. איהר וואָלט געקאָנט ? וויסען, אַז דער דאָזיגער מענש, וואָס איצט בעזט פֿעראײַניגט מיט איהם, איז געוועזען... איז געשלאָפֿען... פֿוי ! דאָס גאַנצע לעבען געהן און וויסען, אַז די דאָזיגע ברוסט, די דאָזיגע הענד... אַז אײַגענטליך האָט מען חתונה געהאַט מיט די רעשטלעך פֿון אַ מענשען... אין דערצו נאָך איז מען פֿעראור-טיילט שטענדיג אײַנצוזעטעמען אין זיך דעם דאָזיגען ריח פֿון גע-פֿאַלענעם, דעם ריח פֿון צווייטען, מיט יעדען אָטעמצוג ! נאָר איך האָב גאָרנישט געזאָגט, אויסער דעם, אַז איך פֿון מײַן זײַט וואָלט אַזוי נישט געקאָנט טהון.

— נאָר אַזוי קאָן דאָך רעדען נאָר דער, וואָס איז אַלײַן רײַן.

— איך פֿערשטעה נישט, וואָס איז מיט אײַך הײַנט אָוועגד, איהר ווילט אונבעדינגט פֿערטיידיגען אונשענע זאַכען, פֿאַרוואָס טהוט איהר דאָס אַזוי ? איך פֿערשטעה דאָס נישט. רײַן ? איהר

זוייסט, איך בין כלל נישט ריין; נאר דאך זאג איך דאס, וואס איך האב געזאגט. לײדער, בין איך אזוי ווייניג ריין, אז ווען די וועלט וואלט זיך דערוואוסט, וואס איך האב געטהון, וואלט איך איצט הינטער שלעסער און ריגעל געזעסען. — נאיבראָ איז אויפגעשטאנען א צעהיצטער און איצט איז ער געשטאנען גראד געגען איבער איהר. — איז, הייסט עס, בין איך נישט ריין. נאר דעדיבער קאן יעדע איינציגע זאגען צו מיר: „ניין, איך קאן מיט דיר נישט חתונה האבען, דו ביזט נישט ריין“. — „ריכטיג, — וועל איך ענטפערן, — איך וואלט אליין אויך אזוי געטהון“. און דאן וועל איך זיך א מעשה אנטהון, אדער איך וועל אוועקפאהרען, אדער איך וועל זיך בעמיהען צו פערגעסען, דאס ווענדט זיך שוין אן דעם, ווי שטארק מיין ליעבע איז.

שארלאטע האט געשוויגען, ער האט ארויסגערעדט רוהיג, האלב שמייכלענדיג:

— נאר אויב עס וואלט זיך געפינען א ריין מעדעל, וואס וואלט איינגעשטימט חתונה צו האבען מיט מיר טראץ דעם, וואס איך בין אליין נישט ריין, נו מילא; הייסט עס, אז זי פיהלט אנדערש ווי איך, און מיר וואלטען חתונה געהאט.

אזוי, איצט האט ער נישט אבגענארט, נאר נישט פערלײקענט, און צו וואס זאל ער דען פרובען זיך שענער ארויסווייזען? סיי ווי איז שארלאטע פאר איהם פערפאלען געווען, איינגאנצען פערפאלען, דאס האט ער שוין לאנג געוואוסט. אפילו איצט איז דאס קלאר געווען צו דערקענען. שארלאטע איז געווען די פערקערפערונג פון גלײכגילטיגקייט, אלץ וואס ער האט גערעדט, האט זי גארנישט אנגערירט, אפילו דאס, וואס ער האט זיך אויסגעגעבען, האט אויף איהר קיין איינדרוק נישט געמאכט.

— נו, איז האט זיך טאקי התונה! — האט זי געזאגט פערקלערטערהייד. נאר ווען זי האט זיך אויפגעהויבען און א קוק געטהון אויף איהם, האט זי צוגעגעבען: איבריגענס פערשטעה איך גאנץ גוט, אז איהר זענט געריכט.

אויף דעם דאזיגען שלום האט ער זיך נישט געריכט.

— ניין, — האט ער האסטיג איבערגעשלאגען און זיך

פערקרימט, — איך בין גאר נישט גערעכט, אין ברייטען זין פון ווארט, און גאר נישט דאס האב איך געוואלט זאגען, נאר איך בין גערעכט אין בעציהונג צו זיך אליין, בלויז אין בעציהונג צו זיך אליין. אנדערש וואלט איך נישט געקאנט טהון.

דאן איז שארלאטע ארוים: עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי האט קיין בעזונדערע אנגעלעגענהייט נישט געהאט צו איהם, זי האט מעהר קיין איין ווארט נישט געזאגט אין איז ארוים, דעם קאפ הויך אויפגעהויבען, קאלט, זיכער, ווי זי וואלט געגאנגען אין שלאף.

---

## XV.

איינינע טעג שפעטער איז גאיבראַ פון דער היים געגאנגען אין באנק אריין. עס איז ערשט געוועזען אכט א זייגער אין דער פריה, ס'איז געוועזען א ווארעמער און ליכטיגער טאג, דער ערשטער פריהלינגס־טאג, און גאיבראַ'ן איז איינגעפאלען צו דער־צעהלען עמיצען פון זיינע קאלעגען וועגען זיין שווערער לאגע אין באנק. מען וועט איהם געוויס העלפען, אויב ער וועט זיך ווענדען צו עמיצען, און שוין די האפנונג אליין האט איהם אין א פרעהליכע שטימונג געבראכט. וואס פאר א ליכטיגער און שענער פריהמאר־גען; דער שנעע איז צערגאנגען און פויגעלעך האבען לעבהאפט אויף די בוימער גערוישט. פון צווייגעל צו צווייגעל געפלויגען און געזונגען.

ער איז שוין א האלב וועגס געהאט אבגעגאנגען, אלס ער האט דערזעהן פאר זיך די ביידע שוועסטער אילען, סאפיען און שארלאטען; שארלאטע האט שוין אנגעהויבען א העלע בלוזע צו טראגען.

ער איז כמעט שטעהן געבליבען, זיין הארץ האט אנגע־חאפט א צאפלענדיגע אונרוהיגקייט, וואס פלעגט איהם שטענדי־בעהערשען אין שארלאטעס אנוועזענהייט. איינינע אויגענבליקע האט ער געהאט דאס זעלבע געפיהל, ווי ער וואלט זיך געהויז

דעט אויף אַ הויכער ווינדע, ווען זיין האַרץ פֿילט אַן אַ מין שרע־קעדיגע פֿערשמאַכטקייט, בשעת ער פֿליהט אַראַב־צו. ער האָט געוואָלט נעהמען פֿאַמעלעכער גיהן, דעם גאַנצען וועג געהן הינטער זיי, נאָר די דאַמען האָבען איהם שוין דערזעהן, און ער האָט נישט געקאָנט געפֿינען קיין בעקוועמען תירוץ, כּדי זיך אין אַ צווייטע גאַס צו לאָזען. פֿאַרוואָס זענען ביידע שוועסטער שוין אויף דער גאַס געווען אַכט אין דער פֿריה?

זיי האָבען זיך איינאַנדער בעגריסט און סאָפֿיע האָט גלייך געזאָגט, אַז דער דאָזיגער שענער וועטער האָט זיי אין דרויסען אַרויסגעצווינגען, שאַרלאָטע האָט אויסגעזעהן וואונדערבאַר פֿריש און מונטער, זי איז שוין מעהר נישט געגאַנגען מיט אַן׳אַראָבגעלאָ־זטען קאָפּ. אויב עמיץ פֿון די פֿערבייגעהער, וואָס זיי האָבען גע־טראָפֿען, האָט אויף איהר אַ בליק געוואָרפֿען, — וויַיל זי איז דאָך היינט אַזוי שען געווען, — האָט זי הויך געלאַכט און גע־מאַכט וועגען איהם שפּאָטישע בעמערקונגען, גאַיבראָ׳ן האָט זי קיין וואָרט נישט געזאָגט

— איצט וואָלטען די דאַמען געדאַרפֿט אויסנוצען די מעג־ליכקייט צו בעזוכען ניין דעם זיינגער די אויסשטעלונג, — האָט ער געזאָגט.

סאָפֿיע האָט איינגעשטימט; וואָס מיינט שאַרלאָטע?

שאַרלאָטע האָט קורץ געזאָגט:

— ניין.

— ניין, — האָט גאַיבראָ אויך געזאָגט. — נו, אויב אַזוי וואָלטען זיי געקאָנט אין סטאָרטינג געהן. דאָרט איז איצט זעהר אינטערעסאַנט געוועזן.

נאָר שאַרלאָטע האָט אויך אין סטאָרטינג נישט געוואָלט געהן. שאַרלאָטען האָט זיך געגלוסט אין די גאַסען צו געהן און אויף מענשען צו קוקען.

נו, אויב אַזוי איז נישטאָ וואָס צו מאַכען, אויב אַלץ, וואָס ער לעגט פֿאָר, ווערט אָבגעוואָרפֿען, וועט ער שוין מעהר גאָרנישט זאָגען.

גאַיבראָ האָט געשוויגען...

— איהר זענט זעהר צופריעדען מיט'ן פריהלינג? — האט סאָפיע געפרעגט.

— יאָ, איך האָב נאָך קיינמאָל אזוי נישט געבענקט נאָך איהם, ווי היינטיגס יאָהר, — האט ער געענטפערט.

— דאָס איז גאנץ פערשטענדליך, — האט שארלאָטע בעמערקט און א שמייכעל געטהון. — איהר האָט דאָך נאָך קיין ווינטער אזוי שטארק נישט געפריערט ווי היינטיגען ווינטער.

סאָפיע האָט פערוואונדערט אויף שארלאָטען א קוק געטהון.

זיי זענען אין פארק אריין. פלוצלונג בלייבט סאָפיע שטעהן און זאָגט מיט פערדרוס:

— איך האָב דאָס בוך פערגעסען. איצט וועל איך מוזען צוריק געהן.

— דאָס קאָן הערר גאָיבראָ טהון, — האט שארלאָטע געזאָגט און א מאַך געטהון מיט'ן קאָפּ אויף גאָיבראָ'ן.

סאָפיע האָט ווידער א קוק געטהון אויף איהר.

— איך האָב דאָס בוך אויפ'ן טיש אוועקגעלעגט און האָב עס, נאַטירליך, פערגעסען, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, נאָר גאָיבראָ קאָן דאָך עס ברענגען. — האָט שארלאָטע נאָך א מאָל געזאָגט.

זי האָט עס ארויסגערעדט מיט א פערקנייטשטען שטערן.

— צוערשט מוז מען דעם העררן גאָיבראָ פרעגען, צי וועט ער אזוי פריינדליך זיין, — האָט סאָפיע געזאָגט.

— מיט פערגניגען, — האָט ער געמוזט ענטפערן. — וואָס איז דאָס פאַר א בוך? וואו ליעגט עס?

עס ליעגט דאָרטען און דאָרטען, זי מוז דאָס בוך אין ביבלאָטעק אומבייטען. נאָר עס לוינט נישט איהם מטריח צו זיין.

— זאָל ער צוגעהן, — האָט שארלאָטע איבערגעשלאָגען.

און גאָיבראָ איז געגאַנגען.

ווען ער איז צוריקגעקומען האָבען גאָך די שוועסטער אויפ'ן זעלבען אָרט ארומגעשפאַציערט.

— ווי שנעל; א גרויסען דאנק! — האָט סאָפיע געזאָגט.

זי איז איהם פון הארצען דאנקבאַר געוועזען פאַר די דאָזיגע

טובה.

און זיי זענען ווייטער געגאַנגען.

— אין גיכען וועט מען שוין קאָנען וועלאָסיפּעד פאָהרען, — האָט סאָפיע צו דער שוועסטער געזאָגט.

— איך וועל שוין קיינמאָל נישט פאָהרען, — האָט שאַרלאָטע געענטפערט, — איצט קאָנסטו דיר ניצען דעם וועלאָסיפּעד אַ גאַנץ יאָהר, אויב דו ווילסט.

— אָט האָט איהר אַ שענע דאַנקבאַרקייט, — האָט סאָפיע שפּאַסיג געזאָגט צו גאַבריעלאָ'ן. — זי האָט נאָך נישט בעוויזען דעם וועלאָסיפּעד צו בעקומען, וואַרפט זי איהם שוין אַוועק.

— איך שענק דיר איהם! — האָט שאַרלאָטע שאַרף און ענטשלאָסען געזאָגט.

— אַזוי, עס ווערט פון מינוט צו מינוט ערגער!

סאָפיע האָט געפּרובט פערדרייבען דעם שמועס, נאָר איהר שוועסטערס צערייצטע שטימונג האָט זי אויפגעבראַכט.

— ווי שעמסטו זיך נישט! — האָט זי שטיל געזאָגט.

נאָר פּלוצלונג איז שאַרלאָטעס געזיכט בלאַס געוואָרען און אַ געשריי געטהון:

— דו ביזט פשוט אונערטרעגליך מיט דיין אייפגעבלאָזענהייט, סאָפיע. אַז איך האָב געזאָגט, אַז הערר גאַבריעלאָ זאָל ברענגען דאָס ביך, איז עס געוועזען נאַריש. אַז איך זאָג, אַז דו קאָנסט אַ גאַנץ יאָהר ניצען דעם וועלאָסיפּעד אָנשטאָט מיר, ווייס איך דאָך מסתמא, אַז דעם העררן גאַבריעלאָ אַהרט עס נישט. נאָר באַלד וועסטו זאָגען, אַז דאָס איז אויך נאַריש, איך טהו נישט קיין זאַך, וואָס זאָל נישט זיין נאַריש. דאָס איז שוין צו פיעל.

סאָפיע איז געגאַנגען און געקלערט וואָס צו זאָגען.

— עס פעהלט שוין נישט מעהר, אַז הערר גאַבריעלאָ זאָל מיך אויך אָנהויבען אויסצובעסערן, — האָט שאַרלאָטע ווייטער גערעדט.

— איך? — האָט גאַבריעלאָ געענטפערט. — ווי קום איך אייך אויסצובעסערן?

— איך האָב געזאָגט, אַז מעהר פעהלט שוין נישט ווי דאָס.

זיי זענען צוגעקומען צום אוניווערזיטעטס־זייגער, און גאַיבראַ האָט געזאָגט:

— אפשר וועלען מיר אַריינגעהען אין „גראַנד", און עפּעס בעשטעלען? איך זעה, אַז איך האָב נאָך צייט.

— אַ דאַנק, — האָט שאַ־לאָטע געענטפערט, — נאָר מיר מוזען דאָך געהן אין ביבלאָטעק, דורך יענעם וועג, — און זי האָט אָנגעוויזען אַראָב צו, אויף טיוואָלי. — אַ גרויסען דאַנק, איבריגענס, נאָר...

זי האָט געענטפערט פיעל פריינדליכער, ווי די גאַנצע צייט פון שפּאַציר. איהם איז איינגעפאַלען אַ חשד, אַז צוליעב זיין קליידונג וויל זי דאָס מיט איהם נישט געהן אין „גראַנד": ער האָט קיין מאַנטעל נישט געטראָגען און אפילו זיין האָק איז שוין געוועזען אָבגעריבען. ער האָט געזאָגט מיט אַ ביטערען שמייכעל:

— יאָ, יאָ, איך וועל אַריינגעהען אויף אַ ווייל אין „גראַנד", כדי זיך מיט עפּעס צו דערוואַרעמען. פריילין שאַרלאָטע זאָגט דעם אמת, מיר איז אַ ביסעל קאַלט.

ער האָט זיך געוואָלט צורירהען צום הוט און פערשווינדען, נאָר פלוצלונג האָט איהם שאַרלאָטע די האַנד דערלאַנגט. ער איז געוועזען זעהר פערוואונדערט, זי האָט איהם די האַנד אַ דריק געטהון, און געהענדיג איבער'ן גאַס, האָט ער אָנגעהויבען צו קלערען, פאַרוואָס האָט זי איהם פלוצלונג די האַנד אַ דריק געטהון. צי האָט זי נאָר געוואָלט דעמיט אַרויסווייזען פריינדליכקייט, כדי צו פערגלעטען דעם איינדרוק פון איהר בעזיקייט אין פערלויף פון גאַנצען פריהמאָרגען? ביז איצט האָט ער בסך הכל צוויי מאָל איהר האַנד אין זיינער געהאַלטען, ער האָט נאָך געפיהלט די פייערדיגע שטראָמענדיגע אויפרעגונג אין ברוסט און געהערט איהר שטימע, ווען זי האָט געזאָגט:— „איהר זענט דאָך אַזוי וואַרעם? איך פיהל איער וואַרעמקייט דורך דער הענדשקע. איהר זענט דאָך נישט געפרוירען?" — דאָס איז געוועזען ווינטער.

נאָר וואָס זאָל דאָס אַלץ בעדייטען? פאַרוואָס איז זי פשוט

געוועזן אונהעפליך, כאטש ער האט איהר גארנישט געטהון? און אפילו דעם וועלאסיפעד האט זי געוואלט אבגעבען, נו, מילא, נאך איין פריינדשאפט ווערט איבערגעריסען. נאר פארוואס איז ער געגאנגען און געקלערט וועגען איהר?

ער האט זיך אומגעדרעהט און איהר נאכגעקוקט. אט געהט זי אין דער סטודענטען-אלעע: די העלע בלויע פאסט איהר אזוי וואונדערבאר. זי איז עהנליך געוועזן צו א שמעטערלינג צווישען די ביימער. נאר, גאט דו גערעכטער, זאל זי אוועקפליהען, פערשווינדען. איצט איז ער געוועזן פיעל ווייטער פון איהר, ווי ווען נישט איז, זי האט דאך דעם גאנצען פריהמארגען פשוט חוזק געמאכט פון איהם.

ער איז שטעהן געבליעבען. אט דארטען—דארטען איז זי פערשוואונדען! און גאיבערא האט נאך א מינוט געקוקט אויף די ביימער, וואס האבען זי פערשטעלט. ער האט שטיל און שארף זיינע הענד צונויפגעפרעסט; ניין, זי וועט זיך שוין מעהר נישט ווייזען. — דאן איז ער ווייטער געגאנגען.

ווען ער איז צו'ם „גראנד" צוגעקומען, האט ער צו'ם ערשטען א קלער געטהון פערבייצוגעהן: אייגענטליך איז עס נישט פאר זיין קעשענע צו טרינקען קאווע אין „גראנד". נאר אז ער האט זיך דער מאהנט, אז ער האט געזאגט, דאס ער וועט סיי ווי אריינגעהן אין „גראנד", האט ער געוואלט האלטען ווארט. סיי ווי קאסט דאך עס נישט אזוי טייער.

ער האט זיין קאווע בעקומען און אנגעהויבען צו קלערען, צו וועמען פון זיינע חברים ער וואלט זיך געקאנט ווענדען צו בעטען א הלואה. ער האט געזוכט א מענשען מיט א פיערציג-פונפציג קראנען, עס וואלט דאך מערקווירדיג געווען, אז איהם זאל זיך נישט איינגעבען, אזא מענשען צו געפינען. פלוצלונג זאגט עמיץ נעבען איהם:

— גוטען מארגען!

דאס איז ענדרע באנדעסען. ער טראגט א נייען, עלעגאנטען אנצוג, זיין געזיכט דריקט אוים שמחה.

באנדעסען האט געפונען גאר א ניי מיטעל זיך געלר צו

שאַפֿען. נאָך דער אונגעלונגענער שיידונג מיט שאַרלאָטע אילען, האָט ער בעשלאָסען די וואָהנונג אומצובייטען, כדי זיין אדרעס זאָל נישט בעוואוסט זיין. ווייל קיינער קאָן דאָך נישט וויסען, צי וועט דאָס דאָזיגע מערעל נישט אויסקלערען עפּעס. ווער ווייס, אפשר וועט זי נאָך וועלען אַ מאָל צוריקקומען צו איהם. דעם צימער אויף פּאַרקוואַיען האָט ער כלל נישט געהאַט אָבגעדונגען אויף אַ לענגערע צייט, און אַז דער מאָנאַט האָט זיך געענדיגט האָט ער זיך איבערגעצויגען אין אַ וואָהנונג פון צוויי צימערען אויף דער בערנדט אַנקער-גאַס. דאָרט האָט ער אָבגעוואָהנט עטליכע טעג, אַלס אין אונטערשטען עטאַזש האָט זיך געטראָפען אַ קליינע, אונבעדייטענדע שריפה אין קיך. דאָס פייער איז גלייך פערלאָשען געוואָרען, די זאַכען האָט גאָרנישט געשאַדט, די איינוואָהנער האָבען זיך געלעגט שלאָפען און רוהיג אָבגעשלאָפען ביז אין דער פריה, אַזוי ווי קיין שריפה וואָלט גאָר נישט געוועזען. נאָר באָנדעסען איז נישט געשלאָפען, ער האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, ער האָט קיין געלד נישט געהאַט, און ער האָט אויסגעקלערט די פערשידענסטע פלענער ווי צו שאַפען. זאָל ער אפשר אַ מאָל די שריפה אויסניצען? צי קאָן מען נישט בעטראַכטען דאָס דאָזיגע קליינע געשעהעניש מיט דער שריפה ווי אַ גליקליכען צופאַל, וואָס איז איהם צו הילף געקומען? ער האָט די לעבהאַפטע אָנגעשריבענע נאָטיץ אַליין אָבגעטראָגען אין די „ציישונג", אַליץ געשילדערט, נאָר די פרטים איבערגעמאַכט: פון דער שריפה האָט קיינער נישט געליטען, אויסער איינעם אַ סטודענט, וואָס זיין נאָמען איז געוועזען בעצייכענט מיט ראשי תיבות. ער איז קוים ניצול געוואָרען, זיין גאַנץ פערמעגען, זיינע מלבושים זענען פערברענט געוואָרען. נאָר ווען ער איז פון פענסטער אַרויסגעשפרונגען האָט ער אין די הענד געהאַלטען זיין עלטערנס פּאָרטרעט.

אויף דעם דאָזיגען נומער פון דער „ציישונג" האָט באָנדעסען אויפמערקזאַם געמאַכט זיין פאָטער: דער דאָזיגער סטודענט איז געוועזען זיין איינענער ענדרע, די מעשה איז געוועזען אַזוי און אַזוי. איבריגענס, האָט ער פעסט געהאָפט, אַז אַזאַ און אַזאַ סומע וועט איהם ווייטער קאָנען אויף די פיס שטעלען; דערווייל האָט

ער מלבושים בעקומען אויף בארג, און דעריבער איז ער נישט גאר נאקעט.

און דאס דאזיגע מיטעל האט געהאלפען, דערהויפט האט די געשיכטע מיט דער פאטאגראפיע, וואס איז פון פייער געגעטעט געווארען, געריהרט דעם אלטען פויער פון בערגען; ער האט געגעבען פיעל מעהר, ווי ער האט אייגענטליך געקאנט, פערקויפט א ביסעל בהמות, א ביסעל געבארגט ביי א שכן און צונויפגעקליבען פיעל געלד, זעהר פיעל געלד פון דעם טאג אן האט ענדרע געקאנט נישט נאר בעצאהלען זיינע קליינע חובות דא און דארטען נאר אויך האבען דאמען אין טיוואלי אין פערלויף פון גאנצען פריהלינג; אויסער דעם האט ער זיך פערשאפט וואוילע מלבושים. איצט האט ענדרע באנדעסען ווידער געשטראהלט, פרעהליך געווען און צופריעדען.

— יא, — האט ער געזאגט צו גאיבראן, — אט זעהט איהר! איך בין שוין דריי נעכט נאכאנאנד נישט געשלאפען, נאר צי דען איז עס קענטיג אן מיר, אה? צי דען איז פון מיר געבליעבען נאר הויט און ביינער? און דאס אלץ האב איך צו פערדאנקען דעם וועלאסיפעד. איהר קאנט זיך גאר נישט פארשטעלען, ווי דער וועלאסיפעד פערשטארקט דאס געזונד. ווען איהר וואלט געהאט א וועלאסיפעד, וואלט איהר אויך נישט געווען אזא בלאסער. ענטשולדיגט!

און גאיברא, דער דאזיגער בער, וואס וואלט באנדעסענען אויף די קניע געקאנט שטעלען מיט איין האנד זיינער, האט גארנישט געענטפערט.

— יא, געוויס, סוף כל סוף וועט זיך דאס אברופען, — האט באנדעסען ווייטער גערעדט, — דאס איז דאך נישט קיין קלייניגקייט, דריי נעכט נישט שלאפען, נאר דערפאר אז מען שטארבט שוין, האט מען חאטש ביז'ן טויט גליקליך אפגעלעבט... אגב, האט איהר די „צייטונג" געליינט? לונגע האט אבגעדרוקט א רעצענזיע וועגען דעם פאמפלעט, איך מיין וועגען דער בראשורע. אט דא, אט איז עס געדרוקט, די ערשטע זייט.

גאיברא האט די צייטונג גענומען און דורכגעליינט די

קלײנע נאַטור. זי איז געװען זעהר אײַנגעהאַלטען, נאָר צו'ם סוף — דער שטענדיגער קלאַפּ, װאָס מאַכט אַ װאונד. דער אויטאָר האָט געפּרובט בעשמוציגען בעקאַנטע מענשען, װאָס האָבען גע־דיענט דער געזעלשאַפט אין פערלויף פון פיעל יאָהרען. די „צײַ־טונג" און איהר רעדאַקטאָר זענען געװען העכער פון די דאָזיגע ניעדערטרעכטיגע אַנאָנימע אָנפאַלען. פון דער „צײַטונג" איז קײן זאַך נישט בעהאַלטען, זי װײס, װער דער דאָזיגער רכילות'ניק איז, אַ מענש, װאָס האָט אויפ'ן געװיסען גערעאַט געװיסע פינסטערע מעשים און װאָס זײַן אויפפיהרונג איז נישט געװען פאָרװאורפסלאָז.

גאַיבראַ האָט די ליפּען פערביסען. „װאָס האָט אויפ'ן געװי־סען געהאַט געװיסע פינסטערע מעשים"! פון דער „צײַטונג" איז קײן זאַך נישט בעהאַלטען! הם!

— נאָר, — האָט באַנדרעסען געזאָגט, — דערמיט איז נאָך די זאַך נישט געענדיגט, זי װעט נאָך װיעדער אַרויסשװימען.

— יאָ, — האָט גאַיבראַ אויך געזאָגט, — װי װײַט איך קען לונגען, װעט ער נאָך װיעדער בעריהרען די זאַך.

— און דאָס װעט זײַן גאַנץ גערעכטיג. יאָ איך האָב זיך דערמאָהנט אײַער מײנונג װעגען לונגען, זי איז כלל נישט קײן גוטע. לונגע איז אָבער אין אמת'ען גאָר נישט אַזוי שלעכט, און װען דער אויטאָר פון דער בראָשורע װאָלט געקומען צו איהם און געזאָגט: „אָט בין איך פאַר אײַך, דאָס בין איך אויף אײַך בעפאַלען און בין געקומען דאָס אײַך צו זאָגען", — אויב דער דאָזיגער מענש װאָלט אַזוי געטהון, װאָלט זיך לונגע געפיהלט זעהר געריהרט פון אַזאַ אויפמערקזאַמקײַט צו זיך און װאָלט איהם מוחל געװען. חע־חע! ער װאָלט זיך קוים מטריח געװען, כדי איהם נאָך אַ קלאַפּ צו דערלאַנגען. אַזוי נישט שלעכט איז אײגענט־ליך לונגע, דאָס הײַסט, אַזוי נישט בעשטענדיג, אַזוי נישט אויפ־ריכטיג איז זײַן צאָרן. מיר דוכט, אַז איהר זענט גאַנץ אײַנשטי־מיג מיט'ן אויטאָר פון דער בראָשורע?

— יאָ. איך בין גאַנץ אײַנשטימיג מיט איהם.

פויזע.

— איהר קענט דעם אויטאָר?

— יאָ.

— צי מעג איך פרעגען, ווער ער איז?

— דאָס בין איך.

באַנדערסען האָט זיך נישט געריכט אויף דעם ענטפער. ער האָט אַ קוק געטהון אויף גאַיבראַ'ן און געבליבען שטיל. ס'איז ווידער געוואָרען אַ פויזע.

— לייענט איבער דאָס ליעד אויף דער צווייטער זייט, — זאָגט באַנדערסען.

ענדליך איז באַנדערסען טאַקי אַרויסגעטרעט [redacted] זיין ערשט ווערק. דאָס איז געווען אַ הימנוס צו'ם פריהלינג, דריי פערזען, געדרוקט מיט זעהר גרויסע בוכשטאַבען. אַ מונטערער „אורא" פאַר אַלץ, וואָס ווערט געבוירען און בליהט אויף אין פאָלק און אין פאָטערלאַנד, ווייל יעדע גוטע טהאַט דיענט דאָך צו'ם אַלגעמיינעם גליק. באַנדערסען האָט ווירקליך פיעל געאַרבייט אויף די דאָזיגע שורות און אין זיי אַ טיעפען זינען אַריינגעלעגט.

— ווי געפעלט דאָס אייך? — האָט ער געפרעגט.

— מען מעג אייך גראַטולירען! — האָט גאַיבראַ געענטפערט. — דאָס איז זעהר שען, לויט מיין מיינונג. איך פערשטעה נישט פיעל אין אַזעלכע זאַכען, נאָר...

— אין אמת'ן? אויב אַזוי דאַרף מען אויסטרינקען צו גלעזעל, — האָט באַנדערסען אויסגעשריהען און אַ קלאַפּ געטהון אין טיש.

נאָר איצט איז גאַיבראַ אויפגעשטאַנען. ער מוז אין באַנק געהן, אויב ער וויל נישט צו שפּעט קומען. איהם איז שוין געבליבען נאָר פינף מינוט.

ער איז אַרויס.

„וואָס האָט אויפ'ן געוויסען געהאַט געוויסע פינסטערע מעשים". יאָ, לונגע האָט איהם אין האַנד געהאַט. ער האָט שוין געוואוסט, אויף וואָס ער האָט זיך געהאַט צו ריכטען. לונגע וועט איהם נישט שוינען, נישט אַזוינער איז ער. אויב דער דאָזיגער מענש וועט זיך אָנשטויסען אָן אַ וואַנד אין דער פינסטערניש, וועט ער פאַר בעם אַ קלאַפּ טהון מיט דער האַנד אין וואַנד; כדי פריי-

צו לאָזען זײַן יונגעלשען צאָרן. נאָר ער האָט פֿאָלשטענדיג געקאָנט מוחל זײַן, אײב מען זאָל איהם בעטען. אויף אַזוי פֿיעל איז ער נאָך גוט געווען.

נאָר צי האָט ער אין אמת'ען עפּעס געוואוסט? פֿון וואַנען האָט ער זיך געקאָנט דערוויסען? פֿון באַנק־דירעקטאָר? נאָר אויב אַזוי וואָלט מען דאָך גאָיבראָ'ן גלײַך אַרעסטירט. אָדער לונגע האָט בלויז איים חוצפה איהם אַ זאָג געטהון די דאָזיגע ווערטער וועגען אונרײַנעם געוויסען? ווען ער וועט אין באַנק קומען, וועט אַלץ קלאָר ווערען.

און גאָיבראָ איז ווי שטענדיג אַרײַנגעגאַנגען דורך די דאָפּעלטע גלאָז־טהיר. ער האָט בעגריסט און די בעאַמטע האָבען געענטפֿערט. ער האָט נישט בעמערקט קײן אונגעוועהנליכע זאַך אין דעם אויסדרוק פֿון זײַער געזיכט. ווען דער דירעקטאָר איז געקומען האָט ער אויך געענטפֿערט אויף זײַן גרוס, אָהן אַ שום שטרענגער מיענע, פֿערקעהרט, עס האָט זיך געדוכט, אַז דעם דירעקטאָרס בליק איז נאָך געוואָרען ווײכער ווי געוועהנליך. גאָיבראָ האָט דאָס גאָר נישט געקאָנט פֿערשטעהן.

אַ שטונדע נאָך אַ שטונדע איז פֿערבײַ, און ס'האָט זיך גאָרנישט פּאַסירט. ווען דער דירעקטאָר האָט שוין געהאַלטען בײַ'ם פֿערלאָזען די באַנק, האָט ער העפֿליך פֿערבעטען גאָיבראָ'ן אין זײַן צימער אַרײַן.

אָט אָט, איצט! גאָיבראָ האָט רוהיג די פֿעדער אַוועקגעלעגט און איז אַרײַן צו'ם דירעקטאָר. געוויס, איצט וועט ער דעם קלאַפּ בעקומען.

— איך האָב אײַך נאָר געוואָלט שטעלען אײַן פֿראַגע, מיט אײַער ערלויבניש, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט. — מען האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר זענט דער אויטאָר פֿון דער בראָשורע, וואָס איז פֿאַר צוויי וואָכען ערשיענען.

— יאָ, דאָס בין איך, — האָט גאָיבראָ געענטפֿערט.

פּויזע.

— איהר האָט הײַנט געלייענט די „צײַטונג"? — פֿרעגט ווײַטער דער דירעקטאָר.

— יאָ.

ווידער אַ פּויזע.

— איך האָף, אַז איהר אַבטעט זיך אַליין אויף אַזוי פיעל, אַז איהר וועט קיין אַבט נישט לעגען אויף אַלץ, וואָס די דאָזיגע צייטונג שרייבט וועגען אייער אונרייינעם געוויסען, און ממילא וועט איהר קיין זאַך נישט טהון. אייער אויפפיהרונג איז גוט.

גאַיבראָ'ס ליפּען האָבען אָנגעהויבען ציטערן. ער וואָלט פערשטאַנען, ווען מען וואָלט איהם פון דער שטעלע ענטזאָגט, אַרויסגעטריבען, אַרעסטירט פאַר'ן דירעקטאָר אין די אויגען. דער דאָזיגער אונגעוועהנליך עהרליכער מענש איז איהם געווען ווי אַ פאָטער אין פערלויף פון צעהן יאָהר; ער האָט גאָרנישט חושד געווען. גאַיבראָ האָט קוים געקאָנט אַרויסרעדען:

— איך דאַנק אייך, הערר דירעקטאָר, אַ דאַנק, אַ דאַנק!

דער דאָזיגער בער האָט זיך צעוויינט.

דער דירעקטאָר האָט אַ קוק געטהון אויף איהם, אַ שאָקעל געטהון דעם קאָפּ און געזאָגט קורץ, נאָך קירצער, ווי ער איז געוואוינט געווען:

— יאָ, דאָס איז אַלעס. גאַיבראָ קאָן געהן.

אין זיין אויפרעגונג האָט גאַיבראָ נאָך אַ מאָל געזאָגט: „אַ דאַנק", און איז אַוועק.

איצט איז ער הינטער זיין פולט געשטאַנען פאַר'ן פערמאַכען די באַנק, פול מיט פערפלאָנטערטע, אונרוהיגע געדאַנקען. צי האָט לונגע געוואוסט עפּעס? אויב ער ווייס דעם מינדעסטען טייל פון אמת, וועט ער איהם אַ קלאַפּ טהון פּלוצלונג, אָהן אַ שום וואָרנונג, מעגליך אַז נאָך מאָרגען ווי ס'איז מעגליך אין יעדען אַנדערן טאָג. ווען איהם וואָלט נאָך געלונגען די פּאַפּירען פריהער צו רעטען! דער גאַנצער טאָג איז פול געווען מיט אונרוהיגקייט און איבעראַשונגען: צו ערשט שאַרלאַטעס שפּאַסען אין דער פריה, דערנאָך איהר דריקען זיין האַנד, וואָס האָט איהם נאָך טיעף איניוועניג געוואַרעמט, און ענדליך די פריינדליכע טיילנאַהמע פון דירעקטאָר, וואָס האָט געווירקט אויף איהם מעהר ווי אַלעס איבעריגע. ווען מען וואָלט איהם נאָר נישט געצוואונגען אויפצורייסע

דעם דאָזיגען אַלטען מאַן די אויגען, ער זאָל זײַן טעות דערזעהן

ווען ער איז אין אָוועגד אַהיים געקומען האָט ער די לאָמפ אָנגעצונדען, נאָר פערדרעהט דעם שליסעל אין טהיר און זיך געזעצט אין וויעג-שטוהל, נישט וועלענדיג קײן זאַך טהון. אַנ׳ערך אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט מען אין זײַן צימער אָנגעקלאַפּט, נאָר ער איז נישט אויפגעשטאַנען צו עפענען. מען האָט ווידער אָנגעקלאַפּט, נאָר ער האָט אַלץ נישט געעפענט, פערקעהרט ער האָט די לאָמפ פערלאָשען און איז אונרוהיג אין שטוהל געזעסען. בעהיט גאָט, אויב דאָס איז שאַרלאָטע געוועזען! ער איז נישט אימשטאַנד געווען זי איצט צו זעהן; זי האָט געוויס אויך געלייענט די „צײַטונג" און האָט זיך שוין פעסטגעשטעלט איהר מײַנונג וועגען איהם; וואָס וועט ער איהר זאָגען, וואָס וועט ער אויף איהרע ערשטע פראַגען ענטפערן? נאָר איבריגענס איז דאָס געוויס נישט געוועזען שאַרלאָטע; ווען זי וואָלט דאָס געווען, וואָלט זי געוויס פשוט אַ ביסעל חוזק געמאַכט פון איהם, דאָס איז זעהר מעגליך; וואָס ווייס ער!

דאָס קלאַפּען האָט אויפגעהערט. ער איז שטיל געזעסען, אײַנגעשלאָפען אין דעם דאָזיגען וויעג-שטוהל און האָט זיך אויפגעכאַפּט שפּעט בײַנאַכט, אין דער פינסטערניש, אַ געפרוירענער, מיט פערגליווערטע הענד און פיס, און אין זײַן קאָפ האָבען זיך נאָך אַרומגעטראָגען פערשידענאַרטיגע חלומות. ס׳איז אינטערעסאַנט צו וויסען, וויפיעל איז יעצט דער זייגער.

„וואָס האָט אויף זײַן געוויסען געהאַט געוויסע פינסטערע מעשים"...

ער איז צו׳ם פענסטער צוגעגאַנגען און דעם פאָרהאַנג אָבגערוקט.

די לבנה שײַנט, אַ וואַרעם וועטער, שטילקײַט. אויפ׳ן גאַס געהט אַ גאַסען-שליח, די אײַנציגע לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס ער זעהט; בײַ׳ם שײַן פון די גאַז-לאַמטערען זעהט ער, אַז דער שליח האָט אַ געלע באָרד און טראָגט אַ לעדערן הימעל. יאָ, צי איז עס ריכטיג, אַז דער דאָזיגער מענש האָט אַ באָרד, אָדער

נײַן? איז אמאָל נישט גלײַכער זיך אויסצוטהון און זיך לעגען שלאָפֿען?

פלוצלונג בלײַבט ער שטעהן און האַלט אײַן דעם אָטעם, ער הערט א שוואַך געריויש פֿון אונטען, עפּעס קוילערט זיך; עפּעס שלעפּט מען. ער געהט נאָך אמאָל צו צו'ם פֿענסטער או.. זעהט, אז דער גאַסען-שליח האָט זיך אָבגעשטעלט אונטען, ב.. דער אײַנגאַנגס-טהיר. וואָס איז דאָ געשעהן, וואָס האָט זיך אזוינס געקוילערט? ער עפֿענט עטוואָס אויף דעם פֿענסטער און קוקט אַראָב אונטען. א וועלאָסיפּעד, דער וועלאָסיפּעד בײַ וועלכע זיך פֿו.. דער טהיר, פֿאַמעלעך, פֿאָרזיכטיג, דאָס פֿיהרט איהם שאַרלאָ.. טע אַרויס. דער שליח שטעהט נעבען איהר און העלפֿט איהר. דאַן גיעט שאַרלאָטע אָב דעם וועלאָסיפּעד דעם שליח און זאָגט עפּעס, רעדט מיט א שטילער שטימע א נאָמען, א אדרעס א.. בעט דעם שליח, ער זאָל קומען מאָרגען, גאַנץ פֿריה, מיט.. געלד, וואָס ער וועט בעקומען.

נאָר וואָס איז דאָס פֿאַר א אדרעס געווען, און פֿאַרוואָס האָט מען דעם וועלאָסיפּעד ערגעץ אָבגעשיקט? דער וועלאָסיפּע.. איז אוועק אין לאָמבאַרד אַרײַן. נאָיבראָ האָט גוט געקענט דע.. דאָזיגען אדרעס, דאָס דאָזיגע הויז אין שטאָדט, וואו זײַנע אוי.. גענע זאַכען זײַנען אויך געלעגען. איצט האָט מען דעם וועלאָסיפּעד אויך געשיקט אין דאָס זעלבע אָרט.

---

## XVI.

אין דער רעדאַקציע פֿון דער „צײַטונג“ האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַלץ שטילער. לונגעס פֿערשידענאַרטיגע שטאַנדפּונק.. טען אין דער פּאָליטיק האָבען זײַנע פֿרײַנד איבערגעשראָקען. נאָר זעלטען ווער פֿון זײַנע געטרײַעסטע לײַט, וואָס האָבען זיך פֿער.. אײַניגט, כּדי צו בילדען א מיטעל-פּאַרטײַ, אײַן אדוואָקאַט, צווײ.. פּראָפֿעסאָרען, דרײַ פֿיער דאַמען, וואָס בעשעפֿטיגען זיך מיט פּאָ.. ליטיק, האָבען איהם נאָך בעזוכט כּסדר און האָבען דורך זײַן צײַ.. טונג אין א אײַנגעהאַלטענעם טאָן מיט'ן פּובליקום געשמועסט.

קיינער האט שוין נישט געוואוסט, צו וואס פאר א פארטיי איינגענטליך געהערט לונגע.

און אליין האט ער עס אויך קוים געוואוסט. אין זיין צימער צווישען בערג צייטונגען און פאפירען, זיצט לונגע אויף זיין שטוהל אין א פינסטערער שטימונג, ענטטוישט און פערטרויערט, און טראכט. זיין שטוהל האט מען א מאל מיט א טראהן געקאנט פערגלייכען, איצט קאן מען איהם קיים האלטען פאר א פשוט שטארקען שטוהל, און ער אליין איז שוין אראבגעפאלען ביז צו דער לאגע פון א געוועהנליכען רעדאקטאר צווישען אנדערע רעדאקטארען, וואס האט אייך געמאכט פעהלערען, זיך געוואקעלט, בעגאנגען אפילו אינשעניע זאכען. פערשידענעם, פערשידענע פסירט זיך אויף דער וועלט.

די לעצטע טעג זענען נישט געוועזען גינסטיג פאר לונגען. טראץ זיינע אלע ערווארטונגען האט איהם מאדאם דאגני גראב אבגעשטויסען נאכ'ן טעאטער, די דאזיגע שענע פרוי האט איהם ענטזאגט, כמעט איהם פון איהר שטוב ארויסגעווארפען. ביז דעמאלט האט ער זיך נאך קיינמאל נישט געוואגט צו דערנעהן אזוי וויים, כל זמן ער איז נאך נישט זיכער געווען אין ערפאלג, דא אבער האט זיין הייס הארץ א צאפעל געטהון און איהם דערפיהרט ביז צו א אונאנגענעהמער לאגע בנוגע צו דער דאזיגער קאלטער, אויסגערעכענטער דאמע פון דער האפען-שטאדט! ער האט דאס כמעט נישט געקאנט פערשטעהן. אמת, ער האט דער מאדאם דאגני נישט געקאנט פערשאפען דאס פערגניגען און פאר איהר מאן א ארדען בעקומען. די אומשטענדען זענען געווען געגען איהר, דאס מיניסטעריום איז געפאלען, און דאס ליעדעל איז געווען אויס. נאר ער האט געהאפט, אז מאדאם דאגני האט אין איהם אליין, אין זיין פערזענליכקייט, געפונען עפעס אזוינס, וואס זאל איהר אויפמערקזאמקייט פערדינען. און אט האט זיך ארויסגעוויזען, אז די דאזיגע קליינינקייט — דער ארדען — האטווירקליך געהאט א בעדייטונג פאר דער דאזיגער דאמע, אז אויב מען האט דעם קרייץ נישט געקאנט בעקומען, איז היינט עס א סוף צו אלעם צווישען איהר און איהם. צי דען איז דאס נישט

עבערליך געווען?

ער האט זי כמעט נישט אנגערירט, ער האט זי נאר ארום דער טאליע גענומען און זיך צעלאכט מיט זיין אינערליכען געלעכטער ווי שטענדיג: חי-חי-חי-חי-חי, דו ביזט מיינע, מיינע! נאר זי האט זיך פלוצלונג ארויסגעריסען, ארײן אין איהר שלאפצימער, וואו זי האט פשוט די טהיר פערשלאסען. זי האט נעהייסען דער אלטער מאדמואזעל גורע איהם ארויסבעגלייטען: אט אזוי איז געווען דער טרויעריגער סוף פון וויזיט.

עטליכע נעכט נאכאנאנד איז לונגע וויעדער געשלאפען מיט צונויפגעפרעסטע פויסטען, ווי אין זיינע יענע ערשטע סטודענטישע טעג, ווען ער האט אומעטום און איבעראל זיין ארבייט פערגע-לעגט און אמעטום האט מען איהם ענטזאגט. עפטער האבען זיך מיט איהם אנגעהויבען פאסירען אינאנגענעהמהייטען, גאיבריג'ס בראשורע האט אין איהם אויך ערוועקט פיעל זארג און מחשבות, וואס פריהער איז ער פריי געווען פון זיי. וואס זאל ער טהון מיט דעם דאזיגען פאמפלעט? אויסשפאטען איהם, חוזק מאכען פון איהם? איצט איז דאך שוין נישט געווען קיין מאדאם דאגני, וואס זאל איהם בעטען פאר דעם דאזיגען שוטה מיט'ן בלאנדזעני-דיגען קאמעט, מען האט איהם געקאנט מיט שפאסלעך אויפ'ן ארט דערהרג'ענען און בעגראבען ביי אלגעמיינעם געלעכטער? פון דער אנדערער זייט אבער, צי איז דאס צוועקמעסיג זיך צו פערטשעפען מיט דעם דאזיגען מענשען, איהם צווארפען אזא היצפהדיגען קאמפפס-רוף? איין גאט ווייס, וואס יענער קאן טהון. פון אזא הולטאי קאן מען זיך אויף אלץ ריכטען. לונגע האט בעשלאסען צו שווייגען אין וועגען דער בראשורע, אין וועגען אויטאר; דאס איז געווען דאס אייערלסטע. און ער האט גע-וואוסט גאנץ זיכער, אז אויב ער שווייגט, ווערען הייסט עס אנדערע צייטונגען אויך שווייגען, אפילו דער „נארוועגער", וואס וועט ווארטען דריי וואכען, איידער ער וועט זאגען דאס ווארט, וואס דארף געזאגט ווערען, און דערמיט וועט ער די זאך אויף אייביג בעגראבען.

נאר אז עס זענען פערביי צוויי וואכען, איז לונגע נישט

אימשטאנד געווען אויסצופיהרען זיין פלאן, ער האט נישט געקאנט ווייטער בלייבען אזוי שלעפריג. דאס איז איבער זיינע כחות געווען. אלענפאלס מוז ער צוריק פעסט שטעלען דעם רוהם פון דער „צייטונג" אלס דער אינפארמירטעסטער ארגאן, און דער גאנצער וועלט זאגען, אז דער אנאנימער רכילות'ניק איז בעקאנט...
דער דאזיגער מענש דיענט אין אזא און אזא באנק, אין זיין אויפפיהרונג איז אפשר קיין פלעק נישט געוועזען, לונגע האט וועגען דעם קיין זאך נישט געוואוסט, נאר ער וועט פרובען געבען אנצוהערעניש וועגען זיין שלעכטער אויפפיהרונג אין לעבען. א מענש, וואס איינער פון זיינע אייגענע גוטע פריינד האט איהם געקאנט אויסגעבען, קאן נישט זיין אינגאנצען פארוואורפסלאז, און ענדרע באנדעסען האט איהם בעשטימט אנגערופען באלוואן, מערדער... ליתר בטחון האט לונגע נאך געשיקט דעם געניטען לעפארעלא צו גאיבראס באנק-דירעקטאר, כדי אלץ אויסצופארשען; נאר לעפארעלא'ן האט מען די טהיר געוויזען. דאן געפינט לונגע איין, אז דאס הויבט שוין אן אריבערצוגעהן יעדע מאס! א פארשטעהער פון דער „צייטונג", זיינעם א פארשטעהער, האט מען די טהיר געוויזען? זיין דרייסטקייט פלאמט העל אויף, ער לאזט זיך אליין צום דירעקטאר פון באנק, אין נאמען פון געזעץ און ארדנונג. ער פיהלט נאך אין זיך זיין פריהערדיגע קראפט און ער קומט אין באנק אריין מיט א אויפגעהויבענעם קאפ, ווי א מענש, וואס בויגט זיך קיינמאל נישט איין, טרעט קיינמאל נישט אב אויף א האר. ער טיילט מיט דעם דירעקטאר אונטער פיער אויגען וואס ער וויל — ווייזט די ביכער! נאר די טהיר האט זיך אויך אזוי העפליך, אויך אזוי פריינדליך פאר איהם אויך געעפענט, און ווען ער איז אין דרויסען געוועזען, איז די טהיר ווידער געווען פערמאכט!

דאן האט לונגען געפלאצט די געדולד, ער איז אין זיין רעדאקציע געקומען און האט מיט בליצענדיגע אויגען אנגעשריבען די ערשטע הקדמה-נאטיץ; די עהרע פון דעם דאזיגען רכילות-טרייבער איז פערפלעקט געווען, זיין רעפוטאציע איז אזוי שלעכט געווען, אז ערגער קאן שוין גאר נישט זיין.

גאָיבראָ'ס בראָשורע איז ווירקליך געווען אַזוי נישט גערעכטיג, אַזוי פּאַרטייליך. אַז לונגע'ס צאָרן איז געווען גאַנץ פֿערשטענדליך. אָח, ווי זי איז געווען פּאַרטייליך! אַ מענשען מיט אַ זעלבע גרויסע פֿערדינסטען און אַ גוט האַרץ קאָן מען נישט מאַכען צו שפּאָט פֿאַר'ן גאַנצען לאַנד, אפילו אויב ער האָט אין צייטען, וואָס זיינען אָרעם געווען אין געשעהענישען, זיך ערלויבט פֿערשיעדענע אומרעהונגען אין דער פּאָליטיק און זיך געלאָזט מיט זיין צייטונג אויף פֿערשיעדענע שפּיצלעך. צווישען די אַלע שטערונגען האָט לונגע געפֿונען די מעגליכקייט צו אינטערעסירען זיך נישט נאָר מיט זיך אַליין, נאָר אויך מיט אַנדערע מענשען. ציי דען האָט ער אינגאַנצען פֿערגעסען אָן דעם אָרעמען פּאָעט אין בוידעם שטיבעל אויף דער טאָרדענשאָלד־גאַס? לונגע האָט זיך נישט ענטזאָגט אידם צו העלפֿען. פֿרעדריק אילען זיצט נאָך אויף היינטיגען טאָג אין דער רעדאַקציע פֿון דער „צייטונג", נאָר איצט מוז מען פֿרעדריק'ען ענדליך אָבזאָגען, לונגע האָט געפֿינען אַ צווייטען מענשען אָנשטאָט אידם, גראָד טאַקי אָט דעם פֿיעל האָפֿנונג געבענדיגען זשעניע פֿון טאָרדענשאָלד־גאַס. לונגע האָט געלייענט זיין נייען ראָמאַן און אידם געפֿונען פֿאַר זעהר אינטערעסאַנט; מען טאָר נישט לאָזען אַ טאַלענט אומקימען, מען מוז דאָס ראָזיגע טאַלענט שטיצען. און ביי דעם געדאַנק האָט לונגע ווידער בעקומען אַ אָפֿען האַרץ, ווידער אַרויסגעוויזען זיין שענע פֿעהיגקייט אָבצוצאָהלען בעגאַבטע מענשען וואָס זיי קומט.

ער עפֿענט די טהיר און שרייט:

— אילען, אויף איין ווייל, איך דאַרף עפּעס רעדען מיט אייך!

און אילען קומט אַריין.

— מיר האָבען בעשלאָסען אויף דער פֿערזאַמלונג פֿון דער אַקציאָנערען פֿון דער צייטונג אַביסעל קלענער צו מאַכען אונזער בודזשעט, — זאָגט לונגע. — איך רעכען אַז איך וועל מיך וואַהרשיינליך קאָנען בעגעהן מיט אַ קלענערער צאָהל מיטאַרבייטער אין דער רעדאַקציע, און עס איז פֿיליייכט קיין אַנדער אויסגאַנג נישטאָ, ווי מיר זאָלען זיך מיט אייך שיידען.

אילען קוקט אויף איהם. פֿאַר דער לעצטער צײַט איז זײַן געזיכט לאַנג און בלאַס געװאָרען, און פֿערלויף פֿון פֿיעל װאָכען האָט ער געאַרבײַט װי אַ שקלאַף, כדי צו בעצאָהלען פֿאַר זײַן מוטער די רעכנונג פֿון בעקער. דער קלײנער לויהן, װאָס לונגע האָט איהם אַראָבגעזעצט, האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט בײַטאָג און בײַנאַכט געמוזט שרײַבען אַרטיקלען און נאָטיצען, אוננוצליכע נאָטיצען, װאָס לונגע פֿלעגט אין עטליכע טעג אַרום דורכזעהן און אַבװאַרפֿען. אַז ער פֿלעגט זײַן אין אַ גוטער שטימונג, פֿלעגט ער אַ מאָל פֿון די דאָזיגע פּאַפּירען אויסקלײַבען אַ פּאָר נאָטיצען און זײ אַװעקשיקען אין דרוק מיט אַ שמײכעל פֿון חסד. אילען האָט ניט געקאָנט פֿערשטעהן, װי אַזױ איז דאָס זײַן אַרבײַט פּלוצלונג געװאָרען אַזױ ניט דרוקפֿעהיג, ער פֿלעגט שרײַבען און מעקען, זיך געפּײַניגט װי ער האָט נאָר געקאָנט, אַבי עס זאָל צום צװײטען מאָל בעסער זײַן. נאָר דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפֿען, ער האָט זײַנע נאָטיצען צוריק בעקומען פּעקװײַז, גאַנצע בויגענס, טײל מאָל אפילו גאָר ניט דורכגעזעהענע.

— נאַטירליך װעלען מיר מיט פֿערגניגען װײַטער פֿון אײַך אָננעהמען אַרטיקלען, — רעדט װײַטער דער רעדאַקטאָר, װײַל אילען שװײַגט, — נאָר מיר זענען געצװאונגען אײַך אָבצוזאָגען פֿון דער שטעלע אין דער רעדאַקציע.

— נאָר פֿאַרװאָס? — פֿרעגט ענדליך אילען און קוקט אין זײַן פּשטות פֿערװאונדערט אויפֿ'ן רעדאַקטאָר.

— יאָ, פֿאַרװאָס? קודם כל, איז אַזױ בעשלאָסען געװאָרען, און אויסער דעם... נאָר איהר קאָנט אװעקגעהן ניט גראָד הײַנט, ס'קאָן זײַן מאָרגען אָדער אַנ'אַנדער טאָג.

נאָר אילען קאָן נאָך אַלץ בשום אופֿן ניט פֿערשטעהן.

— איך האַלט, אַז דאָס איז ניט קײן שטאַרקער יושר, — זאָגט ער.

צו אַזאַ מין נאַאיװיטעט מוז זיך לונגע בעציהען מיט חסד. ער טהוט נאָר אַ קנײטש די אַקסלען און זאָגט:

— יושר? װי פֿערשידען זענען די מײנונגען פֿון מענשען! צי דען האָבען מיר שוין ניט אָבגעדרוקט זעהר פֿיעל פֿון אײַערע

ארטיקלען און נישט בעצאָהלט פאַר זיי גאַנץ גוט ? דאַכט זיך, אַז איהר קאָנט זיך נישט בעקלאָגען אויף ווענינ געלט, אויף וויפיעל איך געדענק האָבען מיר זאָגאר איין מאָל אָבגעדרוקט אַ נאָטיץ וועגען דער האַנד־אַרבייט פון אייער מוטער און מיר האָבען זיך בעמיהט צו געפינען קונדען פאַר איהר.

— יאָ, נאָר דאָס האָט נישט צו דער זאַך, — ענטפערט אילען.

לונגע הויבט אָן פערליערען די געדולד, ער זעצט זיך אויף זיין שטוהל און נעהמט זיך דורכצוזעהן עפּעס פּאַפּיערען.

איצט ערוועקט זיך אילענס איידעלער כעס, צי דען איז ער נישט קיין ערוואַקסענער מענש, און צו דען האָט די „ציימונג" אַליין איהם קיין נאָמען נישט געמאַכט אין דער פּאָטערלענדישער וויסענשאַפט ? ער זאָגט:

— איך האָב שוין גאָר נישט אַזוי פיעל פערדיענט אין דער לעצטער צייט, און אפילו אָט די קליינינקייט נעהמט מען איצט אָב פון מיר.

— אָ, גאָט מיינער, הערט נאָר, — ענטפערט לונגע אויפגעבראַכט, — צי דען פערשטעהט איהר דאָס נישט ? פאַר אונז טויג נישט דאָס, וואָס איהר אַרבייט, איהר האָט דאָס אַליין געדאַרפט זעהן, אַז דאָס טויג נישט, דאָס איז נישט אינטערעסאַנט, קיינער לייענט עס נישט.

— נאָר איהר האָט אַליין אַ מאָל געזאָגט, אַז דאָס איז גוט געווען.

— יאָ, יאָ, מען קאָן דאָך קיינמאָל נישט זיין גענוג פאָרזיכטיג, אַז מען זאָל נישט אַרויסזאָגען אַזאַ מיינונג.

נו, אויב אַזוי איז אילען'ען גאָרנישט געבליבען וואָס צו מאַכען. ער שווייגט און ציהט זיך צוריק הינטער־ווײַלעכטס צו דער טהיר. און די סטיפּענדיע ? צי דען האָט איהם לונגע נישט געגעבען אַ האָפנונג אויף אַ סטיפּענדיע נאָך דעם ערשטען שמועס מיט איהם ?

אילען קומט אַריין אין צווייטען צימער. דער סעקרעטער פרעגט:

— וואָס איז געשעהן?

— ענטזאָגט, — ענטפערט אילען מיט אַ בלאַסען שמייכעל

ער הויבט אָן איינצוקלויבען זיינע פּאַפּיערען און ריינינגט אָב זיין טיש, נעהמט אַרויס פון די שופלאָדען און די פּאָליצעס זיינע פּעקלעך נישט אָנגענומענע אַרטיקלען, ער וויל אויך מיט נעהמען מיט זיך אַפילו דעם כתב־יד פון זיין ערשטען בעריהמטען אַרטיקעל וועגען דער גרויסער פאָלקס־פראַגע פון צוויי מיליאָנען, וואָס ליעגט נאָך צווישען זיינע פּאַפּיערען, אַלס אַ טייער אָנדענקען פון זיין אַמאָליגער גרויסקייט. געענדיקט דאָס אַלץ, וויל ער אַריינגעהן צו'ם רעדאַקטאָר זיך געזעגענען, נאָר ער האָט געמוזט אַ קורצע צייט אונטערוואַרטען: נאָר וואָס איז אַהין אַריינגעגאַנגען עפּיס אַ מענש, אַ בעאַמטער פון דעפּאַרטאַמענט קאָנסוואָל; ער געזעהט גלייך אַריין אין רעדאַקטאָרס צימער, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט אַ אונבעדינגט דרינגענד געשעפט.

לוניע נעהמט אויף זיין אַלטען בעקאַנטען מיט אַ פראַגענדיגען בליק.

— ביטע, זעצט זיך.

קאָנסוואָל קוקט זיך געהיימניספול אַרום, דאַנקט מיט אַ שטילער שטימע און נעהמט פון קעשענע אַרויס אַ פּאַפּיער.

— דאָס איז די רשימה, — זאָגט ער, — פון די בעשטימונגען פון די געשוואָרענע ריכטער. היינט אָוועגד ווערט זי אָבגעשיקט אין שטאָקהאָלם.

פון דער דאָזיגער אונגעריכטער שמחה דערגעהט לוניעס דאַנקבאַרקייט ביז דער העכסטער שטופע, ער חאַפּט דורך די רשימה, שלינגט זי מיט זיינע נייגיעריגע אויגען און דריקט קאָנסוואָלן די הענד.

— דו האָסט מיר אַ גרויסע טובה געטהון, אַלטער פריינד. זיי זיכער, איך וועל דאָס געדענקען.

נאָר קאָנסוואָל וויל נישט אָבגעבען די רשימה אויס שרעק אַז זיין האַנדשריפט וועט איהם אויסגעבען; קיינער קאָן נישט וויסען, וואָס עס וועט זיך טרעפען, עס קאָן אַרויסשווימען אַ פראַגע וועגען גאַראַנטע, וועגען די [illegible], פון [illegible]

ידיעות האָבען זיך גענומען.

און לונגע מוז אַליין איבערשרייבען דעם בייגען.

— איך האָף, אַז דו וועסט מיך נישט אויסגעבען! — זאָגט קאָנגסוואָל. — ווייל דאַן וועט מען מיך זיכער פון מיין שטעלע אַבזאָגען.

— ווי קאָנסטו דאָס אפילו אַ קלער טהון! נאַטירליך טראַכטסטו אפילו איין מינוט נישט אַזוי שלעכט וועגען מיר?

— ניין, ניין, נאָר איך האָב יעהר מורא. ניין, דו וועסט מיך נאַטירליך נישט אויסגעבען מיט אַ ביון, נאָר איך מיין נישט אומישנע, נישט ווילענדיג. און וואָס וועט זיין, אויב מען וועט דיך צווינגען.

— מיך צווינגט מען קיינמאָל נישט, אויב איך וויל אַליין נישט, קאָנגסוואָל. איך וועל נאַטירליך קיינמאָל נישט אויסגעבען דיין נאָמען, איך בין נישט קיין פערראַטער.

קאָנגסוואָל שטעהט אויף אַוועקצוגעהן.

— נו, — זאָגט לונגע, — איצט האָסטו ווידער אַ רעכטען אָבערשט?

— יאָ, אַזוי איז אויסגעקומען.

און לונגע טהוט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ.

— וואָס האָב איך געזאָגט! ניין, אַ רעגירונג, וואָס צעשטערט די טרייהייט און די צוזאָגען, קאָן זיך נישט האַלטען אין גאַרוועגען. אַזוי ווייט זענען מיר נאָך נישט דערגאַנגען.

זיי קוקען ביידע איינער אויפ'ן צווייטען, לונגעס געזיכט האָט אפילו קיין ציטער נישט געטהון.

— אויף ווידערזעהן. — זאָגט קאָנגסוואָל.

נאָר לונגע וויל איהם איפּהאַלטען.

— וואַרט אַ ווייַלע, וועלען מיר געהן צוזאַמען, מיר וועלען געהן אין „גראַנד".

— ניין, דאָס קאָן איך נישט, גראָד איצט טאָרען אונז מענשען צוזאַמען נישט זעהן.

קאָנגסוואָל איז אַרויס...

און אַז אַליין איז אַריינגעקומען צו לונגען, זיך צו געזעגע-

נען, האָט ער דעם רעדאַקטאָר געטראָפען ווי גאָר אַנ'אַנדער מענשען, אונגעוועהנליך מונטער פאַר שמחה. ווען ער וואָלט דורך עפּעס אַ מיטעל געקאָנט העלפען אילענען, וואָלט ער עס גערן געטהון. ער האָט געזאָגט:

— איך וועל אייך געבען אַ צעטעל אויף צו בעקומען דאָס געלד, וואָס קומט אייך נאָך אַרוים; איצט איז שוין דער קאַסי־רער געווים אוועקגעגאַנגען, נאָר איהר וועט אַריינגעהן צו איהם מאָרגען.

— מיר קומט פון אייך גאָרנישט, — ענטפערט אילען, — איך האָב אָבגענומען אַל'ץ, אינגאַנצען.

— יאָ יאָ, שיקט אונז אַ מאָל צו אַנ'אַרטיקעל, אַז איהר וועט אייפשרייבּען.

דאָן האָט זיך אילען געזעגענט און איז אַוועק.

קיינער האָט זיך שוין אויף איהם נישט אומגעקוקט אויפ'ן גאַס.

מענשען האָבען איהם גע'קענט און איהם רוהיג געלאָזט זיין וועג געהן מיט'ן פעקעל, נישט אָנגענומענע נאָטיצען אונטער'ן אָרעם. אילען האָט אָבגעדיענט זיין צייט, ער האָט בעפריעדיגט די נייגיעריגקייט און איז געוואָרען אַנ'איבעריגער. איצט איז די צייט געקומען פאַר אַ צווייטען.

אילען איז דערגאַנגען ביז צו זיין היים, און קיינער האָט פאַר איהם דעם הוט נישט געצויגען.

---

## XVII.

ווען גאַבּריאָ איז אין אָווענד אַ היים געקומען, האָט איהם אין קאָרידאָר בעגעגענט מאַדאַם אילען און זעהר נידערגעשלאָגען, מיט אַ טרויעריגער שטימע האָט זי איהם דערצעהלט, וואָס מיט פרעדריק'ן איז געשעהן. איצט האָט ער שוין נישט קיין אַנדער אויסגאַנג ווי צו פרובען דאָס גליק אין אַמעריקאַ; אויב ער וועט פערקויפען זיינע ביכער און זיין אַרבייטס־טיש, וועט ער אפשר

קאָנען צוגויפקלויבען אויף הוצאות. אלענפאלס האט ער נישט געוואָלט געהן צו קיינעם פון זיינע קרובים, דערפון האט ער זיך ענטשלאָסען אָבגעזאָגט; און געוויס וואָלט עס נישט געהאָלפען אויך. פון זינט אילען איז געוואָרען מיטאַרבייטער פון דער „ציימונג", האבען אלע אילענס זיך אָנגעהויבען צו בעציהען צו איהם מיט דער גרעסטער קאַלטקייט... איבריגענס איז מאַדאַם אילען זעהר צופריעדען געווען, וואס זי האָט ענדליך גאיבראָ'ן געקאָנט בעצאָהלען איהר גרויסען און לענגסטיגען חוב, אט די הונדערט פונפציג קראָנען; יאָ, יאָ, דאָס איז געווען אקוראט צו דער צייט; זי האָט איהם צו לאַנג אָבגעצויגען מיט'ן חוב, ער מוז איהר ענטשולדיגען...

נאָר ציי דען קאָן זי איהם אָבגעבען דאָס געלד, ווען דער פאמיליע שטעהען פאר איעלביע גרויסע ענדערונגען?

יאָ, זי האט בעקומען געלד ספעציעל צו דעם צוועק, דאָס האט איהר שאַרלאָטע געגעבען, שאַרלאָטע האט דאָס ביסלעכוויז אָנגעזאַמעלט... יאָ, ביסלעכוויז אנגעזאַמעלט. אָרעמע שאַרלאָטע, זי איז אַזאַ גוטע! ווי נאָר זי האט זיך דערוואוסט, אז די מוטער איז גאיבראָ'ן געלד שולדיג, האט זי גלייך געזאָגט: „דאָס טאָר נישט דויערן אפילו איין טאָג מעהר!" איצט איז איהר וואונש ערפילט. איין גאָט ווייסט, וואס איז מיט שאַרלאָטען געוואָרען, זי האט דעם ווינטער געמוזט אַזוי פיעל איבערלעבען, זי האט קיינמאל קיין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר די מוטער האט דאָך אלץ פערשטאַנען. מאַדאַם אילען איז נישט בלינד געווען, שוין אַזוי פיעל וואָכען פערביי, ווי ענדרע באַנדעסען האט אויפגעהערט צו געהן צו זיי, און דאָס מוז דאָך עפּעס בעדייטען, מסתמא איז עפּעס געשעהן. נאָר איהר האט אַזוי וועה געטהון דאָס הארץ — שאַרלאָטע האט זיך איהר ארום האַלז געוואָרפען און געזאָגט, אז וואָלט אין אמעריקא אויעקגעפאָהרען, ווען זי וואָלט נאָר געלד געהאט; נאָר זי האט נישט געהאט.

מאַדאַם אילען האט דאָס אלץ דערצעהלט מיט א שטילער און צוטרוילאַבער שטימע, כדי די מעדליך אין צימער זאָלען נישט הערען. דאן האט זי איהם דאָס געלד אין האַנד אריינגעשטעקט

גאַיבראָ האָט גוט געוואוסט, פֿון וואַנען אַט דאָס געלד האָט זיך גענומען: דאָס האָט שאַרלאָטע בעקומען פֿאַר'ן פֿערזעצען וועלאָסיפּעד. ער האָט געפּרובט אָבענטפֿערן, נישט געוואָלט איצט נעהמען, דאָס געלד מוז איצט בלייבען ביי שאַרלאָטע'ן, זי קאָן עס געברויכען אויף רייזע-קאָסטען. נאָר מאַדאַם אילען האָט דעם קאָפּ געשאָקעלט. ניין, זי האָט בעקומען אַ בעפֿעהל, דאָס געלד איהם אָבצוגעבען, שאַרלאָטע וועט איהר פּשוט צווינגען איהם דאָס געלד ווידער אומצוקעהרען, אויב זי וועט עס איהר ווידער ברענגען. ביטע, נעהמט!

גאָיבראָ איז אין זיין צימער אַריינגעלאָפֿען און זיך אין דער גרעסטער איפֿרעגונג אויפֿ'ן וויעג-שטוהל אַ וואָרף געטהון. אַ דאַנק גאָט, איצט וועט ער קאָנען אַ סוף מאַכען מיט דער באַנק! ער וועט קאָנען זיין חוב בעצאָהלען און די פּאַפּיערען אָבנעהמען נאָך מאָרגען פֿריה, פּונקט ניין דעם זייגער, נאָך איידער דער דירעקטאָר וועט קומען. אַזוי, הייסט עס, איז איהם נאָך געבליבען נאָר איין נאַכט, איין און איינציגע נאַכט, און די נאַכט וועט ער שלאָפֿען אַזוי גליקליך, ווי עס קאָן נאָר אַ מענש גליקליך שלאָפֿען, – אויב די שמחה וועט איהם בכלל דערלאָזען די אויגען צו פֿערמאַכען.

ווי ער האָט געליטען דעם ווינטער, און קיין רעטונג נישט געזעהן! אמת, ער האָט אָנגעשריבען אַ בראָשורע, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז מסתמא פֿערקויפֿט, נאָר דערפֿון האָט גאָיבראָ קיינע פֿערדינסטען נישט געהאַט. ער האָט דעם כתב-יד געשענקט דעם בעסטען דרוק-איינגענטימער און איז נאָך צופֿרידען געווען, וואָס ער האָט עס געקאָנט אַרויסגעבען, עס זאָל איהם גאָרנישט קאָסטען. און די טעג זענען זיך געגאַנגען זייער וועג, און דער טערמין פֿון דער ראַטע האָט זיך אַלץ נעהנטער אונטערגערוקט.

הײַנט אָוועגד איז ער גראָד געקומען, כדי נאָך אַ מאָל אַ טראַכט צו טהון, זיך צו זעצען אין דעם זעלבען וויעג-שטוהל און אַרומצוקלערען ווי עס דאַרף צו זיין אַ מיטעל ווי געלד צו שאַפֿען. אומזיסט איז ער אַריינגעגאַנגען צו צוויי, זאָגאַר צו דריי פֿון זיינע קאָלעגען און ביי זיי הילף געבעטען; נאָר אפשר וועט ער זיך

דערמאָהנען נאָך עמיצען אַ גוטען פריינד, וואָס וואָלט איהם געקאָנט אַ טובה טהון, דאָס איז נישט געווען אונמעגליך, אויב ער זאָל נאָר נאָך אַמאָל אַ קליער טהון. אָט דאָ וואָלט ער געזעסען, אויפ'ן זעלבען אָרט, נישט אָנגעצונדען די לאָמפּ, פונקט ווי איצט, וואָלט וועגען דעם געקלערט גאַנצע שטונדען לאַנג. און איצט איז ער געזעסען מיט געלד אין די הענד! פון די צוויי גרויסע געלד־פּאַפּירלעך האָט זיך אַ ביסעל געפיהלט אַ ריח פון מוסקוס, זיי האָבען געקנאַקט צווישען זיינע פינגער. ער האָט קיין טעות נישט געהאַט, ער האָט זיי געהאַט. צי דען איז דאָס נישט וואונדערבאַר געווען?

ער האָט נישט געקאָנט רוהיג זיצען, ער איז אַיפגעשטאַנען אין מיטען דעם פינסטערען צימער און האָט אַ שמייכעל געטהון. אַז ער האָט דערהערט טריט אין קאָרידאָר האָט ער האַסטיג די טהיר געעפענט און אַרויסגעקוקט. ביז איצט פלעגט ער איז אַזאַ פאַל זיצען שטיל און איינהאַלטען דעם אָטעם, זיך צוהערען, נאָר איצט האָט ער געעפענט די טהיר מיט אַ פרעהליבער בעוועגונג, אָהן אַ שום מיין, נישט רעכענענדיג עמיצען צו טרעפען.

— גוטען אָווענד! — האָט זיך פון קאָרידאָר דערהערט.

— גוטען אָווענד, פריילין שאַרלאָטע! — האָט ער געענטפערט און איז שטעהן געבליעבען אין טהיר. אין זיין צימער איז פינסטער געווען.

— איהר רעכענט ערגעץ אַוועקצוגעהן אַזוי שפעט? — האָט זי געפרעגט.

— אַוועקצוגעהן? ניין. איך האָב נאָר געמיינט, אייער ברודער איז געקומען, האָב איך איהם געוואָלט זאָגען: „גוטע אָווענד".

— מיין ברודער איז אין צימער, — האָט זי געזאָגט. — זאָל איך אַריינרופען איהם?

— ניין, מען דאַרף נישט, איך האָב נאָר געוואָלט... ניין, גאָרנישט, גאָרנישט.

זיי זענען געשטאַנען איינס געגען דאָס אַנדערע, זי האָט

קוק געטהון אין צימער הינטער איהם און געפרעגט:

— איהר האט אפשר הײנט אװענד גאר די לאמפּ נישט געקריגען?

— אח, יא, די לאמפ? איך װעל באלד...

ער האט מיט אײליגע און אונזיכערע הענד אנגעהויבען די לאמפּ אנצוצינדען, װעהרענד זײ האבען גערעדט מיטאײנאנדער. ענדליך איז זי אין צימער אריין און הינטער זיך די טהיר פערמאכט זײ האבען זיך בײדע געזעצט.

— איך דארף בײ אײך בעטען ענטשולדיגונג, — האט זי געזאגט.

— איך װײס נישט פארװאס. פערקעהרט, איך דארף אײך דאנקען פאר...

ער האט אנגעװיזען מיט די אויגען אויף דאס געלד, װאס איז אויפ'ן טיש געלעגען, נאר זי האט איהם איבערגעשלאגען.

— איך בעט בײ אײך ענטשולדיגונג דערפאר, װאס איך בין די לעצטע צײט געװען אזא מאדנע.

— נו, נארישקײט, פאר דעם האט נישט געלוינט קײן ענטשולדיגונג צו בעטען. און אויסער דעם, איז ער אפשר אלײן שולדיג געװען דעריןן. ער האט געענטפערט:

— איהר קאנט זיך בעציהען צו מיר װי איהר װילט. נאר איבריגענס, זענט איהר די לעצטע צײט נישט געװען ערגער װי שטענדיג... יא, איך רעכען...

— יא, איך האף, — האט זי איבערגעשלאגען לאכענדיג. און דאן האט זי גאנץ ערנסט צוגעגעבען: — איך װײס נישט, איך בין געװען אזוי צערײצט, כמעט קראנק פאר בעזקײט. איהר האט עס פערשטאנען?

— נײן.

— יא, אט אזוי בין איך געװען. נאר מעהר װעל איך שוין אזוי נישט זײן, גאיבערא. דאס האט מיר אינגאנצען די רוהיגקײט אװעקגענומען, איך האב אײך נאך דעם זעלבען אװענד געװאלט איבערבעטען, נאר אז איך האב אנגעקלאפט צו אײך, האט איהר נישט געענטפערט.

— אזוי, ווענט איהר דאס געווען! איך האב טאקי באלד פערשטאנען, נאר איך האב איין נישט געקאנט זעהן, אייך אין די אויגען קוקען.

— אין די אויגען?

— יא. עס טרעפט א מאל, מען טהוט א זאך, וואס נאכ-דעם מוז מען די אויגען אראבלאזען. נאר איהר קאנט דאס נישט פערשטעהן, איהר קאנט נישט.

— ניין, איך קאן דאס זעהר גוט פערשטעהן. גאנץ ריכ-טיג, א מאל בעגעהט מען א געוויסע זינד, וואס דערנאך קאן מען מענשען אין די אויגען נישט קיקען.

ער האט דאס אנגענומען פאר א האלבע פראגע, פאר א פארשלאג ווייטער צו רעדען, — נו, און וואס ווייטער? זי האט געוואלט וויזען, אז זי פיהלט איהם מיט, אז זי קאן פערשטעהן און פערציהען. ער האט זיך צוגעגרייט איהר צו דערצעהלען, אין וואס זיין זינד בעשטעהט; דאס איז געווען א שווינדעל, א פעלשונג, ס'האט איהם איין מאל געלד געפעהלט צו בעצאהלען פאר א געוועט, וואס ער האט פערשפיעלט. דער ריינער אמת, פאר א געוועט אויף ערענווארט, האט ער געפעלשט א דאקומענט און בעקומען געלד.

ער האט אנגעהויבען:

— דאס איז געוועזן אזוי...

נאר זי האט איהם ווידער איבערגעשלאגען.

— ניין, ניין, ניין. דערצעהלט מיר נישט, גארנישט! מיר וועלען גארנישט דערצעהלען: גוט? ניין, ליעבער, לא'מיר זיך א ביסעל פרעהליך מאכען היינטיגען אווענד, ווייל מיז איז אזוי שלעכט. איך קאן שוין כמעט נישט מעהר...

זי האט זיך מיט געוואלד בעהערשט, זי זאל זיך נישט צעוויינען.

ער איז געווען צו פיעל איבערראשט, ער זאל קאנען ווייטער רעדען, ער האט קיין ווארט נישט געזאגט. איין אויגענבליק האט ער ווידער א קלער געטהון, צי זאל ער איהר נישט בעדאנקען פאר'ן געלד; נאר אפשר איז עס פון זיין זייט נישט דעליקאט איהר

מיט אזא עקשנות צו דערמאהנען איהר מוטערס ארעסטקייט, דאס פערזעצען דעם וועלאסיפעד, און ער האט געשוויגען.

דאן האט זי איהם אנגעהויבען אויסצופרעגען וועגען די אלטע פארטרעטען, וואס זענען אויף זיין טיש געשטאנען, וועגען זיינע עלטערן, וועגען זיין איין און איינציגער שוועסטער, וועגען די אלטע זאכען, וואס זי פלעגט פריהער קיינמאל נישט דערמאהנען. א זי האט זיך געוואונדערט און זיך דערפרעהט, ווען ער האט איהר דעם פארטרעט פון זיין שוועסטער געוויזען.

— איהר זענט היינט אזוי גוטע, — האט ער געזאגט, — זאל איך אייך אפשר ווייזען מיין לעצטען בריעף פון דער היים? נאר ער איז געשריבען נישט גאנץ רעגעלמעסיג.

זי האט גענומען דעם בריעף און איבערגעליינט מיט אויפריכטיגער שמחה. וואס פאר א געזונדע און געוויכטיגע מיינונגען וואס פאר א ליעבע! זיי האבען ביידע געלאבט פונ׳ם שלום, ווא דער פאטער, וואס האט קיינמאל נישט געשפאסט, האט אנגעשטעלט א גאנצע מענגע פון פערשיעדענע פונקטען איינעם נאכ׳ן אנדערען און צוגעשריבען: „דערביי ווערט צוגעלעגט א פאר טויזענד פונקטען, וואס דו קאנסט זיי אליין אויפשטעלען אין בריעף ווא מען דארף". א דאס איז געווען א גרונד-עהרליכע נשמה, א נאאיווע און שטארקע, אנ׳אמת גלויבענדיגער מענש.

און וועהרענד גאיבראָ האט ווידער צונויפגעלעגט דעם בריעף, איז שארלאטע געזעסען און געקוקט אויף איהם, געטראכט און געקוקט.

זיי האבען אנגעהויבען רעדען וועגען פרעדריק׳ן. ער האט איצט בעשלאסען צו פרובען דאס גליק אין אמעריקא און האט שוין אנגעהויבען זיינע ביכער צו פערקויפען. ער האט געהאט נישט ווייניג ביכער, אויף א שיפס-קארט וועט ער מסתמא האבען. שארלאטע וואלט אויך וועלען פאהרען מיט איהם, נאר זי האט קיין געלד נישט געהאט. זי האט דערצעהלט מיט א שמייכעל וואס איז כמעט ווי א זיפץ געווען, אז זי האט דעם גאנצען אווענד גאט געבעטען, ער זאל איהר העלפען צו בעקומען געלד אויף הוצאות, חאטש זי האט זיין הילף נישט פערדיענט.

— ניין, איהר דארפט דאס נישט טהון, — האט גאיבראַ געזאָגט אונפּאַרזיכטיג. — איהר דארפט נישט אוועקפאָהרען.

— פאַרוואס נישט? איך וויל. איך האָב זיך שוין דאָ זיך זעלבסט אזוי דערעסען.

— נאָר אויסער זיך האט איהר קיינעם נישט דערעסען. פיעל וועלען שטארק בענקען נאָך אייך, אויב איהר וועט אוועקפאָהרען.

— ווער וועט בענקען נאָך מיר?

קודם כל ער אליין, ער וועט בענקען טעג און נעכט, נאָר ער האט געענטפערט:

— אויב איהר פרעגט שוין: ענדרע באַנדעסען, צו'ם ביישפּיעל.

זי האט אַ געשריי געטהון: „ניין", צונויפגעפּרעסט די האַנד און אַ געשריי געטהון: „ניין", בלאָס פאַר אויפרעגונג, מיט אַ שארפער שטימע. און זי האט זיך צעלאַכט קורץ, אָבגעבראָכען שפּאָטיש.

— איך וויל נישט, ער זאָל בענקען נאָך מיר, איך וויל נישט, ער זאָל אפילו געדענקען. ניין. — זי איז אויף אַנאַנדער טאָג אריבער און געזאָגט: — ניין, מיר דארפען דאָך היינט אָוועגער פרעהליך זיין?

— יאָ, אדרבא, — האט ער אויך געענטפערט.

איבריגענס האט זי אליין נישט געקאָנט פערגעסען וועגען ענדרע באַנדעסען, זי האט ווידער אָנגעהויבען רעדען וועגען איהם. ער האט זי אזוי אונגליקליך געמאכט, ווי איין מענש קאָן נאָר דעם צווייטען אונגליקליך מאכען. נאָר איצט דארפען זיי מעהר נישט רעדען וועגען דעם, זיי מוזען נאָר פרעהליך זיין.

— נאָר איהר האט איהם געווים געליעבט אמאל, — האט גאיבראַ געזאָגט, — אין דאן...

— איך וועל אייך עפּעס זאָגען, נאָר איהר וועט מיר נישט גלויבען. געווים וועט איהר מיר נישט גלויבען. נאָר ווען דאָס וואָלט מיין לעצט וואָרט געווען אין לעבען, איך האָב איהם קיינמאָל נישט געליעבט. איך בין איצט אין דעם אזוי זיכער, ווי איך

בּין זיכער, אז איך זייץ אָט דאָ. זאָל אייך גאָט העלפען צו פערשטעהן, וואָס איך זאָג, נאָר געוויס פערשטעהט איהר עס נישט. איך האָב איהם נישט געליעבט, נאָר איך בּין אין איהם פערליעבט געווען איין אָווענד, און יענעם אָווענד בּין איך געוואָרען... איז געשעהן... נאָר איך האָב איהם קיינמאָל נישט געליעבט. איך בּין נ־ר אין איהם איין אָווענד פערליעבט געווען. און פון יענעם אָווענד אָן האָב איך די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז איך האָב איהם נישט געליעבט, נאָר איך האָב מיך בּעמיהט צו גלויבען, אז איך ליעב, יאָ, איך האָב מיך איינגערעדט צו ליעבען. דאָס ווייס איין גאָט.

גאָיבּראָ האָט דערפיהלט אַ שטאַרקע געהיימע שמחה, זיין געזיכט איז רויט געוואָרען. און ער האָט אַפילו נישט געפּרובּט דאָס צו בּעהאַלטען. יאָ, אזוי איז עס: פאַר איינעם אַ שמחה, פאַר אַ צווייטען — אַ צרה. אין זיין אינערליכער און פרעהליכער אויפרעגונג האָט ער געוואָלט ווייטער רעדען, געוואָלט זיך מעהר דערוויסען; נאָר זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנד צו איהם, זיך צוגעריהרט מיט איהרע פינגער און געזאָגט מיט אַ בּעטענדיגען בּליק:

— ליעבּער, לאָמיר בּעסער רעדען וועגען עפּעס אַנדערש!

זי האָט נישט ווילענדיג זיינע האָר אַ גלעט געטהון, ווען זי האָט די האַנד צוריק אָבּגענומען. אַ ציטער איז איבּער זיין גאַנצען קערפּער דורך פון קאָפּ בּיז די פיס, און ער האָט איהר האַנד אָנגענומען, זי אַ דריק געטהון.

— נאָר איך וועל בּענקען נאָך אייך. אויבּ איהר וועט אוועקפאָהרען, — האָט ער געזאָגט כמעט סאַמע נעבּען איהר אויער.

— יאָ, עס קאָן זיין — איהר, — האָט זי געזאָגט אַלץ אַזוי שטיל. — נאָר איהר מוזט וויסען, אַז איך בּין דאָס נישט ווערט.

— איהר — זענט נישט ווערט!

ער האָט זיך צוגערוקט נעהנטער צו איהר, זיך אויף די קניה נעבּען איהר שטוהל אַראָבּגעלאָזט און איה־ע בּיידע הענד אָנגענו־

שען. זי האָט איהם ערלויבט צו האַלטען זיי און שטיל מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— יאָ, נאָר דאָס דאַרפט איהר נישט צו טהון. עמיץ קאָן אַריינקומען.

— ניין, מיר הערען קיינעם נישט, קיינער געהט נישט. איך בין אַזוי גליקליך אין דער מינוט, ווי נאָך קיינמאָל אין מיין לעבען, קיינמאָל. זעהט נאָר, איך האַלט אייערע הענד, ווייסט איהר דאָס?

— יאָ.

אין קאָרידאָר האָבען זיך טריט דערהערט, עמיץ איז דורכ־געגאַנגען אין קיך אַריין. שאַרלאָטע איז אויפגעשפּרונגען, נאָר זיך גלייך ווידער געזעצט. גאָיבראָ האָט ווידער איהרע הענד גענומען און זיי אַ קוש געטהון; ער האָט געגלעט איהרע פיינע ווייסע הענד, וואָס ער האָט אַזוי אָפט אין געדאַנקען געקושט, איצט האָבען זיינע ליפען אין אַ הייסען עקסטאַז גערוהט אויף זיי.

און ער האָט געזאָגט, איינגערוימט עטליכע ווערטער, ער האָט געהאָפט, אַז דאָס אַלץ איז נישט קיין טרוים געווען, געבעטען ביי איהר אַ ערלויבניש צו קוקען און נחת האָבען פון איהר ווי שטענדיג ביז איצט קיינער. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווי זיין הארץ האָט דעם גאַנצען ווינטער געשטרעבט צו איהר.

זי האָט געענטפערט דערויף:

— איהר זאָגט, אַז איהר זענט גליקליך, גאָיבראָ; נאָר מאָרגען וועט איהר דאָס נישט זאָגען.

— מאָרגען און שטענדיג, אויב איך מעג. זאָגט, מעג איך? איהר וועט דאָס בעשליסען, איהר אַליין. פאַרוואָס נישט מאָר־גען? יאָ, גראָד מאָרגען, אונבעדינגט מאָרגען, ווייל מאָרגען וויל איך אין אָרדנונג ברענגען איין אונאַנגענעהמע זאַך, וואָס האָט מיך געדריקט, און אויב איך וועל זיך קאָנען טרעפען מיט אייך מאָרגען אָווענד, וועל איך אייך עפּעס פרעגען, וועל איך אייך עפּעס אויף די קניע בעטען, שאַרלאָטע.

נאָר פּלוצלונג שטעהט שאַרלאָטע אויף און פערשטעלט זיך פאַר איהם מיט ביידע הענד.

— ניין, ניין, מען דאַרף נישט מעהר, אום גאָטעס ווילען! איצט מוז איך אַוועקגעהן. אַ דאַנק, אַ דאַנק פֿאַר היינטיגען אָוועגד! גאַיבראָ, איהר זאָלט מיך נישט בעטען עפּעס אויף די קניע, גוט? גאָט מיינער, איך ענטפֿער אייך: „ניין", גאַנץ שאַרף, איהר טאָרט עס נישט טהון, איהר הערט! ווייל איך ענטפֿער אייך: „ניין". יאָ, איצט מוז איך געהן.

— איהר ענטפֿערט מיר „ניין"? איך האָב אייערע הענד געהאַלטען, איך האָב זיי געקושט, און פֿון דעסטוועגען ענטפֿערט איהר: „ניין"? הערט, הערט, איהר ווערט קיינמאָל נישט איינשטימען, איהר ווערט אין קיין פֿאַל נישט איינשטימען? גיעט מיר אַ גאַנץ קליינע האָפֿנונג, שטעלט מיך אויף אַ לאַנגע צייט אין נסיון, גיעט מיר אַ לאַנגען טערמין צו וואַרטען. איך קאָן לאַנג וואַרטען, אויב איך האָף נאָר...

ווידער האָבען זיך אין קאָרידאָר טריט דערהערט, אין דער צייט האָט קיינער גאָרנישט געזאָגט: דאַן זענען די טריט שטיל געוואָרען אין די צימערען. און אַלץ איז שטיל געווען.

שאַרלאָטע האָט שוין די האַנד געהאַלטען אויפ'ן צודריקער פֿון טהיר, זי האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט געפֿלאַמט. איהר ברוסט האָט זיך הויך געהויבען.

— איך ליעב אייך, — האָט זי רוהיג געזאָגט, — יאָ, איך ליעב אייך; נאָר איך זאָג: „ניין".

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע.

— איהר ליעבט מיך! יאָ? אין אמת'ען? טייערע, נאָר זאָגט נישט אָט דעם „ניין", נישט אויף שטענדיג! פֿאַרוואָס, זאָגט מיר?

זי איז שנעל צוגעגאַנגען צו איהם, זיין קאָפּ אין די הענד גענומען און איהם אַ קוש געטהון אין די ליפּען, גלייך אין די ליפּען.

זי האָט זיך צעוויינט פֿאַר אויפֿרעגונג, ווען זי האָט דאָס געטהון. דאַן האָט זי מיט דער האַנד דאָס געזיכט פֿערשטעלט און צו דער טהיר געאיילט.

גאָר ער האָט איהר נאָכגעשריען, פֿערגעסענדיג יעדע מינו־

זיכטיגקייט, ער איז צוגעגאנגען ביז צו'ם טהיר און א געשריי געטהון:

— נאר, שארלאטע, פארוואס געהסטו אוועק אזוי?

— דערפאר, — האט זי געענטפערט שטיל מיט א טרוי־קענער שטימע, — דערפאר, ווייל איך בין ש'ין נישט מעהר קיין אונשולדיגע פרוי. איך בין נישט ריין, ניין.

און זי האט נאך די האנד אויפ'ן געזיכט געהאלטען, כדי זיך צו פערשטעלען, דאן איז זי אבגעגאנגען א פאר טריט אין קארידאר, געעפענט די טהיר אין די צימערען און איז פער־שוואונדען...

גאיברא האט זיין טהיר פערמאכט און איז אין מיטען צימער געבליעבען שטעהן. נישט אונשולדיג? וואס בעדייט דאס? שארלאטע איז נישט אונשולדיג? זי האט איהם געקושט, דאס איז געוועזען אין דער ווירקליכקייט, ער האט עס נאך געפיהלט. נאר פארוואס האט זי געזאגט, אז זי איז ניט אונשולדיג? אונשולד — דאס איז זיין אייגען לעגנסטיג, נאריש ווארט.

נאר, גאט דו גערעכטער, שארלאטע איז נישט אונשולדיג? נו איז וואס, אויב אזוי? זי האט איהם א קוש געטהון, זי האט איהם געליעבט; ווי איז עס געשעהן, וואס זי האט אזוי גלייך געזאגט, אז זי ליעבט איהם? נאר זי איז נישט אונשולדיג, האט זי דערנאך געזאגט, ס'געהט גארנישט אין דעם, ווי באלד זי ליעבט איהם. ווער איז דען אונשולדיג, ריין? ער אליין אויך נישט, ער איז זאגאר געוועזען א פערברעכער, א רויבער, און ערשט מארגען וועט ער קאנען זיין דאקומענט פערניכטען.

ער האט א קוק געטהון אויף דאס געלד אויפ'ן טיש, די דאזיגע גרויסע געלד־פאפירלעך ליעגען אויפ'ן פריהעריגען פלאץ. יא, מארגען וועט ער צו שארלאטען געהן מיט זיין גרויסער ביטע. זי איז נישט ריין? אח, ריינער פון אלעמען; ער וועט זיך פאר איהר אויף די קניע שטעלען. וואָרום זי ליעבט דאך איהם, זי האט דאך איהם געקושט!

ער איז אין דער מאכט פון דער דאזיגער ערינערונג, ערשיטערט פון א אונזיניגער התפעלות און ער שטעהט ווייטער אין

מיטען צימער, גאָרנישט אָנהויבענדיג. זי איז געווען אין איהר מאָרגען-קלייד, אין דער דאָזיגער פיינער קלייד, וואָס דורך איהר צייכענט זיך אָב דער קאָרסעט, און די העמד זענען געווען נאַקעט כמעט ביז צו'ם סאַמע עלענבויגען, אַזוי קורץ זענען די אַרבעל געווען. ווי אונגעוועהנליך ליעב זענען געווען אַפילו די דאָזיגע אַרבעל! נאָר ווי, אויב עמיץ אַנדערש האָט די דאָזיגע הענד געקושט? יאָ, איז וואָס אויב יאָ, געוויס, אַנדערע האָבען זיי איך געקושט, זי האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז זי איז נישט ריין געווען. און דערצו נאָך האָבען זיך די דאָזיגע הענד געפלאָכטען אַרום האַלז פון אַנדערע, אַרום דער טאַלע פון אַנדערע, ווי באַלד זי איז נישט ריין געווען. נאָר זי איז פאָלשטענדיג ריין געווען, ער האָט זי געליעבט.

די לאָמפּ האָט רוהיג געברענט אויפ'ן טיש, איהר ליכט האָט זיך העל און גלייכמעסיג געגאָסען דורך דער שיין, און זי האָט געברענט, אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט נישט געשעהן מיט דעם, וואָס איז איינער אַליין אין צימער געשטאַנען און געטראַכט.

ער האָט זיך אין וויעג-שטוהל געזעצט. נאָר די דאָזיגע הענד האָבען אַלזאָ אַרומגענומען אַנדערע; צי דען קאָן מען דאָס אינגאַנצען פערגעסען? זיי וועלען איהם אַרומנעהמען, ווי זיי האָבען אַנדערע אַרומגענומען, זיי קאָנען שוין נישט געהערען נאָר איהם איינעם אַליין. זי וועט קאָנען מאַכען אַ פערגלייך צווישען זיין אַרומנעהמען און דעם אַרומנעהמען פון אַנדערע.

טיעפער און טיעפער ווערט ער אין מחשבות פערזונקען. ניין, צי דען איז זי ווירקליך נישט ריין? ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט זי איין מאָל בעגעגענט נעבען באַנדעסענס טהיר אַז ער פלעגט זיך מיט זיי ביידען טרעפען אויף די טרעפּ און אין איינזאַמע ערטער. זי, וואָס ער האָט געקוקט אויף איהר און געטראַכט וועגען איהר אַזוי עהרפורכטספול, יעדען טאָג, יעדע שטונדע, פון דעמאָלט אָן, ווי ער האָט זי צו'ם ערשטען מאָל דערזעהן, זי וועט קומען צו איהם שוין פול ערפאַהרען, צוגעוועהנט צו אַלעם, וועט זיין צערטליך צו איהם ווי צו אַנדערע, וועט איהם אַרומנעהמען מיט איהרע אויסגעלערנטע הענד. און אָט וועט ער

דאָס גאַנצע לעבען אַרומגעהן און וויסען, אַז אַזוי איז עס! דאָס האָט ער נישט געקאָנט, ניין, דאָס איז נישט מעגליך געוועזען. שוין בעסער זיך אַ מעשה אָנטהון.

די לאָמפּ האָט ווייטער געברענט, ווייטער געברענט.

אַ שטונדע נאָך אַ שטונדע געהט פאַרביי, אַ מאָל אין ענטציקונג, וואָס שאַרלאָטטע ליעבט איהם, אַ מאָל אין אַ אונבעוועגבארען שמערץ. ער האָט זיך אין שטערן אַ קלאַפּ געטהון. ניין, דאָס איז נישט מעגליך געוועזען, און ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער וועט דאָס נישט אויסהאַלטען, זי האָט געמעגט גנבה'נען, מאָרדען, נאָר נישט דאָס. די לאָמפּ האָט געהאַלטען ביי'ם דערברענען, און אַז זי האָט אָנגעהויבען צו מינגען, האָט ער זי פערלאָשען. ער האָט זיך געלעגט אויפ'ן בעט, נאָר אָנגעקליידט און מיט ברייט אָפּענע אויגען. שאַרלאָטטעס קושען האָבען נאָך אויף זיינע ליפּען געברענט. באַקלערט זיך נאָר, זי האָט ביי גאָט געבעטען געלד אויף הוצאות! זי איז נישט געוועזען פערדאָרבען, און ער ליעבט זי זעהר; נאָר צי דען וועט דאָס העלפען? דאָס גאַנצע לעבען אַרומצוגעהן און וויסען אַלץ!

ערשט ווען עס איז טאָג געוואָרען און די שטאָרע האָט שוין מעהר נישט געקאָנט מיט דער ליכטיגקייט קעמפּפען, האָבען זיך זיינע אויגען שווער פערמאַכט, ער איז אַזוי ווי געשטאָרבען, אין אַ שלאָף פערזונקען, און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נישט פריהער, ווי מען האָט אין זיין טהיר אָנגעקלאַפּט.

פרעדריק אילען איז צו איהם אַריינגעקומען.

— שוין צעהן דער זייגער, — האָט ער געזאָגט, — נאָר איהר זענט מסתמא היינט פריי פון דער אַרבייט?

— שוין צעהן דער זייגער? ניין, איך בין נישט פריי.

גאַבראָ איז אויפגעשפּרונגען.

— איך בין ענטזאָגט פון דער „ציימונג“ דעריבער בין איך אין דער היים.

— יאָ, איך וויים.

— יאָ, אַזוי שטעלען זיך טיילמאָל צונויף די אומשטענדען... בעסער וואָלט איך שוין דעמאָלט איער עצה געפאָלגט און זיך

וואָס ווייטער געהאַלטען פון אָט דעם, נאָר...

— יאָ, יאָ, נאָר...

— איצט איז דערין קיין צווייפעל נישטאָ.

פויזע.

— איהר זענט אָנגעקליידט, איהר זענט מסתּמא היינט אויפגעשטאַנען צו פריה און דערנאָך האָט זיך אייך פערוואָלט נאָך א ביסעל א דרעמעל טהון? — זאָגט אילען.

— יאָ, גאַנץ ריכטיג.

— אָ, מיט מיר פלעגט זיך אויך אַזוי טרעפען. וואָס האָב איך עס אייך געוואָלט זאָגען? איהר האָט אַרויסגעגעבען א בראָשורע, אין דער „ציימונג" צווישען איבעריגען היינט ווידער דאָ וועגען אייך.

— ווירקליך?

און וועהרענד גאַיברא האָט זיך אַרומגעוואַשען, איז אילען נאָך דער ציימונג געגאַנגען. דאָס איז אייגענטליך געווען די זעלבע נאָטיץ, ווי דאָס פאָריגע מאָל, נאָר נאָך שאַרפער די בעשילדיגונג אין אונרייניגעם געוויסען איז געווען שטאַרקער אונטערגעשטריכען, זי האָט בעקומען א בעשטימטע פאָרם. עס האָט זיך שוין גערעדט וועגען קלאַגען, אַלע האָבען שוין געוואוסט וועגען דעם. אין דער דאָזיגער ווידערהאָלונג, אין דעם דאָזיגען נישט וועלען די זאַך אָפּלאָזען, נאָר ווידערהאָלען עס איין טאָג נאָכ'ן אַנדערן אַלץ אין א שאַרפערער פאָרם, האָט מען געקאָנט דערקענען. גאַיבראָ האָט איבערגעלייענט די נאָטיץ מיט אינטערעס, און ווען ער האָט גערעדט האָט ער קיין וואָרט נישט געזאָגט.

— וואָס זאָגט איהר דערויף, וואָס פאַר א מיינונג האָט איהר?

— מען דערצעהלט, — האָט גאַיבראָ געענטפערט, — זעגען אקטיאָנ'ען, אַז איין מאָל אויף דער יאַגד האָט ער אַרטעמירען מיט איהרע נימפען אונערוואַרטעט געטראָפען אין א באַד. אַלס שטראָף פאַר דעם דאָזיגען נישט בכיוונ'דיגען פעהלער האָט אַרטעמירע פערוואַנדעלט אקטעאָנ'ען אין א הירש, און זיינע אייגענע יאַגד-הינד האָבען איהם אויף שטיקער צעריסען.

דאס זעלבע איז מיט מיר. איך האב לונגע'ן געחאפט אונטערווארטעט אין זיין סטיחיע און האב אנגעשריבען א בראשורע, און מיין אייגענע בראשורע פערניכטעט מיך דורך לונגע'ן. אח, קעגען דעם איז דאך גאר נישטא וואס צו מאכען.

— יא, קעגען דעם איז גאר נישטא וואס צו מאכען . .

אז אילען איז ארויס, האט זיך גאבריעל עטליכע מאל א קלאפ געטהון אין שטערן, ארומשפרייזענדיג אין צימער הין און צוריק. יעדעס מאל, ווען ער איז צו דער טהיר צוגעגאנגען, איז ער אויף א סעקונדע שטעהן געבליבען און זיך צו די טריט צוגעהערט, נאר גארנישט געהערט. שארלאטע איז אפשר גאר אין דערהיים נישט געווען, זי האט שוין געקאנט האבען אוועקגעגאנגען. ער האט די הענד געבראכען און זי שטילערהייד געבעטען צו קומען, און אליין איז ער אלץ געגאנגען און געגאנגען. און די „ציימונג" האט זיך ווידער גענומען צו איהם, זי האט חוצפה'דיג וועגען זיין געוויסען גערעדט, ווי זי וואלט זיין יעדען פלעק געקענט.

דא, אויפ'ן טיש איז דאס געלד געלעגען, ער האט נאר געדארפט אין איינציגע מינוט אין באנק אריינלויפען און אויסלעזען דעם דאקומענט, אין פערלויף פון איין האלבער שעה וואלט אלץ אין ארדנונג געווען, די עהרע וואלט געווען גערעטעט, און די אנצוהערענישען פון דער „ציימונג" וואלטען אויף אייביג געמוזט אויפהערען.

נו, און וואס ווייטער? און שארלאטע, דאס דאזיגע זינדיגע, שענע קינד! פלוצלונג לויפט ער צו צו'ם טיש, חאפט דאס געלד און לעגט עס שנעל איין. דאן נעהמט ער ארויס א קאנווערט און לעגט אין איהם די פאפירלעך, און אין זעלבען קאנווערט לעגט ער אריין א צעטעל, וואו ער האט אנגעשריבען: „פערצייה, א דאנק פאר אלץ, טייערע". דאן אדרעסירט ער דעם דאזיגען קאנווערט אויף שארלאטע'ס נאמען און פערברענט זיין גאנצע איבעריגע קארעספאנדענץ. דער טיש איז אבגערייניגט, אלץ איז אין ארדנונג. דאס געלד פאר שארלאטע'ן ליגט

אויף דער ערד, אויפ'ן הינקעלען טעפיך, אז מען זאל עס גלייך אופהויבען.

ער איילט אוועקצוגעהן פון צימער און געהט אונבעמערקט ארויס אויפ'ן גאס. ער ווארפט א בליק אויפ'ן צווייטען עטאזש און זעהט שא־לאטע'ס געזיכט. זי טרעט פאמעלעך אב צוריק. ער נעהמט זיך פאר'ן הוט און בעגריסט, זיין דונקעל געזיכט פערציהט זיך קראמפפהאפט, ער שמייכעלט. זי ענטפערט איהם פון אויבען מיט א שאקעל מיט'ן קאפ, און אזוי ווי ער שטעהט ווייטער און קוקט ארויף, רוקט זי דאס פארהאנגעל אב אן א זייט און געהט צו סאמע צום פענסטער. דאן בעגריסט ער זי נאך א מאל.

אין א האלבע שטונדע ארום האט זיך גאיבראַ דער פאליציי אבגעגעבען.

---

# XVIII.

שוין אין צוויי וואכען ארום האט די „ציימונג*" — וואס ווייס שטענדיג די ערשטע אלע נייעסען — געקאנט מיטטיילען אין א נומער, מיטפיהלענדער נאטיץ, אז פרעדריק אילען, דער הויכגעשעצטער מיטארבייטער פון דער „ציימונג", איז אוועק אין אמעריקא, מיט איהם איז מיטגעפאהרען זיין שוועסטער, פריילין שארלאטע אילען, וואס איז גוט בעקאנט אין די ספארט־קרייזען. מיר ווינשען זיי גליק אין נייען לאנד! ווי עס געהט א קלאנג, האט הערר אילען געפיהרט אונטערהאנדלונגען וועגען א פאסטען פון א פראפעסער אין איינעם פון די אמעריקאנישע אוניווערזיטעטען, און די „ציימונג" גראטולירט אמעריקא, וואס זי האט אזוי וואויל אויסגעוועהלט.

אויף אזא אופן האט לונגע ארויסגעוויזען אילען'ען זיין גוטהערציגקייט ביז צו'ם סוף. ער האט אליין געלאכט פון די דאזיגע „קלאנגען וועגען א פאסטען פון א פראפעסאר", וואס ער האט אליין בעשאפען, אויסגעטראכט אויפ'ן ארט, ווען ער האט די נאטיץ געשריבען, דעם דאזיגען שפאס זיינעם האט ער גע־

שרייבען אין א איינפאכער נאאיווער פארם, אהן א שום שטעכווערטעל, און נאר ער אליין איז געזעסען און געשמייכעלט פאר זיך. זיין שטיפערישע נאטור האט זיך אזוי אפט ארויסגעוויזען און האט איהם פרעהליכער געמאכט נישט איין לאנגווייליגע שטונדע.

איבריגענס האט ער נישט אינגאנצען פערגעסען אויך די ערנסטע אנגעלעגענהייטען. די וואהלען אין סטארטינג זענען געווען אין כאמע רעכטען ברען, לונגע האט אין פערלויף פון עטליכע וואכען געפיהרט א קאמפף מיט זיינע וואהל־ארטיקלען, ער האט פערטיידיגט דעם ריינסטען שטאנדפונקט פון די לינקע מיט אזא ענטשלאסענהייט, אז אפילו דעם „נארוועגער" האט ער אויפ'ן צווייטען פלאן אבגערוקט. ענדרע באנדעסען האט איהם געהאלפען. דער יונגער ראדיקאל, וואס האט אייגענטליך אנגעהויבען אלס פאעט, פלעגט איהם פון צייט צו צייט ברענגען גאר וואילע ארטיקלען וועגען די וואהלען, פול מיט אויפריכטיגען געפיהל און קראפט. לונגע איז זעהר דאנקבאר געווען פאר די דאזיגען הילף, אליין האט ער שוין נישט געהאט אזא טאפפערע פעדער ווי אמאל, און הילף איז איהם זעהר נייטיג געווען. זיין אלטע געשיקטהייט איז פערשוואונדען, זיינע קלעפ זענען אלץ מעהר און מעהר עהנליך געווארען צו די קלעפ פון „נארוועגער", וואס קיין מענש האט דורך זיי זיין גלייכגעוויכט נישט פערלארען. פון וואנען האט זיך דאס גענומען? צי דען איז ער נישט ווי פריהער געווען אונערשיטערליך איבערצייגט אין דער גערעכטיגקייט פון זיין ארבייט? אדער אפשר האט ער זיך שוין צופיעל געשוינט, פויל געווארען? דאס אין קיין פאל נישט; פערקעהרט, לונגע האט געארבייט פלייסיגער ווי שטענדיג. טראץ דעם, וואס זיין זשורנאליסטישער טאלענט איז קלענער געווארען, האט ער געארבייט אזוי פלייסיג, ווי ער וואלט קיינמאל אין לעבען קיין אנדער זאך נישט געטראכט און נישט געפיהלט אויסער דעם, אז די לינקע מוזען זיצען דוקא ביי די וואהלען.

קיינער האט איהם נישט געקאנט פארווארפען, אז איהם פעהלט גלויבען אין זיין כלל־ארבייט און א ווילען איהם צו פערטיידיגען; יעדען טאג האט די „צייטונג" געדרוקט א לייט־ארטיקעל

וועגען די וואהלען. נאָר דער פאַבריקאַנט בערגעלאַנד אליין איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין פינסטערען חשד און גערעדט:

— אויב לונגע וועט שרייבען ווי דער היציגסטער לינקער צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד, ניט צוריק טרעטענדיג קיין איין טריט, בין איך דאָך ניט זיכער, צי האָט ער ניט דערביי עפּעס אַ זייטיגען מיין.

נאָר בערגעלאַנד — טראָץ די אַלע מעלות, וואָס דער דאָזיגער מענש האָט געהאַט — איז געוועזען איינער פון די סאַמע שטומפּיגסטע קעפּ אין לאַנד, אַזוי שטומפּיג, אַז ס'איז נאָר צו'ם לאַכען. ווי אָפט האָט ער דאָס מויל געעפענט און געקוקט אויף לונגע'ן, ווען דער דאָזיגער אויסגעצייכענטער רעדאַקטאָר האָט גראַציעז אַרומגעטאַנצט אויף די שפּיץ פינגער צווישען די גרעסטע שוועריגקייטען און אָבגעטהון די לוסטיגסטע פאָקוסען מיט יעדער פראַזע. בערגעלאַנד האָט איהם ניט געקאָנט נאָכגעהן, זיין קאָפּ איז צו שטומפּיג געוועזען, און ער האָט נאָר ווידערהאָלט זיין פינסטערע פראַגע וועגען די צעהן יאָהר אין דעם זייטיגען מיין, וואָס אגב האָט ער אין איהר, צו'ם בעראָווערן, אַלץ ווייניגער און ווייניגער געגלויבט.

לונגע האָט, אין אמת'ען, געוואוסט, אַז זיינע פּאָליטישע שווינדלען זענען ניט געווען ערנסט געפּלאַנט, ער איז אויך געוועזען אַזאַ נאַרוועגער ליבעראַל ווי יעדער אַנדערער, ווען דאָס איז נויטיג געוועזען. אמת ער האָט זיך אַ מאָל איינגעעקשנ'ט, נאָר ער האָט אַליין געפיהלט, אַז דאָס דאַרף ער ניט טהון, און ניט זעלטען, ווען ער פלעגט זיין מיט זיך אַליין, פלעגט ער אָנהויבען פיהלען אַ ביטערע חרטה אויף זיינע שפּיצלען, ווי באַלד נאָר זיי האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר אונעלונגענע. ווי אויב זיי וועלען סוף כל סוף פון איהם אָבנעהמען יעדען איינפלוס? ס'האָט שוין געפעהלט נאָר איין האָר, אַז מען זאָל איהם פון אומעטום אויסשליסען, און לונגע האָט דאָך ניט געוואָלט פון אומעטום אויסגעשלאָסען ווערען. ער האָט נאָך געפיהלט אין זיך גרויסע קרעפטען, געקאָנט אויפטהון מעהר ווי עמיץ אַנדערש; צי דען האָט זיין שאַרפזין איצט ניט געפאָדערט אַ נייע.

טריאומף אין גאַיבראַ'ס געשיכטע? לונגע האָט אין זיין בלוט געפֿיהלט, אַז גאַיבראַ איז אין דער געזעלשאַפֿט געווען אַזאַ פֿערזענליכקייט, וואָס איז צייטיג געהאָרען, אַז איהרע סודות זאָלען ענטדעקט ווערען, און ס'איז גענוג געווען, ער זאָל נאָר אַ שטאָך טהון בלינד מיט דער נאָדעל, וואו עס וועט זיך לאָזען, און יענער האָט זיך שוין אונטערגעגעבען.

גלייכצייטיג האָט ער געקאָנט איבערראַשען דאָס לאַנד מיט אָבדרוקען די רשימה פֿון די נייע געשוואָרענע ריכטער נאָך אַ לאַנגע צייט איידער די בעשטימונגען זענען בעשטעטיגט געוואָרען. די דאָזיגע מיטטיילונג האָט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק, מענשען האָבען נאָך אַ מאָל איינגעזעהן, אַז אויב אַפֿילו מען קאָן לונגען עפּעס פֿאָרוואַרפֿען פֿאַר דאָס אָדער יענץ, דאָך האָט ער צו זיך קיין גלייכען נישט, און לונגע האָט מיט שמחה די הענד געריבען בשעת די דאָזיגע נייע נצחונות, די דאָזיגע מיטטיילונגען האָבען געהאַט פֿאַר איהם זייער אַנציהענדע זייט, זיי האָבען אָנגעפֿילט זיין פֿאַנטאַזיע מיט נייע פּלענער, מיט נייע איבערראַשונגען, און פֿון איהם האָט מען דאָס געוואָלט דעם איינפֿלוס אָבנעהמען? קיינמאָל! קיינמאָל!

— אריין!

אַ שליח פֿון דעם הויפּט־שטאַב פֿון די לינקע, אַ בריעף מען בעט אַ ענטפֿער.

לונגע האָט דורך דעם בריעף און ענטפֿערט גלייך. דער פֿעראיין פֿון די לינקע וויל אָבדרוקען עטליכע פֿון זיינע וואַהל־אַרטיקלען אין אַ בעזונדער בראָשורע, זיי פֿערשפּרייטען אין צעהנדליגער טויזענדער עקזעמפּליאַרען אין גאַנצען לאַנד. ביטע! נאַטירליך, ער גיעט מיט שמחה אַ ערלויבניש דערויף, די אַרטיקלען קאָן מען נעהמען אָהן אַ שום האָנאָראַר, אָהן אַ שום בעלוינונג צו'ם נוצען פֿון פֿאָטערלאַנד.

ער האָט דעם שליח געגעבען אַ קראָנע; דאָס איז געווען אַ יונגער שליח, אַ בחור מיט בלויע אויגען, וואָס האָט וואַהרשיינליך ביז היינט נאָך נישט געזעהן דעם רעדאַקטאָר לונגע אויף זיין רעדאַקטאָר־שטוהל.

— נאָ! קויף דיר אַ בוך מיט בילדער.

און געריהרט פון בחור'ס דאַנקבאַרקייט שפּרינגט לונגע אויף און זוכט אויף צווישען זיינע בערג פּאַפּיערען עטליכע אילוסטרירטע צייטונגען און זשורנאַלען, און גיעט זיי איהם אויך אַוועק.

דער דאַזיגער בריעף פון דעם פערטאיין פון די לינקע האָט געהאַט פאַר איהם אַ גרויסע בעדייטונג. גראָד איצט און האָט איהם אַ גרויסע שמחה פערשאַפט. זיין ענערגישע וואהל-אַרבייט האָט מען געשעצט, אָנערקענט פאַר נוצליך. דער פעראיין פון די לינקע וואָלט נישט אַרויסגעגעבען אַרטיקלען פון דער „צייטונג" אין אַ בעזונדער בראָשורע, ווען זיי וואָלטען דאָס נישט פערדיענט. איצט האָט ער געוואָלט אָנשרייבען נאָך איין אַרטיקעל, ספּעציעל פאַר דער דאָזיגער בראָשורע, דאָס האָט ער נאָך געוואָלט היינט אויספיהרען, דאָס טעמאַ איז שוין גרייט, זי בעשטעהט פון איין אויסדריק, וואָס איז אויסגעשפּראָכען געוואָרען אין שוועדישען ריקסדאַג.

פּלוצלונג שטעקט לעפּאָרעלאָ דעם קאָפּ אין טהיר אַריין.

געווים, ווען ער האָט גאָר עפּעס אַ נויטיגע אַרבייט, קומט אָן לעפּאָרעלאָ. לונגע האָט שוין נישט געדאַרפט לעפּאָרעלאָ'ן אַזוי נויטיג האָבען, ער האָט זיך שוין נישט געשאַפט מיט איהם אַזוי אָפט ווי אַמאָל, דערצו נאָך האָט ער אין געהיים חושד געווען, אַז לעפּאָרעלאָ רעדט צו פיעל, און פון איהם האָט דאָס גאַיבראָ בעקומען געהיימע ידיעות פאַר זיין בראָשורע. דער דאָזיגער געדאַנק האָט לונגען אויפגעבראַכט; צי דען האָט ער פערדיענט, מען זאָל צו איהם אַזוי אונגעטריי זיין? ער ה[illegible] איין מאָל אויף דער גאַס בעגעגענט אַ פרוי, און זיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו הייסען לעפּאָרעלאָ'ן אויספאָרשען ידיעות וועגען דער דאָזיגער פרוי, נאָר צום גליק האָט ער זיך געכאַפּט צו דער צייט און נאָר געזאָגט אַ פּאָר אונבעשטימטע ווערטער. ער האָט לעפּאָרעלאָ'ן קיין אינסטרוקציע נישט געגעבען, ער איז דאָך שוין נישט קיין יונגער בחור, ער איז שוין אַלט פיערציג יאָהר און ביי אַזעלכע יאָהרען שפּאַסט מען שוין נישט; זיין היץ איז אויסגעגאַנגען און, דאָס קיין ביסעל היציגקייט, וואָס איז איהם נאָך

געבליבען, האט ער געמוזט האבען פאר דער צייטונג. נײן, אין דער לעצטער צייט האט ער אויף אנ׳אמת אנגעהויבען אין אווענד עפטער אין דער היים צו זיין, ער פלעגט לייענען כתבי־יד׳ען, געמאכט איף זיי קעפלעך, אונטערגעשטריכען די נויטיגע ווערטער און נישט זעלטען געארבייט אויף קליינע באטיצען און בעמערקונגען, אין דער פריה האט ער איינגעזעהן די וואוילע רעזולטאטען פון דער ארבייט.

— די דאמע, וואס איהר האט אנומלט גערעדט וועגען איהר, הייסט מאדאם אלסען, — זאגט לעפארעלא.

לונגע רייסט אב דעם בליק פון זיין טיש.

— מיין ליעבער, זאל זי הייסען מאדאם אלסען, וויפיעל זי וויל נאר אליין. — ענטפערט ער, — איך בין שוין נישט אזוי נייגיעריג. מיר איז פשוט איינגעפאלען אייך צו פרעגען, צי איהר קענט זי.

גאר לעפארעלא, וואס קען אויך זיין רעדאקטאר און ווייס ווי מען דארף איהם צושטעלען ידיעות, ענטפערט שנעל:

— געוויס. נאר צי דען איז עס נישט אינטערעסאנט: איהר מאן איז א קליינער סוחר אין פיערדינגען, ער איז דער פאקטאר פון אלע צעלאזענע מערלעך, וואס געפינען זיך אין פיערדינגען, און איהר ווייסט, ווי מען רופט איהם? די דאזיגע פרעהליכע מערלעך האבען איהם א נאמען געגעבען: דער פיערדינגענער פירשט, חא־חא־חא!

לונגע האט א שמייכעל געטהון אביסעל געצוואונגען; איהם האט זיך היינט שטארק געגלוסט פטור צו ווערען פון לעפארעלא. גאר לעפארעלא איז געווען, פערקעהרט ווי געוועהנליך, זעהר רעדעוודיג און געפרעגט:

— וואס איז דאס פאר א נייער מענש, וואס איהר האט בעקומען פאר דער רעדאקציע?

דאס איז געווען דער נייער פאעט, דאס זשעניע פון דער טארדענשאלד־גאס. לונגע האט איהם צו זיך גענומען און איהם געהאלפען זיך איף די פיס שטעלען.

ער איז געווען פעראינטערעסירט, אז דאס דאזיגע טא-

לענט זאל בעקאנט ווערען, און זעלטען אז עמיץ איז געוועזען אין זיין רעדאקציע, ער זאל איהם נישט זאגען, ווען יענער איז ארויסגעגאנגען:

— טהוט נאר א קוק אויף איהם ארויסגעהענדיג, דאס וועט זיין א נייער נארוועגישער פאעט, אינבעדינגט.

און ער האט לעפארעלא'ן אויך געענטפערט ווי אלעמען:

— דאס איז דער נייער פאעט. טהוט א קוק אויף איהם ארויסגעהענדיג.

גלייכצייטיג האט ער מיט'ן קאפ אויף די טהיר אנגעוויזען.

נאר לעפארעלא האט אויף די דאזיגע בעוועגונג קיין אכט נישט געלעגט און איז נישט אוועק. פון אלטער געוואוהנהייט האט ער לונגען געוואלט מיטטהיילען, וואס ער האט געהערט אויף די גאסען און אין פערשידענע קאפעען! די שטאדט האט ווידער גערעדט וועגען דער "צייטונג", זי איז ווידער מעהר געפעלען דעם פובליקום, די ארטיקלען וועגען די וואהלען, די ארטיקלען וועגען בויען אייזענבאהנען, די טעלעגראמען וועגען דעם מארד אין האקעסטאד און וועגען דער פאל-עקספעדיציע פון טווערדע סטראנד, אלץ איז געווען אויסגעצייכענט. פאר אלעמען איז עפעס געווען, דער גוטהארציגער פארשלאג פון דער "צייטונג", אז מען זאל בעשטימען פרויען פאר שטאטס-רעוויזארען, האט ארויסגערופען אמת'ע פריידע-אויסשרייען אין לאגער פון "ביהנשטאק", ענדליך האבען אויפגעהערט אויף אייביג די געשפרעכען, אז די פרויען קאנען נישט זיין אויך אזוי ווי די מענער, אפילו אזא מעכטיגער ארגאן ווי די "צייטונג" איז ארויס מיט א פארשלאג, מען זאל אויסוועהלען פרויען פאר שטאטס-רעוויזארען.

לונגע איז לעבעדיגער געווארען, אז ער האט אזעלכע ידיעות דערהערט; ער האט זיך דערפיהלט שטארק בעפרידיגט, א רוהיגע צופרידענהייט האט איהם בעהערשט, און אזוי ווי ער האט פערשטאנען, אז לעפארעלא וועט שוין מסתמא נישט אוועקגעהן, ביז ער וועט נישט בעקומען א קראנע אדער צוויי אויף מיטאג, האט ער איהם דערלאנגט א בלוי פאפירעל מיט א גוטמיטיגען משיכעל און צו איהם א שאקעל געטהון מיט'ן קאפ.

אפילו נאָך לעפּאָרעלאָ'ס אוועקגעהן האָט די גוטע שטימונג
לונגע'ן נישט פֿערלאָזען, ער איז ווייטער געזעסען, אַנגעשפּאַרט
אויפֿן פּאָרענין פֿון שטוהל, די אויגען אַנגעשטעלט אויף זיין
קליינע פּאַ־יצע מיט די ווערטער־ביכער.

יאָ, די „ציימונג" איז ווידער געשוואומען מיט איהר
גאַנצער קראַפֿט, די אַבאָנענטען זענען צוריק געקומען, און פֿאַר־
וואָס זאָל דען דאָס פּובליקום נאַריש זיין? ווער עס קאָן נאָר
לייענען מוז דאָך מודה זיין, אַז זיין ציימונג איז די איינציגע צייַ־
טונג אין לאַנד. זי איז שוין נישט געווען אַזוי היציג ווי אַ מאָל—
ניין, נאָר אויב אַזוי האָט זי דאָך נאָך איין מעלה, איצט קאָן מען
זי לייענען אין יעדען הויז, אַלע יונגע דאַמען קאָנען זי לייענען.
לונגע האָט זיך ווידער געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז
דער טאָן פֿון דער פּרעסע מוז פֿערבעסערט ווערען, דאָס האָט
ער געטהון אין נאָמען פֿון אייַדעלקייט. צו וואָס זאָל מען גראָב
זידלען די געגנער? ער שטעלט זיך מיט דער גאַנצער קראַפֿט
פֿון זיין שנאה געגען דער דאָזיגער מיאוסער מדה, און אַזוי ווי
ביז איצט אַזוי וועט ער אויך ווייטער טהון זיין זאַך, צו הויבען
און ענטוויקלען די פּרעסע.

גלייכצייטיג האָט ער אין פֿערלויף פֿון גאַנצען פֿריהלינג אין
זיין ציימונג ענטוויקעלט איין פּראַכטפֿולע אידעע נאָך דער אַנ־
דערער. נאָך האָט דער שנעע נישט בעוויזען צו צעגעהן, האָט
ער שוין ווידער אָנגעהויבען דרוקען זיינע אַרטיקלען וועגען
כּפּאָרט, און דערצו נאָך האָט ער אַנאָנסירט, אַז עס הויבט אָן
צו ערשיינען אַ פּעריאָדישער ספּאָרט־אָרגאַן אויף אַ גאַנץ יאָהר,
ווינטער אויך, ווען דער ספּאָרט בעשטעהט אין גליטשען זיך.
אין אַלע געביעטען האָט ער זיין לאַנגע פֿערפֿעסטיגט, אַרונטער־
גענומען אונטער זיין איינפֿלוס איין פּינקט נאָכ'ן אַנדערן און האָט
מיט זיין חוש ווידער דערשמעקט אַלץ, וואָס אין שטאָדט טהוט
זיך, דער דאָזיגער פּאָרשלאַג וועגען פֿרויען אַלס שטאָטס־רעווי־
זאָרען איז ווירקליך געווען אַ געלונגענער איינפֿאַל פֿון זיין זייט,
און נאָך איהם האָבען געפֿאָלגט אַנדערע איעלכע קלוגע איינ־
פֿאַלען. ער וואָלט איינגעפֿיהרט שטייערן אויף שטעקענס, יעדער

מאנספערשוין, וואס איז דורך א פיזישער קראנקהייט נישט גע-
צוואונגען א שטעקען צו טראגען, מוז צאהלען א בעשטימטע
סומע געלד אין יאהר, כדי צו האבען דאס רעכט א שטעקען צו
טראגען. ער וואלט איינגעארדענט א טאמבאלא אויף יעדען פאַ-
סאזשיר-שיף אויפ'ן ים און אין די פיארדען. אין רייזע-סעזאן ווענט
דאס פאר פיעל טוריסטען זיין א אנגענעהמע צייט-פערוויילונג זיך
צו שפיעלען אין טאמבאלא. די הכנסות דערפון וואלטען געקאנט
זיין לטובת דעם „טוריסטען-פעראיין", וואס וועט זיי אויסניצען
אויף רעקלאמען. ער וואלט אויך פארקויפט געמאכט אויף די
בילדער, וואס אויף די נארוועגישע שפיעל-קארטען, צו דען קאן
מען בענוצען אזעלכע בילדער ביי'ם שפיעלען אין וויסט? פארוואס
זאל מען בעסער נישט אבדרוקען קיין קארטען מיט די בילדער
פון די בעריהמטסטע מענער און פרויען אין לאנד, פון די גרעסטע
מאלער, פאליטיקער, פאעטען? קורץ, נאציאנאלע קארטען,
איינגעגארטינע, פאטריאטישע קארטען מיט ליעבע געזיכטער אויף
זיי. די „ציימונג" וואלט מיט פערגניגען געעפענט א וואהל-קאמ-
פאניע, וואס אין איהר זאל זיך דאס גאנצע לאנד בעטייליגען,
און די וואס וועלען בעקומען די גרעסטע צאהל שטימען, וועלען
אויסגעוועהלט ווערען פאר קעניגען, דאמען און אונטערס. אין א
וואך ארום האט לונגע פערלאנגט, מען זאל פערגרעסערען די
שטראפען אין געזעץ וועגען צער בעלי-חיים. זומער, ווען די
שטאדט-לייט פאהרען ארוים אויף זומער-וואהנונגען, לאזען זיי
איבער זייערע קעץ אין שטאדט, טרייבען זיי ארוים אויפ'ן גאס
פער־ליעסען פאר זיי די מהירען און לאזען זיי אויסגעהן פון
הונגער, דאס איז שרעקליך. צו דען דארף מען נישט א סוף מאכען
דערצו?

ווירקליך, עס איז נישט געוועזן אזא ענגער שפאלט, וואו
לונגע זאל זיך נישט קאנען אריינשטופען און נישט ארויסשלעפען
פון דארטען עפעס א אינטערעסאנטע אידעע. און אז מען זאל צו
דעם אלעם נאך צוגעבען די אלע מא־ער און פלוידערער, וואס
האבען אין דער „ציימונג" געשריבען אויף זייער איינגענארטיגען
שארגאן, אזוי איז עס כמעט קיין וואונדער נישט געוועזן, וואס

די „צייטונג“ האָט מען איבעראַל געליִיענט מיט פערגניגען.

— אריין!

ס'איז אַריינגעקומען ענדרע באַנדערסען, ער האָט געבראַכט אַ מאַנוסקריפּט, גלייכצייטיג וואָלט ער וועלען אויפמערקזאַם מאַכען דעם הערן רעדאַקטאָר אויף איין טעות: נישט שאַרלאָטע אילען איז מיטגעפאָהרען מיט איהר ברודער אין אַמעריקע, נאָר סאָפיע, איהר שוועסטער.

— איהר ווייסט עס זיכער? — פרעגט לונגע.

— גאַנץ זיכער. איך האָב היינט שאַרלאָטע'ן אין גאַס געזעהן. איך האָב אויך געהערט, אַז צוערשט האָט שאַרלאָטע געוואָלט מיטפאָהרען, נאָר צוליעב אַ געוויסער סיבה איז זי געבליעבען.

— צוליעב וואָס פאַר אַ סיבה?

— איך ווייס נישט גענוי, מען זאָגט, אַז דאָס האָט אַ שייכות צו גאַיבראַ'ן, לעאָ גאַיבראַ, איך ווייס נישט.

לונגע האָט נעקלערט, ער האָט נישט ליעב געהאַט צו פערריכטען אַ טעות, דאָס איז געוועזען זיין פּרינציפּ. וואָס אין דער „צייטונג“ איז געווען, איז עס אַזוי פערבליעבען, נאָר אַז באַנדערסען איז אוועק האָט זיך לונגע אויסגעדרעהט דערמיט, וואָס ער האָט פּשוט צוגעשריבען נאָך אַ נאָטיץ: פרייליין שאַרלאָטע אילען, וואָס האָט בעגלייט איהר ברודער און שוועסטער אַ טייל וועג, ווי מיר האָבען שוין מיטגעטיילט, איז צוריקגעקומען.

און ווידער האָט מען איהם איבערגעשלאָגען. ווען ער האָט נאָר־וואָס געוואָלט אָנהויבען איין וואָהל־אַרטיקעל וועגען דער שוועדישער רעדע. דער בעאַמטער קאָנגסוואָל האָט זיין מאָגער, אויסגעדיינט געזיכט אין טהיר אַריינגעשטעקט.

לונגע האָט פערוואונדערט אַ קוק געטהון אויף איהם.

קאָנגסוואָל פערנייגט זיך. ביז הער פלעגט ער שטענדיג זיין איינגעהאַלטען, כמעט שטאָלץ, איצט שמייכעלט ער זעהר אונטערטעניגסט, דערלאַנגט לונגען די האַנד און פיהרט זיך אויף בכלל ווי אַ מענש, וואָס וויל זיך צוחנפה'נען.

און דעם דאָזיגען אָרעמען בעאַמטען האָט דאָך נאָר בעאונ־

רוהיגט, וואָס דער שעף פון זיין דעפּאַרטאַמענט האָט בעקומע ידיעות. אַז ער האָט זיך בעטייליגט אין פערעפענטליכען די בעריהמטע בעשטימונגען פון די געשוואָרענע ריכטער און איצט האָט ער איהם כמעט געגעבען אָנצוהערעניש, ער זאָל זיך אָפּ־טראָגען פון דעפּאַרטאַמענט.

לונגע האָט די דאָזיגע גאַנץ פּריוואַטע אַנגעלעגענהייט אויס־געהערט זעהר געדולדיג.

— נאָר פון וואַנען, צו׳ם טייוועל, האָט זיך עס געקאָנט געהמען דער חשד, אַז דו האָסט עס מיר צוגעשטעלט די ידיעות? — זאָגט ער. — עס איז דאָך זיכער נישט אונזער שולד?

— ניין, איך פערשטעה דאָס נישט, — ענטפערט קאָנגסוואָל.

און ער בויגט דעם קאָפּ אונטערטעניגסט און פערוועה־טאָגט און זאָגט נאָך אַ מאָל, אַז ער פערשטעהט עס נישט.

— ביזט געווים געוועזען אונפּאַרזיכטיג. דאָס ברענגט שטענ־דיג צו שלעכטע רעזולטאַטען.

ער — אונפּאַרזיכטיג! ניין, ניין, ער איז נישט געוועזען אונ־פּאַרזיכטיג, נאָר ס׳איז אַ פאַקט, אַז ער, נאָר ער אַליין, האָט די בעשטימונגען אין האַנד געהאַט זיי אָבצושיקען, זיי אין אַ קאָנ־ווערט אריינצולעגען.

— ע — ע, דאָס איז אַ מיאוסע געשיכטע.

— יאָ.

נאָר אפשר איז דאָס גאָר נישט אַזוי געפעהרליך.

קאָנגסוואָל איז זיכער אין זיינע רעד, מען האָט קלאָר גע־געבען אָנצוהערען, ער זאָל זיך זוכען אַנדערע בעשעפטיגונגען.

לונגע דרעהט זיך אום צו זיין טיש. אַלענפאַלס קאָן ער גאָר נישט העלפען. ליידער.

— דאָס איז זעהר שלעכט, — זאָגט ער.

פויזע.

— יאָ, איך ווייס נישט, וואָס מיר זאָלען טהון, — זאָגט קאָנגסוואָל שטיל און פאַרזיכטיג, כאַפּענדיג דעם רופק.

דעריוף ענטפערט לונגע גאָרנישט.

— איך ווייס גאָרנישט, איך וויל דאָס דיך פֿרעגען.

— וואָס?

— וואָס מיר זאָלען טהון, וואָס דאַרף איך אָנהויבען?

— ניין, נאַטירליך מוזטו דיר אַליין בעשטימען, ווי דו דאַרפֿסט זיך אויפֿפֿיהרען אין אַזאַ זאַך, פֿאַר מיר טויג נישט דיר צו ראַטען עפּעס.

די דאָזיגע ווערטער האָבען קאָנגסוואָל'ן געצוואונגען אַראָבּצולאָזען דעם קאָפּ נאָך ניעדריגער, ער האָט הילפֿלאָז אויף דער ערד געקוקט.

— אויב איך וועל ערשט אָנהויבען זוכען עפּעס אַנדערש וועל איך נאַטירליך נישט געפֿינען, — זאָגט ער. — איך וועל איבער נישט בעקומען קיין גוטע רעקאָמענדאַציע פֿון שטאַטס ראַט.

— יאָ, וואַהרשיינליך איז נישט אַזוי לייכט צו געפֿינען עפּעס אַנדערש.

— איך האָף, אַז דו וועסט מיר העלפֿען עפּעס געפֿינען?

— געוויס, אַזאַ קליינע הילף קאָן איך דיר געבען, נאָר דו ווייסט אַליין, אַז די רעגירונג, וואָס מיר האָבען איצט, לייענט אַפֿילו נישט מיין צייטונג, און מיין הילף וועט דיר געוויס גאַנץ ווייניג נוצען ברענגען.

— יאָ, נאָר אַלענפֿאַלס, טהו וואָס דו קאָנסט.

— ניין, דעם אמת רעדענדיג, רעכען איך, אַז דאָס וועט נאָך פֿאַר דיר זיין אַ רעה, — ענטפֿערט לונגע,

— וויל דאַן וועט פֿאַר אַלעמען קלאָר ווערען, אַז מיר האָבען צוזאַמען געאַרבייט, אויב איך וועל מיך איצט נעהמען דיר אונטערצושטיצען. צי דען פֿערשטעהסטו דאָס נישט?

קאָנגסוואָל פֿערשטעהט דאָס אויך מיט אַ מאָל, ער מוז מסכים זיין מיט לונגע'ן. ער זיצט איינינע מינוט, נאָר רעדט קיין וואָרט נישט, פּלוצלונג חאַפּט זיך אין זיין האַרצען אויף אַ גליהענדע פֿונק: ער וועט געהן צו זיין שעף און וועט איהם אַלץ דערצעהלען, ער וועט בעטען, מען זאָל איהם דאָס מאָל מוחל זיין נאָר מעהר וועט ער שוין קיינמאָל נישט טהון אַזאַ זאַך. ווער

חײַסט, אפשר װעט איהם דער שעף מוחל זײַן.

ער איז שטיל אױפגעשטאנען און געזאגט?

— אױף װידערזעהן!

— אױף װידערזעהן! — האט לונגע געענטפערט.

און ער האט זיך װידער אײַנגעדרעהט צו'ם טיש און אנגעהױבען צו שרײַבען זײַן ארטיקעל װעגען די װאהלען, מען מוז פול מאכען די דאזיגע בעזונדערע בראשורע, די דאזיגע אױסגעצײכענטע רײַהע ארטיקלען, װאס מוזען די לינקע פערשאפען א נצחון בײַ די נארװעגישע װעהלער. מען מוז די פליכט ערפילען און קעמפּפען פאר דער אידעע. מע גבערגעלאנד מורמלען װיפיעל ער װיל װעגען די צעהן יאהרען און דעם זײַטיגען מײַן.

(ענדע).

